


№ 2-3 (5-6)

פעווראל—מארט.



פראָלעטאריער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט זיך!

# שטערן

ליטעראריש-קינסטלערישער און
פּאָליטיש-וויסנשאַפטלעכער
זשורנאַל.

מינסק, מאַרט 1926. ══ צווייטער יאָרגאַנג. ══ 2-3—(5-6)



מ. טייף.

## פונם ציקל «טליעס».

(פון דער לידערזאַמלונג „קעפ“) — מינסקער ליטגרופּע „יונגער אַרבעטער“.



## זודיקע טעג.

די בעסטע זין פון אונדזער שטאָט, די פרי-
פאַרשניטענע פון דער מינסקער קאָמיוגישער ראָטע.

מאַמעס אונדז געבאָרן—קליינינקע, געראָטן,
ניט אַף פערינעס פּוכאָווע—אַף דער מינסקער בלאָטע.

מיר ווייסן ווער מיר זיינען, דאַרף מען אונדז ניט לויבן.
ערגעץ זינגען, ערגעץ שפּילן ווינטן אַף די שטויבן.

האָב איך מיר אַ פערדל, האָב איך מיר אַ „מילקע“
און אַ ביקס, און אַ שווערד, און אַ „בלויע פילקע“ *).

לויפן מיר, פליען מיר—שטייף אַ ביקס אין האַנט,
איך און מיין נאָהאַן—שטענדיק זאַלבענאַנד.

הין און הער, הין און הער ברומען שאַרפע אויטאָס
גייען אופעט שטערנדלעך, גייען אופעט רויטע.

קומט אַהיים, קומט אַהיים-ציטערן די קרעמערלעך—
אָפן גאַס, אָפן גאַס יאַטן פון די קעמערלעך.

ברענט אַ גלאָז צוגליטער, ברענט אַ בלויער רוים—
אונדזער שטאָט אין פייער, אונדזער שטאָט אין רויך.

*) „בלויע פילקע“—אַ האַנטבאָמבע.

אָטאָ באַלד, אָטאָ באַלד, אָטאָ באַלד, קאיאר
מע וועט מיר זעצן אַף אַ פערד, מע וועט מיר זאָגן: פאַר!

ווייטע נאַכט... שיינט אַ נאַכט, ווי אַ זילבער קרעניץ,
טאָג גייט אוף, טאָג גייט אוף, נאָענט איז די גרעניץ.

שטערענדלעך, שטערענדלעך—ווייסינקע טשערעשניעס
מעשענע פאַטראָנען פול אין מיינע קעשענעס.

ערגעץ ווייט, ערגעץ ווייט, לעם אַ שטילן כוטאָר
וועל איך צושיקן אַ בריוו און אַ ליד דער מוטער.

וועל איך אָנשרייבן דער מאַמען: ליבינקע, געטרייע,
ס'האָט דיין מיישקע ליב געקראָגן וויכערן און פייער.

און נאָך עפּעס ליב געקראָגן האָט ער אין דער פרעמד:
גראָינקע בראַטישקעלעך און מיידעלעך פון פעלד.

מיידעלעך ווייסרוסישע, ליבינקע קאַרעלן,
פאַטשערקעס אַף סטענגעלעך, איר זייט מיר געפעלן.

— — — — — — —

לעם אַ טייך, לעם אַ וואַלד, לעם אַ מיל,
טאָג און נאַכט, טאָג און נאַכט זעגענען זיך שטיל.

## פאַרמישפּעטע זינגען,

...און וואָרים וועט בליען אַ זילבערנער בעז,
און וואָרים וועט עמיץ דערמאָנען;
וויגן זיך לידער ווי גאָלדערנע פרענז
אַף אונדזערע זודיקע פאָנען.

אין ווייטע גלעקעלעך האָט אָנגעזאָגט באַגינען,
לעצטע טרייסטן פון אַ הייסער נאַכט.
ווינטן גרויזן, ווינטן שפּילן אַף טשופּרינעס—
זינגען מיר אַ לעצטע ליד דער נאַכט.

זאָל מען שניידן, זאָל מען ברענען שטייפע ברוסטן,
אַז יעדער פלייצע איז אַ זינגענדיקע ביין.
ווען עס שפּעטיקן זיך ברידערישע גרוסן,
בייסן ווינטן אַף די גראַטעס שאַרפע ציין.

אַף הויכע דעכער רוען איצטער ווינטעלעך,
אין פוסטע טרויבן שפילן בלויע פֿייפֿלעך
נאָר באַ אונדז אין ווייטע, ווייטע ווינקעלעך
בייזע פֿייערן אין פויסטן רייפֿן.

מיר האָבן בלוט און פֿלייש אַף פויסטן אָנגעשלאָגן,
און פויסטן וויקן זיך אין פֿייערן פֿון האַרץ.
זאָל כאָטש עמיצער אַ ברעקעלע פֿאַרמאָגן
פֿון דעם וואָס וואַרימט זיך באַ אונדז אין האַרץ.

באַ אונדז אין האַרצן זינגען שטאָלצע דוירעס—
אָט פֿאַרוואָס איז האַרט אף אונדז די הויט;
באַ אונדז אין האַרצן ברענען ליכטיקע מענוירעס—
אָט פֿאַרוואָס מיר זינגען פֿאַרן טויט.

אָט פֿאַרוואָס אַף הויכע, הויכע גראַטעס
זאָל הײנט צאַפּלען, זאָל כאָטש כאָרכלען אונדזער ליד.
אַלע ברידער, אַלע שוועסטער, אַלע טאַטעס
העלפֿט אונדז זינגען און פֿאַרציען אונדזער ליד.

## מארגן פרי ...

מאָרגן פֿרי, אַף פלאַץ אַף ברייטן
וועט מען פֿ י ר ן דריי אין קייטן,

מאָרגן פֿרי אַף פלאַץ אַף ברייטן
וועט זיי ווינט צוּוויגן טויטע.

זון וועט מאָרגן שיינען בלאַסער,
ווייל אַ מאַמע שרייט אין גאַסן:

אָי, מיין קינד, מיין טויב מיין לעצטע,
ס׳וועט דיין טויט מיין האַרץ צוזעצן.

גרינעם וויטיק ווער וועט פילן,
אָי, מיין קינד, מיין טויב מיין שטילע ...

סאַי ווי סאַי איז שוין פֿאַרפֿאַלן,
איז אַ מאַמע טויט געפֿאַלן.

מאָרגן פֿרי אַף פלאַץ, אַף ברייטן
וועט מען האַנדלען באַ די קלייטן ...

## טליעס וויגן זיך.

ווינטל יונגער,
ווינטל שטיפֿט.
שטריק ווי מעסער,
שניידן טיף.
יונגער טאַליען—
שלאַנק און פֿלינק.
שטריק, ווי ווינטן,
זיינען גרינג.

פֿליען שטריק
אַרויף, אַראָפּ,
יעדער שטריק
האָט א קאָפּ.
יעדער שטריק
האָט אַ רונג,
יעדער רונג
האָט א יונג.

קלינגען רונגען
בייז און שטאַרק,
הענגען יונגען
אַף א מארק.

קלינגען רונגען
אויפֿגערעגטע,
בלויע צונגען—
ווינטל לעקט זיי.

קלאַפּט אַ נאַכט
מיט היץ אין שלייפֿן,
ווינטל טויטע
וויגט אין רייפֿן.
פֿליען שטריק
אַרויף, אַראָפּ—
יעדער שטריק
האָט אַ קאָפּ.

ווינטל, יונגער
ווינטל וויגט,
דרייען האָט
קאַיאָר דערשטיקט.
דריי אַף טליעס
לאַנג און דאַר,
פֿאָלק אַף פלאַץ
געבליבן שטאַר.

## דאָר מיין דאָר.

דאָר, מיין דאָר!
עס זינגט אין מיר דיין בלוט,
עס שרייט אין מיר דיין צאָרן.
אַזוי פֿיל קעפּ,
אַזוי פֿיל קעפּ פֿאַרגאַנגען
און וויפֿל, וויפֿל ווערן זיי געבאָרן.

* * *

אָט בין איך, אָט—דיין יינגסטער אייניקל,
און ס׳ברענט אין מיר אַ שייטערל—אַ טרייסט;
דאַרף אונדז קיינער ניט צעשיידן און פֿאַרייניקן,
ווייל יעדער גליד מיינער—דיין בלוט און פֿלייש.

מיט יונגן זילבער ווינקען דיינע האָר,
און ס׳גיסט זיך אָן אין אונדז דיין הייסער אָטעם,
אָט פֿאַרוואָס איך בלי אין דיר, מיין דאָר,
אָט פֿאַרוואָס דו בליסט אין מיר, מיין פֿאָטער.

* * *

דאָר, מיין דאָר,
מיין פֿרייד איז הילכיק היינט,
ווי ס׳קלינגען ווינטן אין באַגינען,
ווי ס׳בליען שטערנדלעך אין זילבערדיקן מאָן
איבער אונדז—
דאָר, מיין דאָר—
מיט זינגעדיקער אויפֿגעשוימטער פֿאָן.

מ. פ. ראַפּאַלסקי.

# כ יי ד ע ר*).

(לויט יידישע קלאַסיקער).

(געשפּילט צום ערשטן מאָל אין דער מעלוכישער יידישער סטודיע פון ווייסרוסלאַנד אין מאָסקווע דעם 15-טן דעקאַבר 1923 יאָר).



## פּ ע ר ז אָ נ ע ן:

רעבע („מאַזעפּע").
הערשעלע דער גרויסער.
הערשעלע דער קליינער.
מוישע-יאָסעניו.
וועלוול דער גראָבער.
טאָפּעלע טוטאַריטו.
בערעלע דער רויטער.
עליע פּאָלקאָוואָדעץ.

*) אונדזערע שטעט, שטעטלעך און דערפער ווערן באוואקסן פון טאָג צו טאָג מיט מאָסאָווע קולטורקעמערלעך—ביבליאָטעקן, דראַמקרייזן, ליטגרופּעס א.א.וו.

דער „שטערן" וויל מיטהעלפן, אַף ווי ווייט ס'איז נאָר מעגלעך, אינם דאָזיקן מאַסאָוון קולטוראופשטייג.

מיט דער אינסצענירונג „כיידער" מאַכן מיר אָן אָנהויב מיטצוהעלפן אונדזערע פּראָווינציעלע דראַמאַטישע קרייזן אין זייער אַרבעט.

צו דער אינסצעניר ונג זיינען צוגעגעבן פּראַקטישע אָנווייזונגען פונם רעזשיסאָר פון דער מעלוכישער יידישער סטודיע פון ווייסרוסלאַנד — כאַווער ראַפּאַלסקי.

ר ע ד אַ ק צ י ע.

ר ע ב ע: הינטער די קוליסן צו בערעלען אַזוי גאָר! גאַנווענען קאָפּקעס פון רעב-מייער באַלאַנעס פּושקע, צדאָקעגעלט גאַנווענען! וואַרט, כ'וועל זיך אומקערן פון דעם דאַוונען. אַף אַן אָרט גיי. לערנט! אָפּ.

אַ ל ע: לערנען אישאָ—אַן אישע, קיסיטאָמיי—אַז זי וועט טאָמע ווערן, ועסאַקרייוו—און זי וועט מאַקריוו זיין, קאָרבן—אַ קאָרבן, ועהיקריוו—זאָל מאַקריוו זיין, האַקויען—דער קויען, אַל האַמיזבייאַך—אַפן מיזבייאַך, בעאויהעל מויעד—אין אויהעלמויעד. לוי יאָסים אָלעהאָ שעמען—ער זאָל נישט טאָן טוען, טאָן אַריינטאָן קיין בוימל.



דעקאָראַציע.

הערשעלע גרויסער: שאַ! קוקט ארויס דורכן טיר אַוועקגעגאַנגען! רופט צונויף די קינדער אַז מען דערזעט אַ נישט גוטן, דאַרף מען באַלד צולייגן דעם גוי, דאָס הייסט, דעם גראָבן פינגער צום יידן — צום מינדסטן, אָט אַזוי, באַווייזט ווי אַזוי און זאָגן: אָרינע, באָרינע, דעמבענע, קאָרענע, ווייצענע קלייען די קינדער כאַזערן איבער יעדער וואָרט און גיין גלייך אַפן בייסהאַכאַים און אַ געשריי טאָן: שמאַ־יסראָעל!

אַ ל ע: שמאַ ייסראָעל!

ה. גרויסער: און דריי מאָל אויסווישן דאָס לינקע אויג מיט דער רעכטער פּייע אַלע טוען דאָס נאָך הערשעלען און באַ איטלעכן מאָל אויסשפּייען און זאָגן מיט די ווערטער:

טפו, פּריטשמיר!

**אַ ל ע:** טפֿוּ פריִטשמיִר!

**ה. גרויסער:** און אַנטלויפֿן אַף אַלע פֿיִר. די קינדער טאַנצן.

**מוישע-יאָסע:** שאַ, איִך וועל אייך דערציילן אַ מאַיסע. אַן עמעסע מאַיסע. אַ מאַיסע וועגן אַ באַרמענען. וויִ אַזוי אַ שטרוי האָט איִם געשטאָכן, וויִ מיִט נאָדלען, און ער האָט געשריִען פֿון איין עק וועלט ביִזן צווייטן, נאָר קיינער האָט איִם ניִשט געהערט, אַכוץ אַ שוואַרצער האָן און אַ מעשוגן קעלבל קינדער לאַכן.

**ו ע ל ו ו ל:** שויטע! היינט דיִ מאַיסע וועגן כיבּוטהאָקיִוער, וויִ אַזוי דער מאַלעך האַדוימע צושפּאַלט דעם מעס דעם בויך, רייסט אַרויס דיִ קיִשקעס מיִט דיִ געדעריִם און וואַרפֿט איִם איִן פּאָניִם אַריין.

**הערשעלע ק.:** קיִנדער! און מיין טאַטע גייט אַלע נאַכט אַפֿן היִמל אַרויף און לערנט דאָרטן מיִט דיִ מאַלאָכיִם טוירע, נאָר וויִ ער כאַפּט זיִך אויף, פֿאַרגעסט ער ביִז איין אָס קינדער לאַכן.

**ט אָ פ ע ל ע:** און מיין טאַטע, און מיין טאַטע, דערטענט דיִ מיי-סיִם, וואָס דרייען זיִך אַרום אַפֿן אוילעמהאַטויהו, ברענגען זיי איִם געלט, ער זאָל זיי ניִט אַרויסגעבן קינדער לאַכן.

**ה. קליינער:** שאַ! מאַזעפּע גייט. לערנט! אַלע לויפֿן צום טיש און מע לערנט.



„מאַזעפּע“ גייט.

**אַ ל ע:** איִשאָ—אַן איִשע, קיסיטאָמע—אַז זיִ וועטאָטאָמע ווערן וועסאַקריִוו — און זיִ וועט מאַקריִוו זיין...

**ה. קליינער:** אַ קוק טועדיק אין טיר שאַ, ניִשטאָ! און איִך וועל אייך באַלד דערציילן אַ מאַיסעלע וועגן אַ וויִנטשפֿיִנגערל אַלע ריִנגלען איִם אַרום.

**ע ל י ע:** און איִך וויים טאַקע אַ שענערע מאַיסע.

**ט אָ פ ע ל ע:** ער טריִכט אַלע מאָל אַריין מיִט זיינע מאַיסעס.

**ב ע ר ע ל ע:** שטער ניִשט, שטער ניִשט.

**ה. גרויסער:** זאָל הערשעלע דער קליינער, זאָל הערשעלע.

**ה. קליינער:** נוּ, גוט, איִך. וויִ איינער איִז אַמאָל געפֿלויגן רייטנ-דיִק אַף אַ רואַך...

**ע ל י ע:** ס׳איִז גאָר אַ ליִגן!

**ה. גרויסער:** ס׳איִז אַן עמעס! מיין ברודער האָט דאָס אַליין געזען דורך אַ ספּאַקטיִווגלאָז.

**ה. קליינער:** שאַ, אויב איִר וועט שרייען, וועל איִך גאָרניִט דערציילן.

**ב ע ר ע ל ע:** נוּ, גוט, מיִר וועלן שווייגן.

**ה. קליינער:** וויִ איינער איִז אַמאָל געפֿלויגן רייטנדיִק אַף אַ רוּעך, איִבּער טאָלן און איִבער בערג.

**אַ ל ע:** איִבּער טאָלן און איִבער בערג.

**ה. קליינער:** איִבּער וועלדער און איִבער פֿעלדער.

**אַ ל ע:** איִבּער וועלדער און איִבער פֿעלדער.

**ה. קליינער:** ביִז וואַנען ער איִז געקוּמען ערגעץ אַף אַ קעמפּע.

**אַ ל ע:** אַף אַ קעמפּע?

**ה. קליינער:** אַף דער קעמפּע שטייט אַ בריִליאַנטענער שלאָס, אַ פּאַלעץ מיִט הונדערטער כאַדאָריִם. אַריינקומענדיִק איִן פּאַלעץ, דערזעט ער...

**ה. גרויסער:** וואָס דערזעט ער?

**ה. קליינער:** גיִלדערנע טיִשן זיינען געגרייט מיִטן טייערסטן קרע-דענץ און מע זעט ניִשט קיין לעבעדיִקן מענטש. נעמט דער באָכער אַרויס זיין וויִנטשפֿינגערל און זאָגט: פֿיִנגערל, בּיִנגערל, איִך וויִל עסן, איִך וויִל טריִנקען, דאָס וויִל איִך, יענץ וויִל איִך, איִך וויִל, וויִל, וויִל און וויִל.

**ט אָ פ ע ל ע:** אַלץ וויִלט ער געלעכטער.

**ה. קליינער:** קומען באַלד אַרויס פּריִנצעסן, באַסמאַלקעס, איינע פֿאַר דער אַנדערער שענער, איינגעטונקט איִן פּערל, דיאַמאַנטן, גאָלד און זילבער און טוען זיִך אַ נעם צום באָכער. עס גיִט פֿלוצלונג אַ זעץ אַ שאַרפֿע קאַפּעלע און מע פֿיִרט דעם באָכער לעבעדיִק מיִט אַ מאַרש...

**ה. גרויסער:** ווּהיִן?

**ה. קליינער:** איִן אַ באָד געלעכטער.

**ב ע ר ע ל ע:** פֿאַרוואָס עפּעס איִן אַ באָד?

**ה. קליינער:** פֿון מיִרמלשטיין, ווּ ער גלייכט זיִך אויס דיִ ביינער. נאָכדעם הויבט זיִך אָן אַ מאָלצייט מיִט גאָלדערנעם יויך, מיִטן טייערסטן ראָזיִנקעס-וויין...

**ב ע ר ע ל ע:** געננג, גענוג די קינדער באַלעקן זיך.

**ה. קליינער:** מיינער איִז ניִט פֿויל, עסט, טריִנקט און טוט זיִך וואָיל.

**ע ל י ע:** ס׳איִז טאַקע אַ שיינע מאַיסעלע.

**ה. קליינער:** וואָס האָב איִך דיִר געזאָגט?

**ב ע ר ע ל ע:** ווען איִך האָב אַ וויִנטשפֿיִנגערל, וואָלט איִך זיִך וויִנטשן אַ וואַרעמע פֿריִשע בולקע מיִט אַ ראָסלפֿלייש און אַ גוטן פֿעטן קוגל גאָר איִן מיִטן דער וואָך.

**ע ל י ע:** ווען איִך האָב אַ וויִנטשפֿיִנגערל, וואָלט איִך געמאַכט אַזוי, אַז אַלע כאַדאָריִם מיט אַלע מעלאַמדיִם מיִט אַלע סידוריִם זאָלן פֿאַרשווינדן ווערן איִנם רויך, עס

זאָל פֿון זיי ריִבּוינעשעלוילעם קיין זייכער ניִשט בלייבן.

וועלוול: שטייט, קינדער! איר ווילט הערן אַ שיינעם פּלאַן, וויִ אַזוי פּאָטער צו ווערן פֿון מאַזעפּן — פֿון דעם גאַזלען?

אַלע: וויִ אַזוי, וויִ אַזוי?

וועלוול: הערט, קינדער, וואָס איך וועל אייך פֿרעגן, איך וויל באַ אייך עפּעס פֿרעגן.

אַלע: פֿרעג, פֿרעג.

וועלוול: וויִ אַזוי איז דער שטייגער, אַז אַף איינעם פֿון אונדז קומט אָן פּלוּציִם אַ קרענק?

ה. גרויסער: איז שלעכט.

ה. קליינער: איז ביטער.

טאָפּעלע: איז דאָך ניִשט דוט.

בערעלע: איז פּאַסקודנע.

עליע: טויג אַף קאַפּאָרעס.

מוישע-יאָסע: טפֿוּ אַפֿן רעבּנס קאָפּ!

אַלע: טפֿוּ אַף מאַזעפּעס קאָפּ!

וועלוול: ניין, ניִשט דאָס מיין איך! איך מיין עפּעס אַנדערש. לעמאָשל, אַז איינער פֿון אונדז ווערט קראַנק, גייט ער אין כיידער אַריין, צי ער בלייבט זיצן אינדערהיים?

ה. גרויסער: פֿאַרשטייט זיך, אַז ער בלייבט זיצן אינדערהיים.

אַלע: אַוואַדע!

וועלוול: וויִ זשע איז אָבער דער דין, אַז אַף צוויי פֿון אונדז קומט אָן אַ קרענק?

מוישע-יאָסע: זיצן צוויי אינדערהיים.

וועלוול: נו און אַז אַף דריי?

בערעלע: זיצן דריי אינדערהיים.

וועלוול: וויִ זשע איז אָבער דער דין, קעדוימע לעמאָשל, אַז אַף אונדז אַלע קומט אָן אַ קרענק?

אַלע: זיצן אַלע אינדערהיים. זיי גייען אַ טאַנץ

וועלוול: שאַ, טאָ לאָז זשע אָנקומען אַ קרענק אַף אונדז אַלע!

טאָפּעלע: זאָל דאָט היטן!

ה. קליינער: כאָליִלע וועכאַס!

ה. גרויסער: ער איז מעשוגע צי כאָסערדייע?

עליע: בייס זיך אָפּ דעם צונג.

מוישע-יאָסע: כאַס-ווע-שאָלעם!

בערעלע: טפֿוּ, אַפֿן רעבּנס קאָפּ!

אַלע: טפֿוּ, אַף מאַזעפּעס קאָפּ!

וועלוול: איר זייט בעהיימעס!

טאָפּעלע: דאָס יאָ.

וועלוול: איך מיין דען נאַרעלע, מיר זאָלן ווערן קראַנק אַף דערעמעסן?

בערעלע: ער מיינט דען, נאַרעלעך, מיר זאָלן ווערן קראַנק אַף דערעמעסן?

וועלוול: אַף צו קלוימערשט מיין איך דאָך!

עליע: אַף צו קלוימערשט מיינט ער דאָך!

וועלוול: קעדיי מיר זאָלן ניִט גיין אין כיידער אַריין.

מוישע-יאָסע: קעדיי מיר זאָלן ניִט גיין אין כיידער אַריין.

וועלוול: מיר זאָלן בלייבן זיצן אינדערהיים.

ה. גרויסער: מיר זאָלן בלייבן זיצן אינדערהיים.

וועלוול: דעם רעבּן אַף צופּיקעניש.

ה. קליינער: דעם רעבּן אַף צופּיקעניש.

וועלוול: היינט פֿאַרשטייט איר שוין?

טאָפּעלע: איר האָט שוין פֿאַרשטאַנען?

אַלע: יאָ!

וועלוול: עס דאַרף אַף אונדז אַלעמען אָנקומען פּלוּציִם אַ קרענק.

בערעלע: איז וואָס זשע פֿאַר אַ קרענק זאָל אַף אונדז אָנקומען?

טאָפּעלע: טאָפּ ווייטאָט. אַלע כאַפּן זיך פֿאַרן קאָפּ

וועלוול: ניין.

בערעלע: ציינווייטאָק. אַלע כאַפּן זיך פֿאַר די ציין

וועלוול: ניין, ניין.

ה. קליינער; בויכווייטאָק. אַלע כאַפּן זיך פֿאַרן בויך

וועלוול: ניין, ניין. ניין.

עליע: ווערים. (אַלע דרייען זיך צונויף)

וועלוול: ניין, ניין, ניין, ניין.

טאָפּעלע: נאָר וואָס זשע דען?



מ:ליִציע גייט.

וועלוול: ס׳דאַרף אונדז אַלעמען מיִט אַמאָל אָנהויבן ווייטאָן די פֿיס, וואָריִם אַף אַלע אַנדערע קרענק איז דער דאָקטער יאָקטער אַ מייוון. און אַז איר זאָגט איִם, די פֿיִס טוען אייך וויי,•איר קאָנט ניִשט רירן מיִט די פֿיִס, טאָ זאָל ער גיין טאַפּן.

אַלע: זאָל ער גיין טאַפּן. אַלע הויבן אָן הינקען

וועלוול: געדענקט זשע, קינדער, מאָרגן אינדערפֿרי זאָלט איר ניִשט אויפֿשטיין פֿון אייערע געלעגערס. זאָגט אַלע אָמיין סעלאָ.

אַלע: אָמיין סעלאָ.

ה. קליינער: שאַ, טאָ לאָמיר שפּילן אין דאָקטער—יאָקטער.

אַלע: אין דאָקטער—יאָקטער.

ה. קלײנער: איך וועל זיין דער דאָקטער־יאָקטער, און מוישע־יאָסעניו וועט זיין דער קראַנקער.

וועלוול: לײב דרײב אַבדיריק.
עליע: דער טאָג שטייט נישט.
טאָפּעלע: דיכער.
ה. גרויסער: גיכער.
בערעלע: ווי אַ וויכער.

(מוישע יאָסעניו וויל ניט זיין „קראַנק". די קינדער שטופּן אים אונטער.)

ה. קלײנער: שלעפּט אים פאַרן נאָז. אַלע גײען נאָך סאָסיע, סאָסיע, מוי־שע־יאָסע, סו סילסט, דו ווילסט, סיין סראַנק, זיין קראַנק?
מוישע־יאָסע: סיין ניין.
אַלע: ריידן אים איין. מע רעט גלייכצייטיק
הערשל קלײנער: איבערשלאָגנדיק זאָג יאָ, נאַרעלע. טאַקע גאָר אָן קאַטאָוועס. געצוג דייטש. לאָמיר ריידן פּראָסט יידיש. דו ווילסט זיין קראַנק?
מוישע־יאָסע: איך וויל עסן.
ה. קלײנער: אַלע מאָל וויל ער עסן. שפּילן וויל ער קיינמאָל ניט. עסן האָבן מיר נישט. נאָר צוזאָגן אַף שפּעטער אַמאָל זאָג איך צו. נאַ דיר מיין האַנט, טקיעסקאַף.
אַלע: שטרעקן אויס די הענט. טקיעסקאַף.
מוישע־יאָסע: נו גוט! איך וועל זיין קראַנק. נאָר גיט מיר טאַקע באַלד עסן.
וועלוול: אַ גראַם אַביסל! מע וויל אים מאַכן קראַנק אַף אַ פּוס, טאָן אַ טיוועו, און ער עסן—פּרעסן!
ה. קלײנער: פּרעסער!
טאָפּעלע: פּרעסער!
בערעלע: מוישע־יאָסעניו, נאַרעלע דו איינער, אַבי מע מאַכט דיך נאָר קראַנק, וועט מען דיר שוין דערנאָך, ניש־קאָשע, אונטעררוקן עפּעס קייען. דו פאַרשטייסט, מוי־שע־יאָסעניו?

מוישע־יאָסע: געלער ראַמע.
וועלוול: כאָכעם פון דער מאַניש־טאַנע.
עליע: טאָף לאַמעד בים־באָם.
ה. גרויסער: רוישכוידעש קרעמעניק.
טאָפּעלע: באָרוך האַבאָ סטאָצל, טומט!

(רייצן זיך מיט בערעלע דעם רויטן)

ה. קלײנער: צו מוישע יאָסעניו נו, נאַ דיר מיין האַנט, טקיעסקאַף.
אַלע: טקיעסקאַף.
מוישע־יאָסע: געדענקט זשע, קינדער, אויב נישט, וועט אייך גאָט שטראָפן. זאָגט אַלע־אָמיין.
אַלע: אָמיין.
מוישע־יאָסעניו: פון אייער מויל אין גאָטס אויערן! האַקט איבער.
טאָפּעלע: באַ מיר האָסטו נישט וואָס צו טוטן, באַ מיר איז טאָשערע ציצעס.
מוישע־יאָסע: גוט נו. אַלע ווייזן אים די ציצעס. מע האַקט איבער.
ה. קלײנער: ה. קלײנער ווייזט אים זיינע ציצעס איינס, צוויי, דריי, פינף, אַכט.
מוישע־יאָסע: געכאַפּט.

ה. קלײנער: כאַי אַדענאָי. ווי איך בין אַ ייד. מוישע־יאָסעניו, כ'האָב ערשט אַליין איבערגעציילט. קינדער, לאָמיר איבערציילן.
אַלע: ציילן, איינס, צוויי, דריי, פיר, פינף, זעקס, זיבן, אַכט.
בערעלע: ניין, ניין.
ה. קלײנער: אַכט, אַכט, געלער.
ה. גרויסער: צו מוישע־יאָסעניו פּאַסעך שין—שאַ. לאָז זיך, נאַרעלע, דערנאָך וועט מען דאָך דיר אַ רעפוע געבן. מע שפּילט אין—דאָקטער יאָקטער. מען זעצט אַ ניִדער מוישע־יאָסעניו, מע שלעפּט אים אַראָפּ אַ שוך, און הערשעלע דער קלײנער מאַכט אים קלוי־מערשט אַן אָפּעראַציע מיט אַ טשוועק.
ה. קלײנער: סויסי־סאָסע מוישע־יאָסע, סי סאקע די מאקע האב איך שוין דיר געמאכט, אצינד באקומסטו פון מיר סרוע אַ רעפוע.

וועלוול: אַ זון מיט אַ רעגן.
עליע: די קאַלע איז געלעגן,
ה. גרויסער: וואָס האָט זי געהאט?
אַלע: אַ ייִנגעלע.
טאָפּעלע: ווי אַזוי האָט ער דעהייסן?
אַלע: מוישעלע.
בערעלע: ווו האט מען אים געוויגט?
אַלע: אין אַ וויגעלע.
מוישע־יאָסע: ווו האָט מען אים באַגראָבן?

(זינגענדיק מיט אַ קינדערגעזאַנג)

ה. קלײנער: אין אַ גריבעלע ס'קומט אַריין דער רעבע, די קינדער פאַלן פאַר שרעק.
רעבע: אַהא, שקאָצים איינע, איר מיינט, איר וועט דאָ אויך פירן אַזעלכע וועלטן, ווי באַ נאַכמען טראַסל, צי באַ אַנטשל בוטשערעס די קינדער צולויפן זיך אײנציקווייז צום טיש האַ! דאָ וועל איך פון אייך פאַסן שינדן לעבע־דיקערהייט. איר הערט, שיבייניקעס, צי ניין? העניע, כאַפּ אַ קאָטשערע און שפּאַלט די אַמעראַצים די קעפּ. ניע טאָ טאָבי, רעב עליאָקים, זעצט אַייך. צו בערעלען אַ, טאַכשיט מיינער! גאַנוועגען קאָפּיקעס פון רעב מייער באַלאַנעס פושקע? צדאָקעגעלט גאַנוועגען? גיי נאָר אַהער, איך וועל זיך שוין דאָ אָפּרעכענען מיט דיר. אַנו, הערשעלע דער גרויסער, גיי נאָר ארויס פון טיש צו מיר אַהער, געשווינטער, נעענטער, אָט אַזוי, און דערצייל אונדז אקאָרשט נאָך אַ מאָל די מאַיסע ביזן סאָף, ווי אַזוי אונדזער בע־רעלע איז געוואָרן אַ גאַנעוו. הערט כעוורע מיט קאָפּ.
ה. גרויסער: בערל האָט זיך דערשלאָגן צו רעב מייער באַלאַ־נעס פושקע, ווו זיין מאַמע וואַרפט אַלע פרייטיק פאַר ליכטבענטשן אַ קאָפּיקע און אַ מאָל צוויי. בערל האָט זיך דאָבווועט צו דערדאָזיקער צדאָקעפושקע, אף וועלכער עס איז געהאנגען אַ שלעסעלע. בערל האָט מיט אַ שטרוי מיט סמאָלע אַרויסגעשלעפּט ביז לעצט.

די מאַמע זיינע, זלאטע די הייזעריקע, האָט זיך געכאַפּט, געעפֿנט די צדאָקעפּושקע און דאָרט איז געלעגן אַ שטרוי, איינגעטונקט אין סמאָלע כליפּעט.

דער רעבע: אַף אן אָרט גיי. איצט, קינדער זאָלט איר וויסן זיין, אַז פֿון היינטיקן טאָג און ווייטער איז שוין זיין נאָמען נישט בערעלע דעם רויטנס, ווי ער האט געהייסן ביז אַהער, ניין! אַצינד הייסט ער א שענערן נאָמען, אַצינד הייסט ער: בערעלע דער גאַנעוו. שרייט זשע, קינדער: בערעלע דעד גאַנעוו.

אַ ל ע: שטיל בערעלע דער גאַנעוו.

ר ע ב ע: העכער, שקאָצים איינע, שטאַרקער!

אַ ל ע: הויך בערעלע דער גאַנעוו...

ר ע ב ע: שאַ, איצט, קינדער, ווען מיר זיך נעמען צום מישפּעט. אַ נו, בערעלע דער גאַנעוו, קום נאָר אַהער, מיין קינד, גיכער זשע, גיכער א ביסעלע. זאָג נאָר ייִגעלע, ווי אזוי רופט מען דיך?

בערעלע: בערעלע.

ר ע ב ע: ווי אזוי נאָך?

בערעלע: בערעלע דער גאַנעוו.

ר ע ב ע: אָט אַזוי מיין ליב קינד, אָט אַזוי ביסטו אַ וואָילינגעלע. אַצינד בערעלע, געזונט זאָלסטו זיין און שטאַרק אף אלע אייוורים, נעם, זיי מויכל, בערעלע און צי אַראָפּ פֿון זיך די מאלבושימלעך, נו שוין, גיכער שוין, אָט אַזוי, בערעשי מיין טייערער, אַ נו, טאָפּעלע טוטאריטו, זאָג נאָר, וואָס קומט אַ גאַנעוו, וואָס שלעפּט קאָפּיקעס פֿון אַ צדאָקעפּושקע?

טאָפּעלע: אַ דאַנעוו, וואָס שלעפּט טאָפּיטעס פֿון אַ צדאָטעפּושטע, טומט אים, אז אַלע יינדלעך זאָלן צודיין צו אים נאָענט און זאָדן אים דלייך אין פּאָנים אַריין דריי מאָל אפּן טאָל: דאַנעוו, דאַנעוו, דאַנעוו!

ר ע ב ע: אויב אַזוי, טאָ זינג אונדז טאַקע דאָס לידעלע, און איר אלע וועט העלפֿן.

טאָפּעלע: אַ דאַנעף בערל־יאָסעלע, דעסמיסן דיר אין טאָסעלע, דעסמיסן מיט אַ ריטעלע, אַפּן דאַנעוו ברענט דאָס היטעלע.

ר ע ב ע: אַלע!

אַ ל ע: אַ גאַנעף בערל־יאָסעלע, געשמיסן דיר אין טאָסעלע, געשמיסן מיט אַ ריטעלע, אפּן גאַנעוו ברענט דאָס היטעלע.

ר ע ב ע: איצט זאג מיר, נאָר בערעלע, סטייטש לוי סיגנויון?

בערעלע: וויינט לוי סיגנויוו—זאָלסט נישט גאַנוועגען.

ר ע ב ע: טאָ שווער מיר, אַז דו וועסט שוין קיינמאָל נישט גאַנוועגען און אלע זאגט איידעס.

בערל: איך שווער, רעבעניו, איך שווער.

אַ ל ע: מיר זיינען איידעס. קושן דעם רעבנס א לאנגע ציצע פון טאַלעסקאָטן

ר ע ב ע: איצט גיב נאָר א קוש דעם קאנטשיק. אַף אַן אָרט גיין! מיט א ניגון איבער וואָס גייט אַ פערד? ווייל ער האָס מוירע פֿאַר שמיץ, פּונקט אזוי איז מיט א קינד. א קינד דאַרף האבן מוירע. מוירע פֿאַר גאָט, מוירע פֿאַרן רעבן, מוירע פֿאַר טאַטע מאַמע, מוירע פֿאַר אן אוויירע, מוירע פֿאַר א שלעכטער מאכשאָווע. און ביכדיי א קינד זאָל מוירע האָבן, דאַרף מען עס גאַנץ פֿיין אָפּשפּילען, אנידערלייגן און אַריינצימבלען אַ פּאָר צענדליק שמיץ. אַי! נישטא קיין בעסערע זאך אף דער וועלט, ווי א רוט, ווי אַ קאנטשיק. איצט, קינדער, ווען מיר אָנהויבן לערנען מיט א ניגן. דער רעבע גייט אום איבערן צימער, די טאלמידים גייען אים נאך און קרימען אים איבער. דער רעבע באמערקט עס נים. האָיאָ רויכויוו אל גאַביי בעהיימע.

אַ ל ע: האָיאָ רויכויוו אל גאַביי בעהיימע.

ר ע ב ע: אז רווון האט גערינטן אף א בהיימע.

אַ ל ע: אַז רווון האט געריטן אף א בהיימע.

ר ע ב ע: ווייטער. ווערֿאָאָ עס האמעציע, און ער האָט דערזען די מעציע.

אַ ל ע: ווערֿאָאָ עס האַמעציע—און ער האָט דערזען די מעציע.

מוישע־יאָסע: דרייענדיק דעם רעבנס הינטערשטע ציצע און דרייט די רעציע.

ה. קליינער. דו, גאָיעץ.

מוישע־יאָסע: און איך וועל גיין אין מיליציע.

אַ ל ע: מיליציע גייט, מיליציאָנער, גוואַלט, רעבע.

ר ע ב ע: באהאלט זיך אונטערן שטול קינדער, ווו איז מיליציע?

ה. קליינער: נישטאָ, רעבע, קיין מיליציע.

ר ע ב ע: נישטאָ? זעצט אייך. א מעציע, א רוּעך אין דיין טרייפֿענעם פּאַרצעף אַריין גיט הערשעלע דעם קליינעם א פאטש.

ה. קליינער: וויינענדיק אַ מעציע רעבעניו, א מעציע געכאַפּט.

ר ע ב ע: צו הערשעלע דעם גרויסן א נו, קום נאָר אהער, וויסכעווערניק, זאג נאָר.

ה. גרויסער: האָיאָ רויכעוו אל גאבײ בעהיימע, אז רווון האט געריטן אף אזא בעהיימע. שטייט הינטערן רעבן און זאגנדיק, „אף אזא בעהיימע". ווייזט ער אפן רעבן. די קינדער שטיקן זיך פון געלעכטער.

ר ע ב ע: זאָג מיר נאָר קאָלבויניק, וואָס איז איבערמאָרגן?

ה. גרויסער: איבערמאָרגן איז קנאַסמאָל באַ כאַיע־ריקלען.

ר ע ב ע: האָב דיר אַכציק שוואַרצע יאָר. כאַיע־ריקלעס קנאַסמאָל ליגט אים אין קאָפּ, נישט די געמאָרע. אַז מאָרגן איז פֿריי... פֿריי... פֿריי... הויבט ווידער אן ארומגיין איבערן צימער. די קינדער נאָך אים.

אַ ל ע פריי, פריי, פֿריי...

ה. גרויסער: פֿרייטיק.

ר ע ב ע: איז איבערמאָרגן שאַ... שאַ... שאַ...

אַ ל ע: שאַ, שאַ, שאַ...

ה. גרויסער: שאבעס.

רעבע: טאָ זאָג זשע מיר, קאָלבוינִיק, אומשאַבעס מעג מען רייטן?

ה. גרויסער: צו הערשל דעם קליינעם מע מעג?

ה. קליינער: צו הערשל גרויסן מע מעג.

ה. גרויסער: צום רעבן מע מעג.

רעבע: שייגעץ איינער, וואָס הייסט מע מעג?

ה. גרויסער: איך האָב אַליין געזען, ווי אייער יינגל איז פאַר-אַכטאָגן שאַבעס געפאָרן רייטנדיק אַף אַ ציִג.

רעבע: דערזעענדיק, אַז די קינדער גייען אים נאָך אַזוי גאָר. ביסט דו נישט אַף אַן אָרט?

ה. גרויסער: איר האַט דאָך מיר אַליין גערופן, רעבע!

רעבע: צו וועלוולען שייגעץ איינער, ווי קומסט דו אַ הער?

וועלוול: איך האָב געוואָלט זאָגן הערשלען, ער זאָל גיין אַף אַן אָרט.

רעבע: צו עליען משומעד איינער, ווו איז דיין אָרט?

עליע: לעבן טאָפּעלע טוטאריטו.

רעבע: טאָפּעלע דו ביזט דאָ אויך?

טאָפּעלע: איך בין נישט שולדיט, מע האָט מיר אָנדערעט.

רעבע: צו בערעלען געלער, ווילסט נאָך שמיִך?

בערעלע: מער וויל איך שוין נישט.

רעבע: צו מוישע-יאסעניו אַלע בייזע כאַלוימעס אַף דיין קאָפּ.

מוישע-יאָסע: רעבע, דאָס בין ניט איך.

ה. קליינער: שרייט אי, אי!

רעבע: קליינער וועוורִיק, דאָס טרייפענע בלוט האָט זיך אין דיר פאַרקאָכט וויל אַ פּאַטש טאָן הערשעלן, מען שטעלט אים אונטער אַ פוס, דער רעבע פאַלט.

ה. קליינער: רעבע... פאַרדעקט אים מיט אַ טיכל דעם קאָפּ.

אַלע: לערנען האָיאָ רויכעוו אַל גאַביי בעהיימע.

רעבע: מיטן פאַרדעקטן קאָפּ עהו, עהו, עהו. שטייט אויף מעשומאָ-דים, מיין יינגל וועל איך שוין מקייעם פסאַק זיין, צו הערשעלע דעם גרויסן נאָר דו זאָלסט וויסן, אַז אום שאַבעס טאָר, טאָר, טאָר, טאָר...

ה. גרויסער: טאָר מען נישט רייטן.

רעבע: אַז מען טאָר נישט, ווי זשע קומט רווון רייטן אום שאַבעס? דעהיינע, אַז רווון האָט געריטן אין דער וואָ, וואָ, וואָ...

אַלע: וואָ, וואָ, וואָ...

ה. גרויסער: אין דער וואָסקאָבאָינע אַריין, רעבע.

רעבע: מעשומעד איינער, ביזט דאָך אַ וואָיל יינגעלע, הער זיך צו וואָס דו רעדסט. נאָך אַמאָל. דעהיינע, אַז רווון איז גע, גע, גע...

אַלע: גע, גע, גע...

ה. גרויסער: איז געווען אַ גוי.

רעבע: אַ רועך אין דיין טרייפן פּאַרצעף אַריין. כאַיע-ריקלס קנאַסמאָל ליגט אים אין קאָפּ. אַף אַן אָרט גיי הער-שעלע זעצט זיך. דער רעבע, מיר ווערנדיק, ברומט אַ ניגנדל און שלאָפט איין.

עליע: קינדער! וואָס זיצן מיר, ווי די ליימענע גוילעמס, לאָמיר עפּעס צוטראכטן אַ שטראָף פאַר מאַזעפן, וואָס האָט איר מוירע, נאַראָנים. איצט איז ער דאָך געגליכן צו אַ מעס, צו אַ באַרמינען, איצט קאָנען מיר מיט אים טאָן, וואָס מיר ווילן. די גאַנצע צייט האָט ער אונדז געשמיסן ווי די שעפסן, טאָ לאָמיר זיך כאָטש איין מאָל אָן אים נויקעם זיין.



איינגעשלאָפן...

בערעלע: וואָס ווילסטו אים טאָן?

עליע: גאָרנישט. איך וועל אים נאָר איבערשרעקן.

וועלוול: מיט וואָס ווילסטו אים איבערשרעקן?

עליע: איר וועט שוין זען פּאַרטיקערהייט, אָט זעט איר? מיט זיין אייגענעם גארטל וועלן מיר אים צובינדן צום בענקל אַזוי, אַז ער זאָל זיך אַליין נישט קאָנען אָפּבינדן. נאָכדעם, וועלן מיר צוגיין צו אים נאָענט. און זאָל יעדערער צוקלערן, וואָס אַריינשרייען אים גלייך אין אויער אַריין.

ה. גרויסער: טאָ וואָס זשע וועט זיין?

עליע: גאָר נישט. מיר וועלן אַנטלויפן, און ער וועט זיך איבערשרעקן און וועט שרייען שמאַיִסראָעל.

בערעלע: ביז וואַנען וועט ער שרייען?

טאָפּעלע: ביז וואַנען ער וועט דעווייגט ווערן.

עליע: אוי, ביזט דאָך גאָר אַ כאָכעם, טאָפּעלע. נו צו דער אַרבעט. אַלע טוען אויס די קאַפּאָטעס. נעמען דעם רעבן מיטן בענקל און שטעלן אוועק אינמיטן כיידער. בינדן אָפּ דעם גאַרטל באַם רעבן און בינדן אים צום בענקל. אַלע שטעלן זיך ארום רעבן.

ה. גרויסער: אַ שווערער רעבע, עמעס?

מוישע-יאָסע: אָט דאָס איז אונדזער רעבע?

בערעלע: אָט דאס איז דער, וואָס מען ציטערט פאַר זיין קוק.

טאָפּעלע: אָט דאָס איז מאַזעפּע?

עליע: וואָס שטייט איר, ווי די ליימענע גוילעמס? אַז גאָט האָט אונדז געטאָן אַ נעס און מאַזעפע איז באַ אונדז אין די הענט, טאָ...

ה. קליינער: טאָ וואָס טוט מען?

ה. גרויסער: וואָס טוט מען, אַז מען דערזעט אַ נישט גוטן?

אַלע: אָרינע, באָרינע, דעמבענע, קאָרענע, ווייצענע קלייען. שמאַייסראָעל, טפּו, פּריטשמיר טאַנצן.

עליע: נאָכן טאַנץ אַד קאָן אוימרים בעשאַבעס האַגאָדל. און איצט וואַרט. שרייט דעם רעבן אָפּן אויער. רעבע, גאַזלאָנים! אַנטלויפט אָן א זייט.

וועלוול: רעבע, אַ באָלשעוויק גייט. טוט דאָס זעלבע.

בערעלע: רעבע, שקאָצים גייען.

מוישע-יאָסע: רעבע, כ'ווייס אליין נישט, ווער עס גייט

ה. גרויסער: רעבע, יעווסעקן גייען.

טאָפּעלע: טאָמסאָמאָלצעס דייען.

רעבע: כאַפּט זיך אויף דערשראָקן. שמאַייסראָעל, וואָס טוט זיך דאָ?

ה. קליינער. אוי, רעבע, מען איז געקומען נאָך אייך.

רעבע: ציטערנדיק עפּשער קאָנסט דו צוטראַכטן א מיטל, ווי אַזוי ראַטעווען מיך פון די יימאַכשמויניקעס?

ה. קליינער: כ'ווייס, רעבעניו, א מיטל, נאָר כ'קאָן אַליין אַריינפאַלן.

רעבע: אוי, הערשעלע, העלף מיר, לאָז מיך נישט איבער אַליין.

ה. קליינער: אוי, וואָס רעט איר, רעבעניו, כ'האָב דאָך אייך אַזוי ליב! גיט אים א קוש און שפּייט אויס. אַלע שפּייען אויס.

רעבע: כ'וועל דיר שוין אָפּטאָן אַ טויווע. כ'וועל דיר שענקען אַ פעקל ציצעס פון ריינעם טכיילעס און אַן אַלטע יאַרמאָלקע, וואָס איך האָב באקומען בעירושע פון א צאַדיק.

ה. קליינער: בינדט אים אָפּ אָי, שרעקט דעם רעבן. שלעפּט דעם רעבן פאַר באָרד. דער רעבע נאָך אים.

רעבע: וואָס איז?

ה. קליינער: גאָרנישט, וואַרט, מיר דאַכט זיך, איך האָב צוגעטראַכט אַ גוטן פלאַן. איר דאַרפט אַריינקריכן אין אַ זאַק די קינדער דערלאַנגען א זאק.

רעבע: ס'איז טאַקע אַ גוטער איינפאַל.

ה. קליינער: עס קאָן גאָר בעסער נישט זיין. איר וועט שוין זען. דער רעבע קריכט אריין אין זאַק. נו, איצט וועל איך זיך מיט דיר אָפּרעכענען פאַר אַלץ.

רעבע: רוקט ארויס דעם קאָפּ. האַ, וואָס האָסטו געזאָגט?

ה. קליינער: גאָרנישט. איך זאָג, א גוטן שפיצל וועלן מיר אָפּטאָן די טרעפניאַקעס. נו, זיצט, רעבע, און רירט נישט מיט קיין אייווער, וואָס ס'זאָל זיך מיט אייך נישט טרעפן.

רעבע: ס'וועט שוין רעכט זיין.

טאָפּעלע: ייסדאַדאַל ווייסטאַדאַש שמיי ראַבאָ.

אַלע: אָ-אָ-מיין!

רעבע: אָ-אָ-מיין!

ה. גרויסער: מיט א פאַרענדערטער שטים רעט מיט זיך און ענטפערט זיך אליין. אַ נו, זאָג מיר רעב יאַט, ווו קאָן איך געפינען דעם פאַרפלוכטן מעלאַמעד מאַזעפן? איך וויל אים צוברעכן די הענט מיט די פיס און אָנשפּייען אַ פולן פאָנים. ענדערט די שטים איר זוכט דעם רעבן? —און וואָס איז דאָס? ווייזט אָפּן זאק. דאָס איז אַן אַלטע צופוילטע קאַנאַפּע. ענדערט די שטים איז וואָס, זי איז אַ לעבעדיקע, וואָס זי שאָקלט זיך? זעצט זיך אָפּן זאק און טרייסלט דעם רעבן. ניין, דאָרטן זיינען וואַנצן. ענדערט די שטים אַ שטאַרקער כיישעק נעמט מיך אָן אויסמעסטן אָט מיט דער קאַטשלקע די אַלטע צופוילטע קאַנאַפּע שלאָגט. נאַ, נאַ, נאַ, צו טאָפּעלען איצט ווערסטו שוין וויסן?

טאָפּעלע: כ'וועל שוין וויסן. זעצט זיך לעבן רעבן און וויינט מיט אים צוזאַמען.

רעבע: איך שטאַרב.

טאָפּעלע: איך דיי אויס.

רעבע: וואָס פאַר א פאַרגעניגן האָבן זיי מיך צו קלאַפּן איבער די פלייצעס?

טאָפּעלע: אַ מעכאַיע, רעבעניו, אַ מעכאַיע.

רעבע: טאָפּעלע, דאָס ביסט דו?

טאָפּעלע: ניין, רעבע, דאָס בין ניט איך.

רעבע: אַי, שייגעץ!



דאָקטער יאָקטער.

טאָפּעלע: מיליציע גייט, עפשער א האַלבע טוץ מיליציאָנערן. דער רעבע באהאלט זיך אין זאַק. אַלע נעמען זינגען מיטן מאָטיוו „סמעלא מי וו באי פאירא ם" און מאַרשירן איבערן כיידער ריידן מיט פאַרענדערטע שטימען.

וועלוול: אומעטום וועלן מיר גיין, מיר מוזן דאָך אים געפינען.

ה. גרויסער: מיר האָבן זיך נישט וואָס צו איילן. מיר וועלן די גאַנצע שטאָט אויסמעסטן.

טאָפּעלע: אומעטום וועלן מיר זיין. אַלע ווינטעלעך וועלן מיר אויסשנאָרן.

בערעלע: וווּהין גייען מיר איצט?
מוישע-יאָסע: איצט לאָמיר גיין אַהער.
ה. קליינער. איצט לאָמיר גיין א הין.
עליע: קאָמאַנדעווועט לינקס, רעכטס, לינקס, רעכט. זינגען די דאָס זעלבע לידל צום רעבן, וועלכער ליגט אין זאַק. אַי רעבע, באַהאַלט זיך, זיי זיינען שוין דאָ.
רעבע: פון זאַק. כ'הער שוין, כ'הער שוין.
עליע: ענדערט די שטים. אַ נו, זאָג נאָר, ווי קאָן איך דאָ פּאַקן דעם מעשוגענעם מעלאַ... דער רעבע רוקט ארויס דעם קאָפּ. קוקט. אוי, אוי, אוי.
רעבע: קריכט ארויס פון זאַק. שיבעניקעס, יימאַכשמוויניקעס, טרעפניאַקעס, איר זעט, וואָס מע טוט היינטיקע צייטן מיט אַ רעבן? ווי געפעלט דאָס אייך? העניע! שרייט אין צווייטן צימער צו דער ווייב העניע!
ה. גרויסער: נאָכמאַכנדיק דער רעבעצן. וואָס איז?
רעבע: פּאַק זיך
ה. גרויסער: צוליב וואָס?
רעבע: מיר פאָרן.
ה. גרויסער: וווּהין?
רעבע: קיין אַמעריקע.

אלע זינגען און טאנצן ארום רעבן. מען זינגט דאָס לידל „דער רעבע פאָרט אוועק" אפן מאָטיוו פון „יאָשקע פאָרט אוועק".

ס אָ ף.

---

## פּראַקטישע אָנווייזונגען פאַר דראַמאַטישע קרייזן.

„כיידער" איז געווען די ערשטע זאַך, אף וועלכער ס'האָט געאַרבעט און האָט זיך געלערנט אונדזער סטודיע.

דער מענטשנבאַשטאַנד פון דער סטודיע איז געווען צו יענער צייט—4 יאָר צוריק — 8 סטודיאַנטן און אַלע יונגע, גאָר יונגע, נישט עלטער פון 16—17 יאָר. זייער יוגנט איז געווען דער ערשטער מאָטיוו, וועלכער האָט מיך אַלס אַ רע-זשיסאָר געשטויסן צום אויסוואַל פון אָט דער זאַך.

פון דעם דאַרף מען מאַכן דעם ערשטן אויספיר:

### שפּילן זאָלן יונגע.

מיר האָבן געאַרבעט דאַמאָלסט אין גאָר א קליינעם צימער.

אַ לאַנגלעכער שמאָלער טיש, צווי לאַנגלעכע שמאָלע בענק, אַ טאַבורעט, אַן אַלטמאָדישער, האַלב צובראָכענער שטול, דאָס איז געווען אַלץ, וואָס מיר האָבן געהאַט אין אונדזער צימער, וועלכן מיר האָבן אין אַ בינע פאַרוואַנדלט —

### דאָס איז גענוג.

אן אויוון, אף וועלכן ס'קאָנען זיצן פון צייט צו צייט איינער, אָדער צוויי יינגלעך, עטלעכע טרעפּלעך פון רעכטס, וואָס פירן אין אַ צווייטן צימער, עטלעכע טרעפּלעך פון לינקס, וואָס פירן אַפן בוידעם ארויף און אין הינטערגרונט, אַנטקעגן דעם צושויער אַ קליין פענצטערל.

### די דעקאָראַציע איז פאַרטיק.

אין „כיידער" איז רויִק, קאַלט, פינצטערלעך, אף אזוי פיל, אַז דער צושויער זאָל נאָר קאָנען זען די אַנטיילנעמער, און נאָר דורכן קליינינקן פענצטער רייסן זיך אריין שטראַלן פון ליכטיקן דרויסן. דאָס איז לייכט צו מאַכן — דאָס ליכט ווערט צוגעפּאַסט צום פענצטער הינטער די קוליסן.

### דאָס איז די באַלייכטונג.

אף די יינגלעך האַלב שטאָטישע, האַלב כסידישע קליידער, קאַפּאָטקעלעך און קורצע הויזן, די הויזן ווי אויך די לאַטעס אף די הויזן—פון פאַרביקע פּרויען-מאַטעריאַלן, דער מאַמעס אָפּגענוצטע קליידער. זאָקן פאַרשידנפאַרביקע.

דער רעבע — אַ כאָסיד, באַם טאַלעסקאָטן לאַנגע ציצעס, אין וועלכע ער פּלאָנטערט זיך.

### די קאָסטיומען זיינען לייכטע.

קינדער זיינען מילד, די אויגן ברענענדיקע, די נעזלעך פאַריסן, די בעקלעך רויטלען זיך, דער רעבע פאַרקערט — אַ הויכער, אַ דאַרער, אַן איינגע-הויקערטער, דער פּאָנים טונקל מיט אַ צושויבערטער באָרד.

### אַזעלכע גרימען זיינען פּאַסנדיק.

יונג זיינען די אַנטיילנעמער, די יינגלעך-קינדער, און יוגנט איז אומיטל-באַר, יוגנט גייט לייכט איבער פון איין שטימונג צו דער צווייטער און דערפאַר: אויב קינדער דערציילן שרעקלעכע מאַיסעס, גלויבן זיי בעעמעס, שרעקן זיי זיך בעעמעס, אויב זיי שפּילן אין „דאָקטאָר-יאָקטער" זיינען זיי פאַרכאַפּט פון זייער איינפאַל, אויב זיי טוען אָפּ שפּיצלעך דעם רעבן, איז מיט גרויס היסלאָוועס, מיט גרויס פרייד. און דער אויספיר:

### נישט נאָכמאַכן קינדער, נאָר זיין קינדער.

דער רעבע איז ערנסט, דער רעבע גלויבט, אַז דאָס, וואָס ער טוט, איז גוט, אַז אַנדערש קאָן ניט זיין, אַז ער איז דער בעסטער דערציער.

### אין זיין ערנסטקייט שטעקט דער קאָמיזם.

ווען מ'שרעקט אים, איז ער אף אזוי פיל צוטומלט, אַז ער גלויבט אין אַלץ, און נאָך שאַרפער ווערט דערפאַר דער קאָמישער מאָמענט, ווען ער דערזעט, אַז די יאַטן האָבן מיט אים אָפּגעשפּילט אַ שפּיצל.

### דער סאָף.

דער רעבע אַ צובראָכענער, אַן אומעכטיקער אָפן דיל. די שטיפער פריי-לעכע, זאָרגלאָזע טאַנצן האַסטיק אַרום אים און זינגען.

מ. ר.

ש. העלמאנד.

# טריפאליע*).

(פון דער לידערזאמלונג „קעפ"—מינסקער ליטגרופע—„יונגער אַרבעטער").

·I



אַף יענע וועגן פירן שלאַנקע טאָפאָלן,
און שטרענגע וועגן פירן דאָרט אַרום.
אין בלייכע נעכט, אין שטילן אָוונט
פון טריפאָליע,
אין שטילע אָוונטן פון בלייכן יון.

שוואַרצע נאכט מיט רויטן פאַס פון שקיע,
שוואַרצע נאכט פון אונטער בלויזע בערג.
די בעסטע זין, די שטייפסטע זין פון קיעוו
האָט שטאָט געשיקט אַהער אַף אומרו
און אף שרעק.

די שטייפסטע זין, די זינגענדיקע זין
און טעכטער,
די זינגענדיקע טעכטער פון קאָמיוג.
...וועט גרויער קנויל מיט הייסן לייב
זיך פלעכטן
און קיינער וועט ניט קומען מיטן צוג.

אַף יענע וועגן פירן שלאַנקע טאָפאָלן,
און שטרענגע וועגן שטיקן זיך אין שרעק.
אין גרויע אָוונטן פאַרוויקלט זיך טריפאָליע,
און שוואַרצע רייטער נידערן פון בערג.

·II

און לידער ווערן הילכיקער און שאַרפער
פון הייסע טעג, פון וואָכן, פון צופלאַקערטע,
איז ווען קאָפּ בלייבט שווער פון אונטער מאַרשן?
און וועמענס האַרץ בלייבט גרוי פון אונטער פאַקעלן?

אַ לעצטער בליק פאַר דיר, פון אונטער שארפע וויעס.
אַ לעצטער בליק פאַר דיר, פון רויכערדיקן צוג.
פאַר יעדער גאַס פון אויסגעקעמפטן קיעוו,
פאַר יעדן שטיין וועט קעמפן דער קאמיוג.

·III

און פאַרוויים, און פאַרדרייט איז מיט רייטער, מיט פערד און מיט פאָנען,
פון ווייטן ער קומט, און ער גייט, ער גייט און ער קומט אָן זעליאָני.
נאָר ווען ס'פילט זיך הייגט פריי, און ס'איז ווילד און פאַרשייטער
אָט דאָ, באַ די ליכטיקע, העלע, באַ טונקל-פאַרויכערטע שייטערן;
ווען ס'איז גרייט, און ס'איז הייס אָט דער שטאָל און דער בליי
באַ די לענדן, —
דערציילט ער — דער כאַוער, דער ברודער זיין אַלטע זיין לאַנ-
גע לעגענדע.
ווען ס'איז ענגער די ראָד און דער פייער מיט רויך איז פאַרפלאָנטערט,
דערציילט ער — דער ברודער, דער כאַווער זיין מאַיסע, זיין
ווייטע פון פראָנטן.
נאָר ווער וועט דערציילן, אַז דאָרטן פון ווייטן פון הוילע,
פון ווייטן עס קומט און עס גייט, און עס גייט און עס קומט
אָן דער סוינע.

אַז אַף ווייט, אַף פאַרוואָרפענע שליאַכן אין שרעק
פאַרהילכן שוין טלאָען, פאַרהילכן שוין רייטער די בערג.
נאָר ס'פילט זיך הייגט פריי, און ס'איז ווילד און פאַרשייטער
אָט דאָ באַ די ליכטיקע, העלע, באַ טונקל-פאַרויכערטע שייטערן.

·IV

— און אין פייער, און אין כורוועס, און אין פלאַם!
אַזוי באַפוילן האָט דער ווילדער אַטאַמאַן.
— זאָלט איר שניידן, זאָלט איר שיסן אַפן אָרט
אָט דעם האַרטן, אָט דעם שטייפן קאָמסאָמאָל.

און די לייבער און די גופים, און די קעפ
דאַרפן שווימען ווי די שיפלעך אַפן דניעפּ.
און די מיידלעך, און די שטייפע מיט געווער
זאָלט איר קייקלען ווי די שטיינער פון די בערג.

נאָר די רייפע, נאָר די שענסטע פון פאָדאָל
זאָלט איר לאָזן פאַר די עלטסטע פונם פאָלק.
— און אין פייער און אין כורוועס און אין פלאַם!
אַזוי באַפוילן האָט דער ווילדער אַטאַמאַן.

·V

אַ מיידל פון קיעוו וועט קיינמאָל ניט מיד זיין
אַ מיידל פון קיעוו איז בליאַק און שטייף.
מעג נאַכט זיין צושפאָלטן, צעלעכערט פון שפיזן,
אַ מיידל פון קיעוו איז בליאַק און שטייף.

אַ מיידל פון קיעוו קאן שטיין אונטער קוילן,
אַ מיידל קאָן פאלן מיט ביקס.
אין ערגעץ, אין נאַכט אַף די וועגן אַף הוילע
אַ מיידל ז'געפאַלן מיט ביקס.

·VI

שטילער אָוונט, גיי הייגט ניט אַוועק,
שטילער אָוונט, שטומער אַף אוקראַינע.
דאָס מיידל וועט ניט צושווימען צום ברעג,
דאָס מיידל וועט ניט לעשן דיינע פייערן.

שטילער אָוונט, שטערנדיק און בלאַס,
שפיגלסט זיך אין אָוונטיקן דניעפּ.
דאָס מיידל איז פאַרפרוירן און איז נאַס,
דאָס מיידל וועט ניט פלעכטן אירע צעפּ.

שטילער אָוונט, ווייע ניט אין שרעק,
שטילער אָוונט, פאַל הייגט ניט אין נידער.
דאָס מיידל וועט ניט נידערן פון בערג,
דאָס מיידל וועט ניט זינגען אירע לידער.

ווייל שטיל וועט זי ניט צושווימען צום ברעג,
ווען פרי וועסטו פאַרלעשן דיינע פייערן.
שטילער אָוונט גיי הייגט ניט אַוועק,
שטילער אָוונט, שטומער אַף אוקראַינע.

*) אין טריפאליע איז אומגעקומען אין קאַמף מיט באנדיטן, אַ קאָמסאָמאָ-לישע מאַכנע. די אַרומגערינגלטע קאָמסאָמאָלצעס און קאָמסאָמאָלקעס זיינען אויס-געקוילעט געוואָרן און געוואָרפן געוואָרן אין דניעפּר.

פּאַנטעלעימאָן ראָמאַנאָוו. *)

# שוואַרצע פּלעצלעך.

## דערציילונג.

30 וויאָרסט פֿאַר מאָסקווע, האָט שוין קאַטערינע רויִק אין וואַגאָן ניט געקענט איינזיצן. איר האָט זיך געדאַכט, אַז זי וועט קיינמאָל ניט דערפֿאָרן, און מיט יעדער וויאָרסט האָט דאָס האַרץ איר געקלאַפּט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער.

נעכטן האָט זי זיך דערוווּסט, אַז אַנדריי, וואָס אַרבעט שוין פֿינף יאָר אַפֿן זאַוואָד, איז זיך צונויפֿגעגאַנגען און לעבט מיט אַ צווייטער פֿרוי.

ער אַליין האָט איר וועגן גאָרנישט ניט געשריבן און אַף אַ האָר ניט געענדערט זיין באַציִונג צו איר: ווי פֿריער, אַף יאָנטעוו געשיקט געלט, ווען ניט ווען געשריבן בריוו. מ'האָט דערציילט, אַז ער איז איצטער עפּעס אַ פֿאָרזיצער און מאַכט אַ גוטן לעבן.

גאַנץ מעגלעך, אַז בײַ אים איז עס קיין באַטרעף ניט—צו־שיקן איר די הונדערט רובל, וואָס ער שיקט, און די איבעריקע 400—500 פֿאַרלעבט ער מיט יענער. און די סומע פֿון 100 רובל, וואָס פֿריער האָט זיך איר אויסגעדאַכט, אַז ס'איז גאָר אַסאַך, האָט זיך איר איצט גענומען פֿאָרשטעלן פֿאַר גאָר קליין.

וואָס זאָל זי טאָן, ווען זי וועט קומען אין מאָסקווע? אריינ־רייסן זיך צו אים, פּאַקן אַפֿן אָרט און מאַכן אַ סקאַנדאַל?...

זאָלן לייט זען, אַז ער איז אַן אויסוואורף, אַ געמיינער יונג. די שויבן נאָך אויסברעכן... בעקיוון מיט די הוילע הענט, זאָל גיין בלוט. און די כצופּע זיינע—פֿאַר די צעפּ.

— אַך, דער טייוול, וואָס ער האָט צוטאָן!... אַלץ די רויטע סטענגעלעך... און ווי לאַנג, דאַכט זיך, האָבן זיי געלעבט אַזוי לייטיש, אין טאָל צום טייכל אַלע אָוונט נאָך גראָז געפֿאָרן: די זון פֿלעגט פֿאַרגיין, אַף יענער זייט טייכל, אַף דער פֿייכטער לאָנ־קע, פֿלעגן שרייען קראַסטעלן, אין פֿאַרנאַכטיקער לופֿט דער־טראָגן זיך פֿון דאָרף אומקלאָרע שטימען. זי שטייט אַפֿן וואָגן, און ער, דאָס העמדל צעכריאַסטעט מיט טרוקענע קודלעס, אָנגעברענטע פֿאַרן טאָג אַפֿן זון, נעמט אָן מיט די ווילעס, די אָפּגעשניטענע פֿייכטע, שמעקעדיקע גראָזן און וואַרפֿט איר אַפֿן וואָגן אין די הענט אַריין. דערנאָך פֿירט ער די פֿערד פֿאַרן צוים און זי ליגט אַפֿן וואָגן גראָז און קייט אַ שטריעלע און וויסט, אַז נאָך ווע־טשערע וועלן זיי, מידע פֿון דער הייסער אַרבעט, נאָר דערפֿאַר מונטערע און פֿריילעכע, לאָזן זיך באָרוועסרהייט דורכן הויף אין שייער און שלאָפֿן דאָרטן אַפֿן פֿרישן היי אין וואָגן. ס'וועט אופֿגיין אַ שטורם פֿון דעם זומערדיקן וואָלקן, וואָס גאַנוועט זיך שטיל אונטער, דער בליץ וועט זיך אָנצינדן אין די שפּאַלטן פֿון טויער, און אין דער פֿרישער לופֿט וועט עס אָנהייבן שטאַרקער צו שמעקן מיטן היי און מיט קומאַטש פֿון איר סאַראַפֿאַן.

און איצט איז אַן אַנדערע אַף איר אָרט.

און זי האָט געפֿילט, אַז זי איז איצט פּעיִק אַף אַלץ.

נאָר ווען זי איז מיטן גערדיבטן אוילעם אַרויס פֿון וואָקזאַל, האָט זי זיך דערפֿילט, ווי אַן איינגעשלונגענע, ווי אַ פֿאַרלוירענע אין דער גרויסער שטאָט, זי האָט באַדאַרפֿט אַ לאָז טאָן זיך אַף אים ווי אַ וויכער, אַרויסזאָגן אים אַלץ, און דאָ איז איר אויס־געקומען צו גיין און פֿאַנאַנדערפֿרעגן, ווי צו דורכפֿאָרן אין יענער גאַס, ווו ער האָט געוואוינט. קאַטערינען האָט מען באַוויזן דעם טראַמוואַי, נאָר נעמענדיק דעם בילעט, איז זי ניט געפֿאַלן אַפֿן סייכל צו פֿרעגן, ווען זי דאַרף אַראָפּגיין, און זי איז געזעסן אַזוי לאַנג, ביז וואַנען מע איז ניט געקומען ערגעץ אין אַן עק שטאָט.

האָט זי געמוזט צוריק פֿאָרן און דערנאָך גיין זוכן דעם נומער פֿון הויז.

מע וויזט איר אָן ווייטער, גייט זי און שעמט זיך אַלץ נאָך אַמאָל צו פֿרעגן, און ווען זי פֿרעגט שוין, לאָזט זיך אויס, אַז זי איז שוין איבערגעגאַנגען און זי מוז זיך שוין אומקערן צוריק.

זי איז געגאַנגען. שפּרייזנדיק אַלץ שנעלער און שנעלער, געטראַכט נאָר וועגן דעם, אַז ביז וואַנען זי וועט דאָ אַזוי אַרומ־גיין, וועלן זיי אין ערגעץ פֿון שטוב אַוועק.

ווען זי האָט געפֿונען דעם נויטיקן נומער, מיט גרויסע טירן און גלאַנצנדיקע שויבן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די טירן פֿון אַלע דירעס זיינען פֿאַרשפּאַרט און מען האָט געדאַרפֿט קלאַפּן אָדער אָנקלינגען. ווהין אָבער קלינגט מען, ווי טרעפֿט מען אין וועלכער טיר גיין צו אים?

— מומעשי, וואָס פּלאָנטערסטו זיך דאָ?—האָט איר געפֿרעגט עפּעס אַ מענטש אין אַ פֿאַרטעך מיט אַ שטאַמאייזן אין האַנט.

קאַטערינע האָט געזאָגט.

— ניטאָ אים דאָ, ער וואוינט דאָ ניט מער.

— וואָס הייסט ער וואוינט ניט? מאַמעלעך, וואָס וועל איך איצטער טאָן?!

געלט האָט זי אין גאַנצן געהאַט נאָר איין קערבל, פֿאַרבונדן אין אַ ברעג פֿון טיכל. דאָס וועט ניט קלעקן אַף צוריקוועג.

נאָר אין דער צייט איז פֿון טיר אונטער די טרעפּ אַרויס אַן אַלטינקע מיט אַן עמער און אַ ווישעטש און דערוויסנדיק זיך, וואָס מע דאַרף, האָט זי געזאָגט, אַז אַנדריי ניקאַנאָריטש, איז אַרויסגעפֿאָרן אַף אַ דאַטשע. אַהין דאַרף מען פֿאָרן מיטן אייזנבאַן.

קאַטערינע האָט זיך אַזוי דערפֿרייט, וואָס זי האָט געפֿונען אַ שפּור פֿון אים, אַז זי איז קימאַט לויפֿנדיק אַרויסגעפֿלויגן פֿון טויער. פֿון גרויס פֿרייד האָט זי זיך ניט פֿאַנאַנדערגעפֿרעגט ווי געהעריק, און עס האָט זיך באַקומען אַזוי, אַז ווען זי איז געקו־מען אַף די דאַטשעס, האָט זי די גאַס געוווּסט, נאָר דעם נומער פֿון דאַטשע האָט זי ניט געוווּסט.

ס'איז שוין געוואָרן באַלד אָוונט, עס האָט זיך אַראָפּגע־

*) פֿון רעדאַקציע. פּאַנטעלעימאָן ראָמאַנאָוו איז איינער פֿון די באַגאַבסטע מאָדערנע רוסישע שטייגערשרייבער. מיט זיין דערציילונג „שוואַרצע פּלעצלעך" הויבן מיר אָן אַ ריי איבערזעצונגען, וואָס דאַרפֿן באַקאַנען אונדזער לייענער מיט דער מאָדערנער רוסישער ליטעראַטור.

לאָזן אַ כמאַרע, און זי איז אומגעלאָפֿן פֿון איין עק גאַס צום צווייטן, געפֿרעגט און בעשום אויפֿן ניט געקענט געפֿינען. אין האַנט איז באַ איר געווען אַ קלומעקל מיט שוואַרצע פּלעצלעך. פֿאַרוואָס זי האָט זיי גענומען, געדענקט זי ניט. געפֿאָרן איז זי מאַכן אַ סקאַנדאַל דעם מאַן און אויס געוואָינהייט, אַפּאָנים, מיטגענומען אַ מאַטאָנע—שוואַרצע, איינגעמאַכטע אַף אַראַגע, קאָרענע פּלעצלעך.

געלט איז געבליבן סאַכאַקל עלף קאָפּעקעס. דער קאַנט אַן אומבאַקאַנטער, ס'קומט אונטער די נאַכט, ס'נעמט קערן אַ ווינט. און זי מיט אַ פֿאַרשוויצטן, צושראָקענעם פּאָנים פֿליט אום איבער דער גראָזיקער דאַטשע, מיט הויכע שיטערע סאָסנעס באַ די זייטן, און ברעכט פֿאַרצווייפֿלט מיט די הענט און אין איין האַנט פּלאָנטערט זיך דער קלומעקל מיט די פּלעצלעך.

און אין דעם מאָמענט, ווען זי האָט זיך שוין אינגאַנצן פֿאַרלוירן אין העכסטן גראַד פֿון פֿאַרצווייפֿלונג און פּאַכאַד, האָט זי פֿאַרקערעוועט אין עפּעס אַ געסל און דאָרטן הינטער די גראַטעס פֿון אַ גערטנדל האָט זי דערזען דעם אַזוי באַקאַנטן, דעם אַזוי נאָענטן קאָפּ טרוקענע קודלעס.

דאָס איז ער—אַנדריי געזעסן אַף די שפּיץ פֿינגער נעבן אַ בייט מיט אַ פֿאַנאַנדערגעשפּילעטן פּרענטש און זיך עפּעס געגראָבן אין דער ערד.

קאַטערינע האָט נאָר אַ געשריי געטאָן:

— אַנדרייעלע, מיין טייערינקער!

אַ וואָרף געטאָן זיך צום טירל פֿון גערטנדל, און אַז אַנדריי האָט זיך אויפֿגעהויבן אַ פֿאַרכידעשטער פֿון בייט, האָט זי אים אַרומגענומען מיט די הענט און זיך צוגעדריקט מיטן קאָפּ צו זיין ברוסט, ניט קאָנענדיק איינהאַלטן די טרערן.

—זע, פֿון וואַנען קומסטו? פֿון הימל אַראָפּגעפֿאַלן? האָט אַנדריי מיט פֿרייד און פֿאַרווונדערונג געפֿרעגט.

קאַטערינע האָט גאָרנישט געקאָנט ענטפֿערן.

— איך האָב זיך שטאַרק דערשראָקן. געמיינט כ'וועל שוין ניט געפֿינען, אַ גאַנצן טאָג געזוכט און אַלץ ניטאָ. טאַטע, פֿאָטערל, ווי טוט מען זיך אַ הין!

און זי האָט זיך ווידער צעוויינט.

— וואָס איז מיט דיר, בריע, דו איינע!

זי האָט זיך פֿאַרשעמט, אויסגעווישט די אויגן מיט דער פֿאַרקערטער זייט פֿון דער דלאָניע און צושמייכלט זיך פּונקט ווי אַ שולדיקע. דערנאָך האָט זי זיך באַלד דערמאָנט נאָך וואָס זי איז געקומען צופֿאָרן. נאָר נאָך דעם אַלץ, וואָס ס'איז געשען, נאָכדעם ווי זי האָט זיך צו אים געוואָרפֿן, ווי צו איר רעטער און אויסלייזער, און זיך נאָך צעוויינט באַ אים אַפֿן האַרצן פֿון פֿרייד, האָט מען דאָך ניט געקענט גלייך אָנהויבן אַ סקאַנדאַל און מיטאַמאָל איבערגיין פֿון טרערן צו גוואַלדן.

און אַז אומגעריכטערהייט האָט זי דערנאָך דערזען אין גאָרטן דעם באַקאַנטן קאָפּ קודלעס זיינע, האָט זי אין האַרצן דערפֿילט אַזאַ פֿרייד, וואָס זי האָט ניט געפֿילט אַפֿילע דעמאָלסט, ווען זי איז מיט אים געפֿאָרן נאָך גראָז און זיי זיינען געשלאָפֿן אין שייער.

און ער האָט אויך ניט אַרויסגעוויזן אַזוינס, וואָס מען האָט געקאָנט דערוואַרטן פֿון אַ מאַן, צו וועלכן ס'איז געקומען צופֿאָרן אַ געוואָרפֿענע ווייב, אַ פּראָסטע פּויערטע פֿון דאָרף אין אַ קומאַטשענעם סאַראַפֿאַן.

זי האָט ניט באַמערקט אַף זיין געזיכט און אין זיין שטים קיין מינדסטן שאָטן פֿון אומפֿריינטשאַפֿט און קאַעס: ער איז געווען רויִק, ווי פֿריער האָט זיך באַ אים געפֿילט אַ קוים באַמערקבאַרע אַפּאַטראָפּעסדיקע צערטלעכקייט, דערהויפּט ווען ער האָט געזאָגט: „וואָס איז מיט דיר—בריע, דו איינע?“.

— נו, לאָמיר גיין, כ'וועל הייסן אָנשטעלן דעם סאַמאָוואַר.

ער איז אַוועק פֿאָרויס, מיטן שטעגעלע צום נייעם הייזל, וואָס איז געווען פֿריש אָפּגעפֿאַרבט אַף געל און איז געשטאַנען באַם וועלדל צווישן אָפּגעהאַקטע פּעניעס.

אַפֿן וועג האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און אַ געשריי געטאָן צו עפּעס אַ מענטשן אין אַ רעקל, וועלכער איז גראָד פֿאַרבייגעגאַנגען:

— איוואַן קוזמיטש, מע דאַרף מאָרגן שיקן אין שטאָט נאָך סכוירע, כ'וועל אָנשרייבן אַ צעטל.

לויט דעם, ווי ער האָט זיך געווענדעט צום דאָזיקן מענטשן און ווי יענער האָט אופֿמערקזאַם אויסגעהערט אים און געענטפֿערט „גוט“, האָט קאַטערינע דערפֿילט, אז ער איז דערזעלביקער קלוגער, גוטער באַלעבאָס אַנדריי און עפּעס נאָך איינער, פֿון וועלכן ס'הענגען אָפּ מענטשן, וועלכער באַפֿעלט און גיט פֿאַראָרדענונגען אין דעמדאָזיקן פֿרעמדן אומבאַקאַנטן אָרט, אַלצײנס, ווי ער פֿלעגט דאָס טאָן אינדערהיים, אַזוי פּראָסט און רויִק, פּונקט, ווי אַנדערש קאָן דאָס גאָר ניט זיין.

זי איז צוגעגאַנגען צום שטיבל מיט אַ פֿאַרכאַפּט האַרץ. ער האָט איר גאָרנישט געזאָגט וועגן דעם. פּלוצלונג וועט זי זיך באַלד באַגעגענען מיט יענער. געוויס אויסגעפּוצט אין אַ קלייד, ווי אַ פּריצטע. קאַטערינע האָט ניט ווילנדיק אַ קוק געטאָן אַף איר יאָנטעוודיקן סאַראַפֿאַן און דערפֿילט ווי אַ זודיקע כוואַליע בלוט האָט אויס כאַרפּע פֿאַר אירע דאָרפֿישע מאַלבושים, זיך אַריינגעגאָסן איר אין די באַקן.

אַז זיי זיינען אַריינגעגאַנגען אין גערױמען צימער פֿון שטיבל מיט די נייע סאָסנע־ווענט און איבערגעצוימטע ווענטלעך, איז דאָס ערשטע, וואָס זי האָט דערזען—צוויי בעטן.

באַ איר האָט דאָס האַרץ אַזוי גענומען קלאַפּן, אַז די פּיס זיינען פּלוצלונג אָפּגעשוואַכט געוואָרן, אָנגעהויבן בויגן זיך, און אין האַלדז האָט עס אָנגעהויבן טריקענען.

אין צימער איז אַלץ געווען אַזוי פֿרעמד, אַזוי ניט ענלעך אַף זייער כאַטע, ווו זיי האָבן צוזאמען געוואָינט: נעבן פֿענצטער —אַ טיש, באַדעקט מיט אַ צייטונג, צוגעשפּיליעט אין די ווינקלען מיט נעגעלעך. אַ טינטער, אַ פּעדער, אַ באַרג ביכער, עפּעס פּאַפּירן, אָנגעשטאָכענע אַף אַ לאַנגן טשוואָק אַפֿן וואַנט. ריינע שטאָטישע האַנטיכער לעבן האַנטפֿאַס אין ווינקל.

— טפּילע טאָן איז באַ דיר ניטאָ צו ווענען?

— יאָ ניטאָ,—האָט אַנדריי פּראָסט געענטפֿערט.

ער האָט געוואַשן די הענט, שטייענדיק מיט דער פּלייצע צו דער ווייב און דערנאָך ניט געאיילטערהייט אויסגעווישט זיי מיטן קלאָרן ווייסן האַנטעך.

און קאַטערינע האָט זיך אין פאַרלעגנהייט צוגעזעצט אפֿן ערשטן שטול, וואָס זי האָט דערזען שטיין אין מיטן צימער, און מיטן קלומיקל אין האַנט גענומען באַטראַכטן דעם צימער, זוכנדיק מיט דורשטיקע אויגן שפּורן פֿון י ע נ ע ר, פֿון דער צווייטער...

און מיט אַמאָל האָט זי דערזען אַן אַלטינקע שטרויענע היטעלע אפֿן אַלמער...

זי האָט אָף גיך אָפּגעקערט דעם קאָפּ, אַנדריי זאָל ניט באַמערקן, אַז זי האָט דערזען דאָס היטעלע.

— נו, אָט וועלן מיר באַלד טיי טרינקען—האָט געזאָגט אַנדריי און גענומען אויפֿקלייבן פֿון עסטיש די צייטונגען און פּאַפּירן.

קאַטערינע האָט פּלוצלונג דערפֿילט, אַז זי ווייסט ניט פֿון וואָס צו ריידן מיט אים, עס זאָל ניט זיין קיין שטילשווייגן, און אין דער שווייגעניש האָט זיך שרעקלעכער פֿון אַלץ געשפּירט, אַז צווישן זיי ליגט עפּעס אַזוינס, וועגן וואָס ניט זי, ניט ער האָבן נאָך קיין וואָרט ניט געזאָגט.

ווען זיי האָבן געלעבט אינדערהיים, האָבן זיי יעדן טאָג גערעט וועגן איין זאַך, וועגן דער בהיימע, וועגן די יאַטן (דריי זיינען זיי), וועגן שלעכטן וועטער. זי האָט זיך איצט געסטאַרעט מיט אַלע קויכעס זאָגן אים עפּעס, נאָר זי האָט גאָרנישט ניט געקאָנט געפֿינען. דערנאָך האָט זי פּלוצלונג זיך דערמאָנט אָן דער בהיימע און זיך דערפֿרייט...

אונדזער ליסקע האָט זיך אַנומלטן אָפּגעקעלבט... אַ טייער קעלבל האָט זי געהאַט, איינגאַנצן—זי... און בא די ווערטער „אונדזער ליסקע" האָט זי ניט ווילנדיק דערמאָנט זיך אָן דער שטרויענער היטעלע און אַ קוק געטאָן. און מיט האַרצקלאַפּעניש האָט זי געוואַרט, וואָס וועט זאָגן אַנדריי.

— איינגאַנצן—זי?—האָט מעכאַניש איבערגעפֿרעגט אַנדריי. ער האָט אַפּאַנים וועגן עפּעס געקלערט נאָך אַלץ צוקלייבנדיק די צייטונגען פֿון טיש און אויפֿלייגנדיק זיי אַפֿן עטאַזשערקע. און פּלוצלונג, שוין מיט אַן אַנדער אויסדרוק, אַ קוק געטאָן אָף דער ווייב, ווי ער וואָלט באַשלאָסן זאָגן איר זייער אַ וויכטיקע זאַך.

די שרעקלעכע מינוט איז אָנגעקומען...

— קאַטיושאַ, האָט אַנדריי געזאָגט, קוקנדיק ניט אָף דער ווייב, נאָר אין פֿענצטער,—איך האָב דיר ניט געשריבן, ווייל מע דאַרף עס ניט... איך וואָין דאָ ניט אַליין, נאָר מיט אַ כאַווערטע... אַ מיידל איז זי—אַ וואָילע, אַן ערלעכע... זי דאַרף באַלד קומען פֿון שטאָט, פֿון איר שטעלע, זע, באַליידיק זי ניט. מיט פּרויען האָב איך זיך ניט אַרומגעשלעפּט, נאָר... אַז ס'האָט זיך געמאַכט... בין איך זיך ערלעך צונויפֿגעגאַנגען... דאָס איז גאָר...

קאַטערינע האָט שווייגנדיק געקוקט אָף אים, ניט פֿינטלענדיק מיט די אויגן, נאָר אין האַלדז האָט איר געצופּט פֿון אַראָפּגעשלונגענעם שפּייעכץ.

אָט דאָ וואָלט זי אייגנטלעך באַדאַרפֿט אויפֿשפּרינגען, אַראָפּשמייסן דעם טיכל פֿון קאָפּ, אויסרייסן בא זיך אַ הויפֿן האָר און צושרייען זיך ווי אַ מעשוגענע פֿון ווייטאָק און צאַרעס. און דערנאָך ברעכן די שויבן.

נאָר אַנשטאָט דעם, האָט זי אַליין, ניט ווייסנדיק פֿאַרוואָס, בלויז שטיל געזאָגט:

— און ווי זאָל עס איצט זיין מיט מיר?

— ווי דו האָסט געלעבט, וועסטו ווייטער לעבן—האָט אַנדריי געזאָגט: געלט וועל איך שיקן, צום אַראָפּנעמען פֿון פֿעלד וועל איך קומען אונטערהעלפֿן.

קאַטערינע האָט ניט געענטפֿערט, טרערן האָבן מיט אַמאָל אָנגעהויבן אָנפֿילן אירע אויגן און דערנאָך אומגעריכטערהייט אַ גאָס געטאָן זיך דורך די ברעמען אָף די הענט. און זי האָט ניט די אויגן געווישט, נאָר פֿון די הענט מיטן אַרבל אַראָפּגעווישט די טרערן.

— נו, וואָס ביזטו אַזוי צוטראָגן... מ'וועט אויסקומען ווי עס איז—האָט געזאָגט אַנדריי און אַ קוק טוענדיק אין פֿענצטער צוגעגעבן—אָט גייט זי, מ'רופֿט איר אויך קאַטערינע... קאַטיע. וויש אויס די אויגן, ניט גוט... איך האָב איר וועגן דיר געזאָגט...

קאַטערינע האָט געהאָרכזאַם, איילנדיק אויסגעווישט די אויגן.

זי האָט געריכט זיך צו דערזען אַ פֿרוי אַ היבשע, מיט ווייסע גראָבע עלנבויגנס און ברוסטן, אַ פֿרישע מיט אַ ווייסער צורע, אַן אָפּגעפֿרעסענע אַף גריינגן ברויט, אַף אירע 500—400 רובל, אין דער צייט, ווען זי איז אויסגעדאַרט און אויסגעקוואַרט געוואָרן, קאָרמענדיק אין האָדעוועגדיק זיינע קינדער, אַראָפּנעמענדיק די קאָרן פֿון פֿעלד. די הענט זיינען געוואָרן ווי אַ טאַרטקע, פֿאַרברענטע; די עלנבויגן, וועלכע זיינען אַמאָל געווען קלאָר און קיילעכדיק, זיינען געוואָרן פֿאַרשאַרפּט, און ווידער האָט אַ ברענענדיקע אייפֿערזיכטיקע סינע זיך אַ שליידער געטאָן אין איר ווי אַ פֿינצטערע כוואַליע פֿון האַרצן ביזן קאָפּ.

נאָר אין דער צייט איז אין צימער אַריין אַ דינינקע, דאַרינקע מיידל, אין אַ ווייסער בלוזקעלע, אין אַ קורצבלאָען קליידל אין געלע צוטראָטענע טופֿליעס. די בלאָנדע האָר זיינען געווען אָפּגעשאָרן ווי בא אַ יינגל און זיי האָבן זיך נאָר געהאַלטן מיט אַ קיילעכדיקן קעמל.

זי איז אַריין און פֿון אומגעריכטקייט אָפּגעשטעלט זיך מיט אַ בינטל פּאַפּיר אפֿן שוועל.

— גאָטעניו—האָט אַ קלער געטאָן קאַטערינאַ—וואָס האָט ער אַזוינס אין איר געפֿינען? דער פּאָרנס, ווי אַ ברעטל, און קיין הינטן איז אויך ניטאָ.

— קאַטיע, מיר האָבן געסט—האָט אַנדריי געזאָגט זעענדיק, ווי זי שטייט עפּעס ניט אַנטשלאָסן, ווי זי וואָלט וועלן עפּעס פֿרעגן—קאַטערינישקע איז געקומען.

קאַטיע האָט זיך אין פֿאַרלעגנהייט פֿאַרוויטלט, אַ שמייכל געטאָן און דערלאַנגט דער אוירעכטע אַ דאַרע ניט קיין פֿאַרברענטע האַנט.

— און איך האָב זיך ניט אָנגעשטויסן גלייך—האָט זי געזאָגט און ווידער אַמאָל עפּעס אַזוי ווי שולדיק און גלייכצייטיק צערטלעך אַ שמייכל געטאָן. און גלייך, כאַפּנדיק זיך, צוגעגעבן: פֿון וועג מוזט איר געוויס וועלן עסן?

— איך האָב געזאָגט דער באַלעבאָסטע, אַז זי זאָל אָנשטעלן אַ סאַמאָוואַר,—האָט זיך אָפּגערופֿן אַנדרעי.

— נו, דאָס איז וואָיל. איך בין נאָר וואָס פֿון אַנשטאַלט,—האָט קאַטיע זיך געווענדעט צו קאַטערינען. זי האָט פֿאַרבייגיי-

ענדיק אַריינגעקוקט אין האַנטשפּיגעלע, וואָס איז געהאַנגען אַפן וואַנט נעבן דיִ האַנטעכער, פאַריכט דיִ האָר און אַוועק הינטערן ווענטל.

קאַטעריִנע איז אַלץ אין פאַרלעגנהייט געזעסן אין מיִטן ציִמער אַפן זעלביִקן שטול, אַף וועלכן זיִ האָט זיִך געזעצט, ווען זיִ איז אַריין. זיִ האָט ניִט געוווּסט וועגן וואס צו ריידן און וויִ צו האַלטן זיִך מיִטן מאַן, אז דאָ אונטערן ווענטל איז געווען יענע... ז יי ן ווי י ב. בא איר האָט זיִך נאָר קעגן אייגענעם וויִלן אַרויסגעכאַפּט:

— אַ פּיִצינקע אַזאַ, אַ דאַריִנקע...

גאָרניִשט, אַ גוטער מענטש, אַ ווייכהאַרציִקער... האָט געענטפערט אַנדריי.

ויִ זיִ וואלט זיִך אָן עפּעס דערמאָנט, האט קאַטעריִנע געשוויִנד פאַנאַנדערגעבוּנדן איִר קלוּמעקל און אַרויסגענומען פוּן דאָרטן דיִ שוואַרצע פלעצלעך.

— אָט, אַ מאַטאָנעלע...

און ווייל אין דער צייט איז איִן ציִמער אַריין קאַטיע מיִט אַן אונטערגעבוּנדענעם פאַרטעך און מיִט שוואַרצע פוּן דיִ קוילנהענט, האָט קאַטעריִנע, ניִט וויִלנדיִק געזאָגט, ווענדנדיִק זיִך צו איִר, ויִ זיִ וואָלט זיִך שעמען מיִט איִרע שוואַרצע פלעצלעך.

— אָט, אַ מאַטאָנעלע אייך—אַ דאָרפּישע.

קאַטיע האָט זיִך וויִדער פאַרויטלט און געוואָרפן אַ בליִק אַף אַנדרייען.

— נעם, נעם, האָט יענער געזאָגט, פאָרענדיִק זיִך דאָרט עפּעס איִן ווינקל—גאָרניִשט, אַ מענטש אַ גוּטער.

— נוּ, צוּליִב וואָס, ס׳לוינט ניִט כ׳לעבן—און באלד צוגעגעבן:—און איִך האב זיי האָלט אַ שרעק.—אַף אראַגע?

– אַף אַראגע, אף אַראגע, האָט גיִך, גיִך אָפגעענטפערט קאַטערינע, דערפרייענדיק זיִך, וואָס דאָס מיידל ווייסט, וואָס איז אַזוינס אראגע.

און דערנאָך איז מען זאלבעדריט געזעסן און געטרוּנקען טיי.

איוואַנאָוון האָט מען פאָרט אַראָפּגעזעצט, האָט קאטיע, אַגעוו, אַ זאָג געטאָן, זיך ווענדענדיק צוּ אַנדרייען—אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלוּנג געווען, אַ טומל...

— וואָס רעדסטוּ?! שוין לאַנג צייט געווען—האָט אַנדריי לעבהאפט געענטפערט.

ער האָט נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן, נאָר קאטיע האָט זיִך ויִ געכאַפּט און איבערגעריסן דעמדאָזיִקן שמוּעס און זיך ווייטער געווענדעט צוּ קאַטעריִנען.

— באַ אייך איז אַף דיִ דליאָנעס מאזאָליעס און בא מיר —אַף דיִ פינגער, גאַנצע טעג קלאפּ איך אף דער מאשינקע.

האָט קאטעריִנען זיִך אויך געוואָלט עפּעס דערציילן אַזוינס, אַז אַנדריי זאָל זיך אויך פאַריִנטערעסירן און ווערן לעבעדיקער, ווי בייס קאַטיע האָט גערעט וועגן עפּעס אַן איִוואַנאָוון, ס׳האָט זיך איִר געוואָלט דערציילן, ווי זי איז געפאָרן, וואָס זיִ האָט געזען, נאָר זי האָט ניט געוווּסט ווי אָנצוּהויבן און זי האָט נאָר געזאָגט, זיך ווענדנדיק צו קאַטיען:

— אין בא אוּנדז האָט זיך דיִ „ליסקע" אָפגעקעלבט, אוּנדזער בהיימע, אַ גאַנצע נאַכט איבער איִר ניט געשלאָפן. דאָס קעלבל איִז פוּנקט ויִ זי, פוּנקט דיִ מאַמע.

— איך האב קעלבעלעך האָלט—האָט קאַטיע געזאָגט. געשוויִגן אַ ביסל.

— און באַ מיר האָבן זיך עפּעס בארעדעווקעס אַף די פינגער באוויזן,—האָט אַרויסגערעט קאַטיע.

און קאַטעריִנע האָט זיך דערפרייט, וואָס קאַטיע האָט זיך צוּרעט וועגן בראָדעווקעס, ווייל זי האט געוווּסט אַ מיטל קעגן זיי—אָליִם, און זי האָט גלייך גענוּמען דערציילן ווי מען דאַרף זיי אַראָפּנעמען, און געסטאַרעט זיך וואָס לענגער ריידן, מוירעהאָבנדיק, אַז זי וועט באַלד ענדיקן, וִועט ווייטער ניט זיין וועגן וואָס צוּ שמוּעסן.

נאָך וועטשערע, וואָס איִז געווען פאַר קאַטעריִנען אַן אָפּקוּמעניִש, ווייל זי האָט ניט געוווּסט ווי צו באגיין זיך מיִט מעסער-גאָפל און זיי זיינען בא איר עפּעס מאָדנע געפאַלן פוּן די הענט, האָט קאטיע אופגעראמט דיִ געפעס, און קאטערינע האט געטראַכט נאָר וועגן איינס; ווּ וועלן זיי זי לייגן שלאָפן. זיי וועלן געוויס זיִ אָפּפירן צו שכיינים, און אַליין וועלן זיי בלייבן דאָ באַנאַנד.

דערדאָזיקער געדאַנק האָט ווידער אופגעהויבן אַפן דעק פוּן איִר הארצן אַ טוּנקעלע כוואַליע פוּן ווייטאָק און אייפערזיִכטיִקייט, נאָר קאטיע האט פוּן ערגעץ געבראַכט אַן אופגעלייגט בעטל און אָנגעהויבן בעטן אַ דריטן געלעגער אינם זעלבן צימער.

און קאַטערינע איִז צוגעגאַנגען צום טיש, פאַנאַנדערגעוויקלט די פאַפירן, געקוּקט אין זיי און געזאָגט:

– גאָטעניוּ, אַ וואָרט ניט צוּ פאַרשטיין. און ווי קלייבט איר זיִך אין זיי פאַנאַנדער?

— א געוואָינהייט.

פאַרן שלאָף האָט קאטיע ארויסגעשיִקט אַנדרייען פוּן ציִמער. ער האט אָנגעטאָן די היטל און איז אַרויס.

— נוּ, איצט לייגט זיך,—האָט זי געזאָגט ווענדנדיק זיִך צו קאַטערינען מיִט דעמזעלביקן שמייכל און אָנגעוויזן אפן געלעגער, ווּ זי האָט נאָר וואָס איבערגעביטן די וועש.

און קאַטערינע, פילנדיק אַז מען דאַרף זאָגן עפּעס העפלעכעס, האָט געזאָגט:

— צו וואָס זאָלט איר זיִך מאטריִעך זיין, כ׳וואָלט זיך געלייגט אַף דער פּאָדלאָגע, געוואָינט צוּ אלץ...

— ניין, ניין, צוּ וואָס!

קאַטעריִנע האט אויסגעטאָן די שיִך און געקוּואָלן, וואָס זי איִז ניִט געפאָרן אין לאַפּטיעס, דערנאָך אַראָפּגעוואָרפן איִבערן קאָפּ די קליידל און, שעמענדיק זיך מיט איר גראָבער דאָרפישער העמד, גיך אַריינגעלייגט זיך אין בעט.

און קאַטיע האָט אַרויסגענוּמען פוּן אַלמער דעם אָליִם, צוגעזעצט זיך צו קאַטעריִנען און גענוּמען פאָרזיכטיק שמיִרן די בראדעווקעס, און יענע האָט איר געלערנט און געהאלפן.

דערנאָך האָט זיך קאטיע אויך אויסגעטאָן. קאַטערינע האָט מיט נייגעריקייט און גרויל אומגערן א קוּק געטאָן אַף איִרע דאַרינקע פיסלעך, אַף איר בויך, וואָס האָבן געהאט אַ נאָענטע שאַי-

כעס צו איר, קאַטערינעס, מאַן און ווייטער איז איר פֿינצטער געוואָרן אין די אויגן. „און אַף וואָס האָט ער זיך עס געקוואַפּעט. זי, קאַטערינע, גיט אַ שלעפּ איינע פּאָמאָיעס פֿאַר די כאַזיירים אַ גאַנצן צעבער, און די וועט אַ קריגל מילך ניט אופֿהויבן".

— נו, איר האָט זיך שוין דאָרטן אָפּגעפּאַרטיקט? האָט זיך דערהערט פֿון הינטער דער טיר אַנדרייס קאָל.

– קום, קום אַריין,—האָט אים אַ רוף געטאָן קאַטיע.

אַנדריי איז אַריין, אופֿגעהאַנגען די היטל אַף א טשוועקל און אַרומקוקנדיק זיך אין צימער, אַנידערגעזעצט זיך אַפֿן אופֿגעלייגטן בעטל און געזאָגט:

— דעם פֿייער פֿאַרלעשן?

— פֿאַרלעש.

אינם צימער איז געווען פֿינצטער. ס'האָט זיך געהערט ווי די בעט אונטער אים האָט א סקריפּ געטאָן און ער האט זיך געלייגט.

קאַטערינע האָט געפֿינטלט מיט די אויגן און געקוקט אין דער פֿינצטערניש, אין יענעם זייט, וווּ ס'איז געשטאַנען זיין בעט, און אין קאָפּ האבן געפּויזעט אומגעלומפּערטע גדאַנקען וועגן אים, וועגן קאַטיען, וועגן „ליסקען"...

און אינדערפֿרי איז שוין קאַטערינע געפֿאָרן אַ היים. קאַטיע און אַנדריי האבן זי באַגלייט, קאַטיע האָט זיי דעריאָגט, ווען זיי זיינען אַרויס און אַריינגערוקט קאַטערינען אין האַנט אַ פּעקל, זאָגנדיק:

— די קינדערלעך אַ מאַטאָנע...

— נו, צו וואָס זאָלט איר זיך מאַטריען זיין.

-- ניין, וואָס הייסט, מע דאַרף-האָט קאַטיע געזאָגט און דערנאָך צוגעגעבן,—און עפּשער וואָלט איר גאָר פֿאַרבראַכט באַ אונדז נאָך א ביסל?

— אינדערהיים קיינעם ניט געלאָזן,—האָט געענטפֿערט קאַטערינע און געטראַכט בייסמאיסע, ניט שוין זשע וועט זי אַוועק און זיך ניט דורכשמועסן מיט אַנדרייען. נאָר וואָס זאָל זי אים זאָגן? ווי זאָל זי ריידן? וויפֿל זי האָט ניט געטראַכט, וואָס אים צו זאָגן, האט זיך איר אַלץ אַפֿן צונג געפּלאָנטערט „ליסקע"

אַ צוטשעפּעניש אָט אָ די „ליסקע"!

אויסער דעם האָט זי געקלערט, אַז זי האָט סאַכאַקל 11 קאָפּעקעס. וועט ער אליין געבן, אָדער ס'וועט אויסקומען צו בעטן?

אַנדריי, וועלכער איז געגאַנגען שווייגנדיק, האט זיך פּלוצלונג געווענדעט צו קאַטיען:

— איוואַן לוקיטש פֿאָרט אין שטאָט, גיי שרייב אָן אַ צעטל אין קאָאָפּעראַטיוו.

קאַטיע האָט פֿאַרשטאַנען, אַז ער וויל בלייבן אליין מיט דער ווייב, זי האָט דערלאנגט איר דאַרינקע הענטל קאַטערינען און ווינשנדיק איר אַ גוטן וועג, אַוועק, דערנאָך פֿון ווייטן א פֿאָך געטאָן מיטן טיכל. קאַטערינע איז געגאַנגען מיטן מאַן איבער דעם וויכן, מיט מאָך באדעקטן שטעג, צווישן די שיטערע סאָסנעס און, אויסמיידנדיק די וואָרצלען אַפֿן וועג, געוואַרט, אז מעגלעך, ער וועט אליין נעמען ריידן מיט איר וועגן איקער. אָפּגעלעבט צוזאמען 12 יאָר, ניט שוין זשע וועלן זיי ניט געפֿינען וואָס צו זאגן איינע די אנדערע אין אַזא מינוט.

אַנדריי איז דערגאַנגען ביזן שיידוועג, פֿונוואַנען ער האָט זיך שוין געדאַרפֿט אומקערן, נאָר ער האָט איר גאָרניט געזאָגט מיקויעך דעם, אף וואָס זי האָט געוואַרט. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און נאָר געזאָגט:

— נו, זאָלסט... אויב דו וועסט עפּעס דאַרפֿן, שרייב, שניטצייט וועל איך אליין אונטערפֿאָרן העלפֿן א ביטל. ער האָט געגעבן קאַטערינען צוויי אָפּגעריבענע אפּן בויג טשערוואָנצעס און זי אַ קוש געטאָן.

קאַטערינע האָט אומגעלומפּערט ארומגענומען אים פֿאַרן האלדז מיט דער לינקער האַנט, אין וועלכער זי האָט געהאַלטן די טשערוואָנצעס און אויך א קוש געטאָן אים.

נו, זייט געזונט דערווייל, קומט אַ קוק טאָן ליסקען.

— זייַ געזונט, כ'וועל כומען.

זי איז אַוועק. אָפּגעגאַנגען עטלעכע טריט און אומגעקוקט זיך. אַנדריי איז געשטאַנען אפֿן זעלביקן אָרט, און ס'איז געווען קאָנטיק, אז באַ אים איז געבליבן עפּעס אזוינס, וואָס ער האט ניט דערעט. ס'איז אים אַ שאָד געווען אָפּלאָזן די ווייב, ניט זאָגנדיק גאָרנישט פֿאַרן געזעגענען זיך.

זי איז א פֿאַרציטערטע געבליבן שטיין און ס'האט זי ווי אַ ציִ געטאָן צו אים.

אַנדריי איז געשטאַנען אַ רעגע, ווי ער וואָלט זוכן ווערטער, א מאַך געטאָן מיטן האנט און א געשריי געטאָן:

— גיב אכטונג אף ליסקען!

כ'וועל אכטונג געבן,—האָט מיט אַ זיפֿץ געענטפֿערט קאַטערינע.

אַנדריי האָט זיך אומגעקערט און איז אַוועק.

און אַז ער איז פֿאַרשוווּנדן געוואָרן און קאטערינע איז געבליבן אליין אַפֿן שטעג אונטער די סאָסנעס, האָט זי מיטאַמאָל אָפּגעבריט מיט זודיקער כאַרפּע א פּלוצלונגדיקער געדאַנק.

„אויסגעכויזעקט דער פּויערטע... צוגענומען איידל, פֿאַרשטאָפּט דעם מויל, האט זי אפילע קיין בייז וואָרט ניט געקענט זאָגן. אין דאָרף וועט מען פֿרעגן: נו, אָנגעזייפּט א קאָפּ דיין אויסגעלאָסענעם מאַן? דער נעקייווע די צעפּ אויסגעריסן? די שויבן אויסגעבראָכן? און זי, ניט נאָר וואָס זי האָט ניט געבראָכן די שויבן, נאָר שוואַרצע פּלעצלעך א מאטאנע איר געבראַכט. און זי האט מען אַריינגעשטופּט אַ פּעקל פֿאַר די קינדער און צוואַנציק קאַרבן אַפֿן וועג געגעבן. זי לאכט געוויס איצט דאָס יונגע ווייבל פֿון אירע שוואַרצע פּלעצלעך: זי קאָן עסן ווייסע אַף אירע 400-500 רובל".

קאַטערינע האָט זיך אַזש אָפּגעשטעלט, גרייט אומצוקערן זיך. נאָר זי האָט זיך דערמאָנט, זי ווייס אליין ניט פֿאַרוואָס, אף קאַטיעס שוואכינקע דינינקע הענטעלעך אף איר שולדיקן, גוטן שמייכל.

קאַטערינע האָט א מאַך געטאָן מיטן האנט, איבערגעצייל עמט זיך און איז אוועק מיט איר וועג.

---

וו. נאַדל.

# טורקמעניע.

(אַ לאַנד, וואָס איבער יאָרהונדערט שפּרינגט).

## אַרצמאַן-אַטאַ.

שפּעט באַנאַכט ...

פאַרענדיקט אונדזער אַרבעט. וועגן אַלץ אָפּגערעדט — באַ וועמען ערד און וואַסער צו נעמען, וועמען געבן ...

זיצן מיר אַלע אַביסל פאַרטראַכט ...

מיר — מענטשן פון ווייטן מאַירעוו, פון קאַלטן, פייכטן מינסק מיט צונויפגעפּרעסטע הויקערדיקע געסלעך...

זיי — מענטשן פון ברענענדיקע אומענדלעכע זאַמדן...

אַ מאָל — מענטשן באַזונדערע, ווייטע, פרעמדע...

היינט נאָענטע ברידער און פריינט, כאָטש ווערטער פרעמדע, ווי טיפע גראָבנס צווישן אונדז און זיי.. וואַרפן איבערזעצער בריקלעך איבער די גראָבנס, בינדן צונויף.

זיצן מיר אין קיביטקע, געקניט אַף דער ערד. פייער אין מיטן. ציען אָן אופהער טיי. עסן. הענט אָנשטאָט גאָפלען. שיסל איינע פאַר אַלעמען.

יעדערער טראַכט היינט וועגן זיין נעכטן ...

שיינט דורך די שפּאַלטן פון קיביטקע די לעוואָנע אַריין. שטערנדלעך — ווינקען און ריידן...

דערציילן וועגן יאָרן אַוועקגעגאַנגענע, העלדן אומגעקומענע...

אַלעקסאַנדער פון מוקדן, טאַמערלאַן—זיי געדענקט מען — אַנדערע פאַרגעסן ...

פאַרוואָס טראָגט דער אַויל דעם נאָמען אַרצמאַן—הער איך ווי פון ווייטן מיין כאַווערס פראַגע.

מ'דערציילט...

יאָרן הונדערט האָבן געוואַנדערט אונדזערע טאַטעס, איבער די צוגליטע זאַמדן וואַסער געזוכט.

אַ הייליקער מענטש געווען אַרצמאַן-אַטאַ. געגאַנגען איבער זאַמדן און בערג. טאָג און נאַכט, מיד, פאַרמאַטערט. גאָט געבעטן—גיב אַביסל וואַסער—גאָט האָט קיין וואַסער ניט געגעבן...

טאָג נאָך נאַכט — אָן אויפהער גייט ער. געקומען צו די בערג.

געקניט זיך. הייס צו גאָט גערופן — קיין וואַסער ניטאָ.

אין קאַעס געוואָרן — מיטן שטעקן אַ קלאַפּ געטאָן אין באַרג —

און וואַסער וואַרעמע, מאָדנע ווייכע פון באַרג זיך אַריס געטאָן, באַגאָסן די ערד.

אַרצמאַן האָט געטרונקען און גאָט געדאַנקט.

געפּלייצט ווייטער — וואַסער, שטראָמיקע, אָן גאָטס ווילן פון דער ערד אַרויסגערופענע.

אים — אַרצמאַנען געהאַרגעט ...

זיצן אַלע מיט קעפּ אַראָפּגעלאָזענע.

מיר שווייגן אויך...

רעט פון טיף פון קיביטקע עפּעס איינער — זיין פּאָנים זע איך ניט, זיין שטים הער איך צום ערשטן מאָל.

זיי לוינט פאַרשפּרייטן אַזעלכע מאַיסעס — נעמען אַליין טאָר מען ניט — לעב מיט דעם, וואָס גאָט גיט.

און איך וויל אַזוי ניט לעבן — איך אַרבעט — מיין פּראַצע געהערט מיר...

ווייטער שטיל...

קרישלט זיך אַזוי און ברעכט זיך דער נעכטן...

— און איך וויל אַזוי ניט לעבן...

## לאַנד און פאָלק.

418 טויזנט קוואַדראַטמייל.

914 טויזנט איינוואָינער.

ג ר ע ס ע ר פון:

ליטע, עסטלאַנד, לעטלאַנד, פוילן, צוזאַמען גענומען.

ענגלאַנד.

גלייך מיט דייטשלאַנד.

באַפעלקערונג ק ל ע נ ע ר פון:

שווייץ, דענעמאַרק, פינלאַנד, ליטע, לעטלאַנד, עסטלאַנד.

טורקמעניע — 2 מענטשן אַף אַ קוואַדראַטמייל.

דייטשלאַנד—131.

ענגלאַנד—152.

רוסלאַנד - 22.

כינע—40.

יאפאַן—151.

פערסיע-5.

שרייבן און לייענען — אַף יעדע הונדערט—5. און ס'זיינען דאָ ראַיאָנען—2 אַף טויזנט.

שעטעך—48 מיליאָן דעסיאַטין.

פאַרזייט בלויז 300 טויזנט.

צווישן אומענדלעכע זאַמדן וואַרפן זיך דורך דאָ און דאָרטן קליינע אָאַזיסן. זיצן דאָרטן מענטשן צונויפגעפּרעסט — איין דעסיאַטין איז אַ גוטע ווירטשאַפט. מען לעבט פון אַ זעקסטל (אַ טאַ נאַפּ) אויך.

ניטאָ קיין וואַסער. קליינינקע טייכעלעך טראָגן זייערע וואַסערן פון די בערג — ווייניק אין צאָל זיינען זיי.

גראָבט מען זיך טיף אין דער ערד — זוכט מען וואַסער — פירט מען וואַסער אַף צענדליקער ווי־אָרסט — אַריקען. וואַסער-גראָבנס גראָבט מען, אַן אומענטשלעכע אַרבעט—יעדן יאָר פון דאָסניי.

רעגן — זעלטן אַ גליק, אָפּטער — אַן אומגליק — ניט געוואָינט איז מען צו אים אין די טאָלן. זיינע וואַסערן זאַמלען איז שווער — ער קומט אומגעריכטערהייט, שטראמיק, צושטערט די אַריקן ...

פעלד באַגיסט מען. וואַסער אַפּן מינוט. טייערער פון גאָלד.

ערד באַאַרבעטן מיט „אָזאַל" דאָס איז אַ שטיקל האָלץ מיט אַ שוואך אייזנדל אפּן עק. אַקעראייזן — זעלטן, זעלטן, ווען איר טרעפּט עס.

זייען זיי — אום האַרבסט — ווייץ, אום פרילינג — כלאָפּאָק.
אָפּט טרעפּט מען ווייגערטנער.
אַ ז ו י א י ז ג ע ו ע ן...

## און ווי וועט זיין?

וויל מען אין אָט דעם לאַנד, ווו אַן אָנגעשריבן וואָרט איז אַ זעלטן זאַך, וואָס הונדערטער יאָרן טיילן אים אָפּ פונם רוסישן פויער אַפילע — אַ סאָציאַליסטישע מעלוכע בויען!

לאַכן סקעפּטיקער, מענטשן, וועלכע טייטלען מיטן פינגער, ריידן וועגן אונדזער פינצטערניש, אָפּגעשטאַנענקייט.

איז נאַט אייך פאַקטן:

מיט דריי יאָר צוריק:

סאָוועטנשול נאָר אַ שילד. די שטאָט האָט דערפון געוווּסט, דער אַאוּל ניט.

היינט פיר הונדערט שולן 15000—12000 קינדער לערנען זיך לויט אונדזערע ביכער.

זיי לערנט אונדזער לערער.

עמעס, נעכטן איז אַ מולאַ געווען, געלערנט די קינדער זינגען דעם קאָראַן (היילקע ספאָרים), מיר האָבן אים געבראָכן. כאַדאָשים אין שטאָט געלערנט, אין קאָפּ געשטופּט אונדזער ווילן.

אַ נייע וועלט פאַר אים געעפנט, היינט איז ער אונדזערער. לערנט אונדזערע ביכלעך, שרייבט אין אונדזערע צייטונגען. אָפּט פאַנאַטיש פריידיקט ער קעגן זיין אייגענעם נעכטן פאַר אונדזער מאָרגן.

מיט דריי יאָר צוריק. איינע לעבן די אַנדערע—אונדזער שול און זייער שול—באַ אונדז קימאַט אַן אַנאַלפאַבעט—אַ לערער, לייענט קאַם אַליין, באַ זיי דער מולאַ זיצט און שאָקלט זיך מיטן קאָראַן אין די הענט.

מיר האָבן זייערע שולן ניט פאַרמאַכט, ניט פאַרבאָטן—קאָנקורירט האָבן צוויי וועלטן—דער נעכטן מיטן מאָרגן.

ז י ג ן ז י ג ט א ו נ ד ז ע ר ש ו ל. נייע געביידעס בויען מיר. 30 האַיאָר שוין אויסגעבויט. אַף הונדערטער וויאָרסט פון דער באַנליניע.

זיינען געפאָרן מענטשן פון שטאָט, געפירט שטיינער, געגראָבן ליים, געטריקנט ציגל.

און ווי פון פראָנט זיינען אַלע דריי טעג באַריכטן געגאַנגען—דאָ ציגל פאַרטיק, דאָרט שטיינער געבראַכט, אַרבעטער געקומען, צום דאַך דערקליבן זיך.

און געווען איז ווי אַף אַ מילכאָמע, ווייל די שול איז דער שטאַרקסטער שוצגראָבן קעגן דעם נעכטן.

געגעבן האַיאָר דער שול נייע ביכער. לערער ווייסן שוין, וואָס עס הייסט קאָמפּלעקסמעטאָד.

שמייכלט. איך אויך.

און דאָך, איז עס אַזוי—פון קאָראַן צו קאָמפּלעקסן פון דער סאַמע מאָדערנער שול.

אָט אין דעם איז דאָך די קראַפט פון דער רעוואָלוציע!

## קינאָ—דער הייליקער שטומער.

איר, מענטשן פון מאַירעוו, גייט אין קינאָ רוען. די טעכניק באַצויבערט אייך שוין ניט. באַ אונדז איז אַנדערש,

מיר גייען צו מענטשן, ווען ס'פעלט נאָך די פאָרשטעלונג פון גאַנצע זאַכן.

איר גלויבט ניט—נאַט אייך אַ בילד.

אַ באַנסטאַנציע. מ'וואַרט אַפּן צוג.

פון וויטן טאַשאַוז איז געקומען איינער פון די שטאָטפירער. ער קוקט אַף די ווענט. הענגט דאָרט אַ בילד פון אַ פערד, שטייט ער און רעט פאַר זיך:

דאָס איז אַן עק, דאָס אַ קאָפּ, דאָס די פאָדערשטע פיס, דער רוקן.

בלייבט שטיין שטיל עטלעכע מינוט.

מיט אַמאָל ווערט דער פּאָנים באַשיינט מיט אַ מאָדנעם שמייכל. הויך שרייט ער אויס:

דאָס איז אַ פערד.

און גייט פון איינעם צום אַנדערן און דערציילט זיין וווּנדער—אַפּן וואַנט הענגט אַ לעבעדיקער פערד און רירט זיך ניט...

איז אָט, וועגן קינאָ.

ציען זיך איבער די ברענענדיקע זאַמדן אַ פּאָר מענטשן מיטן אַפּאַראַט—איינער ווייט באַווייזן, דער אַנדערער דערציילן.

אָפּט, ניט וויכטיק וואָס מע באַווייזט. וויכטיק—מענטשן לויפן איבער דעם דעקטוך, פליען פערד, לויפן הינטלעך, פאַלן גרויסע הייזער, פאָרן ביידלעך אָן פערד און אַלץ קען עס זעען, ווייל דער מענטש פון שטאָט וויל ווייזן.

וויל ער ניט דערלאַנגט ער אַ דריי-ווערט אַלץ פאַרפאַלן.

און אַלץ—טויזנטער מענטשן, מוירעדיק גרויסע הייזער, פערד און אייזלען, טויזנטער מיילן וויסטעניש—אַלץ ווערט באַהאַלטן אין קליין קעסטעלע,

מע פאַרשטייט נאָך ניט, נאָר מע פילט, אַז באַ די שטאָטמענטשן אין האַנט איז דאָ א מוירעדיקע קראַפט. אַלץ קענען זיי, אַלץ ווייסן זיי.

און זיי—די מענטשן פון נעכטן, קענען אַזעלכע קונצן ניט באַווייזן. דער מולאַ קען מער ניט ווי זאָגן—דער שאיטאַן (שעד) איז דאָרט באַהאַלטן.

מענטשן הויבן אָן טראַכטן וועגן זאַכן, פון וועלכע נעכטן האָבן זיי אַפילע ניט געוווּסט.

היינט דערציילט מען זיי וועגן דעם, מע לערנט זיי פאַרשטיין...

## דאָקטאָר און פעלדשער.

באַ אייך שרייבן זיי רעצעפּטן, היילן קראַנקע קערפּערס.

דאָ זיינען זיי טרעגער פון רעוואָלוציע.

אָט איז דער אַלטער רויפע:

אַ הויכער, ווייסבערדיקער פויער. אין רויטן געקליידט. געגאַרטלט מיט אַ ברייטן רימען. אויפן רימען זיין געצייג: גאָלמעסער, שוסטערצוואַנגען, מעסערס און מעסערלעך און עטלעכע פלעשלעך.

ער טוט אַלץ.—גאָלט בערד, רייסט מיטן שוסטערצוואַנג ציינער, היילט ווונדן—זיצט אויפן מאַרק און הויך אויפן קאָל רופט ער פּאַציענטן. קוויטשיק, גלאָצנדיק די אויגן.

געלט פאָרויס,—פאַר אַלץ געלט.

אונדזער דאָקטאָר מיט אייראָפּעיִשע בילדונג, פאַרטיפט זיך ווייט אין די זאַמדן, הונדערטער וויאָרסט פון באַנליניע, קומט צום קראַנקן אין בלאָטיקער קיביטקע, רעט דורכן איבערזעצער, דערציילט, באַווייזט, זאָגט דאָס וואָרט—ס אָ וו ע ט נ מ אַ כ ט.

יעדער טראָפּן וועלכער ער גיט, פּראָשעק, וועלכער פאַלט אַריין אין די הענט פון דייכאַן, שטאַרקט די סאָוועטנמאַכט, שטופּט די רעוואָלוציע, בויט סאָציאַליזם...

ווייל ער ברעכט דעם נעכטן, רייסט אַראָפּ די געהיימניש פון דעם, וואָס הייסט: היילן דעם מענטשלעכן גוף.

## לופטמאַשין און טראַקטאָר.

ניט ווייט פון הויפּטשטאָט—אַסכאַבאַד. אַול קישי. ער האָט דעם גרעסטן טייל היינטיקע פירער—טורקמענער געגעבן.

און דאָך...

געקומען אויף אַ לופטמאַשין. געפאָרן צו אַ כאַוועֿר. שפּעטלעך—אויפן גאַס שוין פינצטער.

דער כאַוועֿר זוכט זיין מוטער—אָקאָרשט געוועזן אין שטוב. עפּעס אַרויס. אויפן הויף שטייען מיר–אָט באַווייזט זיך די אַלטע—זי טראָגט היי. גייט זייער פאָרזיכטיק צו צו דער לופטמאַשין און שטילערהייט לייגט זי אונטער היי.

— וואָס טוסטו?

מע דאַרף דאָך געבן עסן אייער פערד—איר פאָרט דאָך פון שטאָט, ער האָט זיך פאַרמאַטערט...

אַ לופטמאַשין—אַ גרויסע בייזע פויגל, וועלכע מענטשן האָבן מיט קישעף פון הימל אַראָפּגענאַרט און פליען אויף איר—

אַזוי דערציילט דער מולא—אַלטע גלויבן, יונגע ווילן אַ פלי טאָן—און פליען.

דערציילן נאָכדעם מאַיסעס. ווי שטאַרק און מעכטיק איז דער מענטש פון שטאָט. פליען לופטמאַשינעס דאָרטן, וווּ אָפט האָט מען נאָך אַפילע קיין גלאָז ניט געזען, וווּ אַ שטוב איז ניט העכער פון אַ מענטשן.

ברענגען זיי אַהין נייע מענטשן, וועלכע בויען שולן, קלייבן ראַטן, בייטן די אַלטע באַאַמטע פון בוכאַרער עמיר אויף נייע מענטשן—אָרימע און מיטעלע פויערים.

טראַקטאָר–אַ שעד איז געקומען—אַזוי איז געווען פאַראַיאָרן.

און היינט פאָרן שוין אַרום אויף 14 טראַקטאָרן טורקמענער, קאָמיוגיסטן, וועלכע זיינען אַ שול דורכגעגאַנגען און דעם טראַקטאָר דערלערנט.

שיטן זיך ביטעס—גיט טראַקטאָרן, ווייל יעדער טראַקטאָר מאַכט גרינגער די פריער-פאַרשאָלטענע אַרבעט, ס'איז אַ שטיק נייער לעבן, אַ שטיק ראַטנקולטור!

## מאַשין.

שטופּן מיר זי אין אַול. דאָרט, וווּ מענטשן פון זונאויפגאַנג ביז שפּעט אין דערנאַכט האָבן וואַסער מיט גרויסע שווערע עמערס פון ערד געצויגן—שטעלן מיר היינט מעכאַנישע ברונעמס.

אַרבעט—פאַרשאָלטענער נעכטן, טראָגט פרייד שוין היינט און נאָכמער זאָגט זי צו אויף מאָרגן.

## ערד און וואַסער.

דאָס איז די פאָן פון די ראַטן—עס באַשטימט אונדזער וועג, מעסט אונדזער טעמפּ צום מאָרגן.

היינט טיילן מיר איבער. נעמען אָפּ באַ די רייכע, גיבן אָפּ דעם אָרעמאַן.

מיר פירן דורך אַ רעפאָרם און ניט קיין רעוואָלוציע.

די מאַשין שטעלט זיך ניט אָפּ אויף איין מינוט, קיין איין ווירטשאַפט ווערט ניט צושטערט.

דער אָרעמאַן אַליין נעמט ניט—די רעגירונג גיט אים.

און דורכפירן דאַרף מען עס אויף גיך, ווייל קיין איין שטיקל ערד דאַרף ניט בלייבן אָן זריע.

ווערן מיר פּאָליטיקער—אַגראָנאָמען, הידראָטעכניקער—טיילן וואַסער, ערד.

אפּערירן מיט טערמינען היינט צום ערשטן מאָל דערהערטע און אויף מאָרגן פאַרגעסענע.

ערד און וואַסער געגעבן.

דער ראַטנפאַרבאַנד, דער ברודער—רוסישער אַרבעטער—וויל: דער אָרעמאַן זאָל אַ באַלעבאָס ווערן—

גיט מען היינט זריע, און אין אַ כוידעש אַרום אַ פערד אָדער אַן אָקס.

נאָר דאָס היילט די ווונד היינט—

טראַכטן דאַרף מען וועגן מאָרגן.

מאָרגן איז אַמו.

קייקלט אירע וואַסערן די קאַפּריזנע אַמו-דאַריאָ. טויזנטער וויאָרסט שנייט זי דורך.

אַמאָל, הונדערטער יאָרן צוריק, האָט זי אירע וואַסערן געטראָגן אין קאַספּי. טויזנטער דעסיאַטין ערד באַגאָסן, היינט וואַרפט זי אירע וואַסערן אין טויטן יאַם (Аральское или мертвое).

טראָגט זי אירע וואַסערן, ווי זי וואָלט נאָך ניט באַשטימט ווו זי וועט זיך אָפּשטעלן—שווענקט די ברעגן. בייט אָפּט דעם וועג.

צושטערט זי הייזער, טראָגט אַוועק גערטנער, צווינגט דעם מענטשן צופּאַסן זיך צו אירע קאַפּריזן.

יאָרן לאַנג האָבן מענטשן געטרוימט—אַמו אומקערן אין אַלטן היים—אין קאַספּי.

מיט צוויי הונדערט יאָר צוריק האָט פּעטער דער גרויסער באַפוילן זיינע גענערעלער—זאָל אַמו זיך אומקערן אין קאַספּי.

זי האָט זיך ניט אומגעקערט—אַפילע דער ווילן פונם גע-ניאַלן דעספּאָט האָט ניט געהאָלפן.

און איצט זיינען געקומען מיר—מענטשן כוצפּעדיקע, אַף אַלץ גרייטע — — —

מיר באַפעלן ניט—מיר זוכן אַליין.

געזוכט די אַלטע בעט פון אַמו.

מענטשן צופוס הונדערטער וויאָרסט דורכגעמאַכט. אונטער די גראדע שטראַלן פון גליענדיקער זון—

און געפונען-געפונען די אַלטע בעט.

אין דער שטיל פון קאַבינעטן האָבן פעדערן געשריבן, מאַ-שינקעס געקלאַפּט, זאַמד געמאָסטן, מענטשן געציילט און געזאָגט:

קאָסטן דאַרף עס—

250.000.000—אַ פערטל מיליאַרד.

און געבן וועט עס—

3.000.000 דעסיאַטין באַוואַסערטע ערד. פאַר כלאפּאק. *)

מיר וועלן ווערן—דאָס רייכסטע לאַנד, אונדזער כלאָפּאָק—וועט זיין גענוג ניט נאָר פאַר ראַטנפאַרבאַנד—אין אויסלאַנד וועלן מיר פירן. **)

## צייט צען—פופצען יאָר.

און היינטיקע וויסטעניש וועט מאָרגן ווערן—אַ בליענדיקע לאַנד.

טרוימען וועט איר זאָגן—

ניין, דאָס איז ניט געטרוימט—ראַטנפאַרבאַנד וועט קומען צוהילף.

ווייל

אַזוי איז דער געבאָט פון גרויסן אָקטיאַבר—

העלפן די אונטערגעדריקטע, די, וועלכע זיינען נעכטן ניט געווען מיט מענטשן גלייך.

## מעלוכע און מאַכט.

ראַטנמאַכט—נעכטן איז עס געווען בלויז מוזיק פון מאָרגן.

און אין לעבן—אָפּט דער אַלטער באַאַמטער פון עמיר.

היינט ווערט עס אַ פאַקט, ניט מיט אַ מאָל, ביסלעכווייז, נאָר מיט יעדן טאָג אַלץ מער. מענטשן פעלן, אַרבעטער ווייניק—גרייט מען זיי.

קומען אין שטאָט אַנאַלפאַבעטן. גרויסע, שטאַרקע מענטשן. זעצט מען זיי אין בענק אַריין. נעמען גרויסע, לאַנגע הענט, נאָר צו ערד געוואָינטע, פעדער אין האַנט.

גייען כאַדאָשים. נייע בגאָדים טוט מען אָן. דעם דאָרפישן כאַלאַט פאַרבייט מען אַף אַ שטאָטיש העמדל.

אַ צייטונג און בוך אין האַנט.

6 כאַדאָשים—ער פאָרט אין דאָרף—ער קומט מיטן קוויטל פון פאַרטייקאָמיטעט, פון ראַטנאויספירקאָם—

ער ווערט אַ סעקרעטאַר פון קעמערל, אַ פאָרזיצער פון ראַט, אַ טוער פון קאָאָפּעראַטיוו. און ברענגט מיט זיך אַ צייטונג, דעם נייעם וואָרט.

לערנען מיר אין שטאָט און שטעט ביז 2000 מענטשן.

אומעטום זיינען זיי דאָ—אין אַסכאַבאַד, אין טאַשקענט, מאָסקווע, טולע, טווער.

מאַכט איז וויסן—אַנאַלטער עמעס פאַר אונדז מענטשן פון מאַירעוו, און גאָר א נייער פאַר מענטשן פון מיזרעך.

קומען פון דאָרף יונגע און אַלטע, נאָר וואָס געענדיקט אַן אַנאַלפאבעטן שול...

און פאָדערן—

„מאָסקווע—ראַבפאַק".

אַנדערע רוסישע ווערטער ווייסן זיי נאָך ניט, נאָר די צוויי זיינען ווייט ווייט אַוועק. זיי טראָגן זיך פון אַול אין אַול.

און הייסן הייסט עס:

דער אָרימאַן וויל זיין אַ באַלעבאָס—דאַרף ער זיך לערנען.

און גוט לערנען—איז מאָסקווע, דאָרט איז דאָ אַן אַרבפאַק. מע לערנט ניט נאָר אין שטאָט—אין אַול זיצט מען אַפן ביכל.

פאַראַיאָרן האָבן 6000 דערפילט דעם טאַם פון געדרוקטן געשריבענעם וואָרט. געענדיקט די אַנאַלפאבעטשול. האַיאָר וועט זיין 15000.

איצט וועגן דער מאַכט:

אַ שטאַרקע מאַכט איז די ראַטנמאַכט—אַזוי זאָגט היינט דער דעכקאַן,

און זאָגט דערפאַר, ווייל שטרענגער איז זי געוואָרן.

געפרוווט בויען ווי אין רוסלאַנד—פאַר כאַטאָים גרינג שטראָפן—גיך באַפרייען—

דער דעכקאַן האָט געטייטשט—די מאַכט—אַ שוואַכע. זעצט אַריין און לאָזט באַלד ארויס. אַביסל געביטן. שטרענגער געוואָרן. מערדער געשאָסן—דאָס איז די מאַכט! אַזוי פאַרשטייט דער מענטש פון מיזרעך.

## געריכט.

געווען איז אַזוי—עס לעבט דער געריכט פון מולא—ער מישפּעט לויטן קאראן מיר האָבן עס ניט פאַרבאָטן. לעבן איס געשטעלט אונדזער געריכט. ביידע, איינער לעבן אַנדערן—יעדער אַנערקענט דורך דער מאַכט, יעדער באַקומט געהאַלט פון די ראַטן.

*) אין 25—24 יאָר האָבן מיר פאַרוייט 540 טויזנט דעסיאַטין אין גאַנצן פאַרבאַנד.

**) איצט זיינען מיר געצוווּנגען יערלעך אריינפירן אין אַמעריקע ביז 150 מיל. גאָלדענע רובל פאַר כלאָפּאָק.

אַ יאָר אַוועק אונדזערע געריכטן זיינען שוואַכע. פעלט נאָך זייער אַסאַך און דאָך—שרייבן מאַכמעדס ריכטער דער ראַטנמאַכט—שיקט אונדז אייערע קאָדעקסן, מיר וועלן לויט זיי מישפעטן. די באַפעלקערונג וועט ניט וויסן...

שטאַרבט איינער—זיינען ניטאָ קיין באַלאָנים אים צו פאַרבייטן.

## פרוי, קינדער און טאַטעס.

א פרוי קויפט מען. און צאָלן צאָלט מען טייער. 2000—2500 רובל איז דער דורכשניטלעכער מעקעך.

האָט טאַקע דער רייכער עטלעכע ווייבער און דער אָרעמאַן האָט כאַסענע צו אַ יאָר פופציק.

טייער איז אַ ווייב, טייער דערפאַר, וואָס וואַסער באַקומט אַ כאַסענעגעהאַטער.—טרעפט איר אין אַול אַ דריי יאָריק קינד—עס האָט שוין אַ ווייב, און פאַרקערט.

דערציילט אונדז אַ מיליציעבאַאמטער:

איך האָב אַ ווייב, נאָר זי לעבט באַ איר טאַטן.

איך דאַרף באַצאָלן 45 קעמלען.

15 האָב איך פאַר דריי יאָר באַצאָלט. דער טאַטע, ברידער האָבן געהאָלפן. מער האָב איך ניט.

און ווען דעם פופצנטן קעמל צום שווער געבראַכט, האָט ער דאָס ווייב צו מיר אין קיביטקע געלאָזן, צוויי כאַדאָשים האָט זי באַ מיר געלעבט, נאָר לעבן צוזאַמען האָבן מיר ניט געטאָרט...

אַזוי איז דער געזעץ...

אַוועק צוויי כאַדאָשים, איז געקומען דער טאַטע און אַוועקגעפירט איר אַ היים.

און אַזוי ציען זיך יאָרן. איינער צו פערציק, דער אַנדערער צו פופציק יאָר צאָלט אויס דעם קאַלים (נעדאַן) און באַקומט די ווייב.

איז טאַקע ניט זעלטן צו זען, אַ גרייז-גראָען דעכקאַן מיט אַ פיצל קינד אַפן האַנט.

זינגט אָפט דער אָרעמאַן פאַרטרוימט, מיט טרערן אין די אויגן: „אָנשטאָט אַ ווייב, אַן אישאַק (אַן אייזל) האָב איך*), נאָר וואַסער גיט מען ניט״...

רייסן זיך ביסלעכווייז די אַלטע פעדים, זייער לאַנגזאַם, נאָר עס וואַקסט פון אונטן.

קעגן קאַלים, ·קינדערכאַסענעס.

רייסן עלטערע, רייסן קינדער.

שטייען אוף קעגן עלטערן.

## קאָמסאָמאָל און פיאָנערן.

אומעטום זיינען זיי אונדזערע ליבלינגען, נאָר דאָ זיינען זיי מער ווי ליבלינגען.

דער קאָמסאָמאָל איז בעעמעס דער נייער דרייסטער מענטש. דאָרט, ווו אַ קאָמוניסט שווייגט אָפט, רעט ער דרייסט. מוטיק.

*) ניט זעלטן קענט איר הערן וועגן צוזאמענלעבן פון אָרעמען פויער מיטן אישאַק.

ניט נאָר באָכערים, נאָר אויך מיידלעך האָבן מיר אין קאָמסאָמאָל—129. עמעס, זיי זיינען אין באַזונדערע קעמערלעך, אָבער עס לעבט.

עס טרעפט אויך אַזוי:

אַ מיידלקעמערל, אַן אומלעגאַלע—ניט אין שול ניט אין ראַיאָן, ניט אין קרייז ווייס מען פון איר ניט. איין מענטש ווייס—דער סעקרעטאַר פון קרייזקאָמיטעט.

מאָדנע, עמעס? נאָר אַזוי איז עס.

דאָס איז דערפאַר:

ווייל ניט נאָר טאַטעס—פאָשעטע דעכקאַנער, נאָר אויך קאָמוניסטן זיינען קעגן, ווילן ניט, אַז מיידלעך זאָלן זיך לערנען, ווערן פרייע מענטשן.

רויטע פאַטשיילקעס.—דערווייל זיינען זיי נאָך ווייניק, אָבער זיי מאַרשירן שוין איבער די גאַסן, זינגען לידער, האַלטן רעדעס... ווי גרויסע, דערציילן זיי וועגן שלעכטן נעכטן און גוטן מאָרגן...

און אָפט רייסן זיי זיך אַריין אין צעקא פון פאַרטיי און פאָדערן, ניט בעטן, נאָר פאָדערן—לערנען אין מאָסקווע, פאַבזאַוווטש.

אין פאָרן אַהין, פאַלן אַריין אין דער רוסישער פאַבריק, ברעכן דעם צונג, געפינען נייע כאַווייריִם, ווערן פאַבריקאַרבעטער.

גרייטן זיך צו אַרבעטן אין די טורקמענער פאַבריקן, וועלכע מאָסקווע הייבט שוין אָן באַ אונדז צו בויען (האַיאָר בויט מען אַ גרויסע טעקסטילפאַבריק).

פרוי אונטערדריקט מער פון אַלעמען.

און דאָך—

אַרבעטן איצט באַ אונדז קורסן פון צוקונפטיקע פרויענאַרבעטערנס,—זיינען דאָ הייזער פון פויערטעס, פאָרן אַף צוזאַמענפאָרן, וועקן און מונטערן.

די אַלטע וועלט שטערט. די געסטע היט מען אונטער שפעט באַ נאַכט, און בלוט באַפאַרבט זייער וועג... 7 דעלעגאַטקעס-פויערטעס האָבן דאָס לעבן אָפגעגעבן.

דערהאַרגעט האָבן זיי אייגענע ברידער, מענער, טאַטעס...

און דאָך גייט מען ווייטער—די אַרבעט וואַקסט...

## קעגן,—פאַר, אָן אופהער פאָרווערטס.

אָט אַזוי איז עס.

אַלט קעמפט מיט ניי, נעכטן מיט מאָרגן.

און היינט איז א מאָדנער געמיש פון נעכטן און מאָרגן...

אַ קעמל, אַן אייזעלע און אַ לופטמאַשין.

אייזל און טראַקטאָר.

קאָראַן און היסטאָרישער מאַטעריאַליזם.

קאַלים און כאַסענע אָן רעגיסטראַציע.

שאַיטאַן און קינאָ.

אויסגעמאַטערטער עמערל, וואַסער און מאָרגנדיקער אַמו.

און אַלץ צוזאַמען הייסט:—

סאָוועטנרעפובליק.

(פאָלטאָראַצק).

יעהודע פען.

# די כיידעריאָרן.

זכרוינעס פֿון א קינסטלער.

ווען בין איך געבאָרן געוואָרן און ווי אַלט בין איך—ווייס איך ניט, און אַפילע די מאַמע ווייס אויך ניט, ווען האָט די וועלט געהאַט די זכיע צו זען מיין דערשיינונג; מיין מאַמע קאָן עס ניט ניט געדענקען, ווייל איר קאָפּ איז פֿאַרדרייט מיט מער נויטיקערע זאַכן. זי דאַרף פֿאַרזאָרגן ברויט פֿאַר צען פיקערס.

מיין מאַמע איז געווען אַן אַלמאָנע. וואָס עס איז געווען אין שטוב עפּעס גוטס האָט מען פֿאַרקויפֿט, אָדער פֿאַרזעצט, אַז ס'איז געוואָרן „כלו כל הקצין"—האָט זי גענומען פֿאַרקויפֿן בראַנפֿן, ד. ה. זי האָט געעפֿנט אַ שטילן שענקל אָן אַ פּאַטענט. די פּאַרנאָסע איז געווען זייער קליין, אַכוץ דעם—נאָך די שרעק פֿאַרן נאַדזיראַטעל, וועלכער פֿלעגט אָפֿט פֿאַרבלאָנדזשען צו אונדז און מאַכן אַ שטיקל אונטערזוכונג און צונעמען די לעצטע ביסל בראַנפֿן. איך דערמאָן מיך דאַן די יעלאָלע, וועלכע ס'פֿלעגט דאַן ווערן אין שטוב באַ אונדז. האָט געקאָנט מיין מאַמע געדענקען אַקוראַט דעם טאָג פֿון מיין געבוירן?

נאָר אַ שטיקל סימען איז יאָ דאָ. די מאַמע פֿלעגט זיך דערמאָנען, אַז אין יענעם יאָר, קימאַט אין דעמזעלבן כוידעש האָט זיך באַ דער שכיינע יענטע גרינע אַווראָם לייזערס געציגלט די ציג. און נאָך אַ סימען איז דאָ, אין יענעם יאָר האָט מען זיך געריכט אַף דער כאָלערע, נאָר גאָט האָט ראַכמאָנעס געהאַט אַף אונדזער שטעטל און האָט פֿאַרביטן די כאָלערע אַף אַ הונגער.

נאָר אין וועלכן יאָר פֿאָרט האָט זיך באַ יענטע גרינע אַווראָם לייזערס געציגלט די ציג?—דאָס געדענקט, צום באַדויערן, קיינער ניט, ווי אויך דאָס יאָר, אין וועלכן אונדזער שטעטל האָט געהונגערט. ווייל אָרעמע לייט—און פֿון זיי באַשטייט דאָך אונדזער שטעטל—האָבן געהונגערט קעסיידער, אַלע יאָר, און דאָס יאָר, אין וועלכן איך בין געבאָרן געוואָרן, האָט זיך באַ קיינעם מיט גאָרניש אויסגעצייכנט, ווייל איך בין ניט געווען קיין בען מעלעך און אַפילע קיין בעניאָכיד אויך ניט.

אַ יאָר 4 בין איך אַלט געווען, ווען דער טאַטע איז געשטאָרבן. ווי ס'פירט זיך שוין באַ יידן, האָט מען מיך אָפּגעגעבן אין כיידער לערנען אַלעפֿבייז. מיין רעבע איז געווען זייער אָרעם, פֿון סכאַרלימעד האָט ער קנאַפּ געהאַט צום לעבן, האָט אים זיין פלויניסטע געהאָלפֿן פֿאַרדינען דאָס שטיקל ברויט. ווינטער פֿלעגט זי האַנדלען מיט געגדזענע דרייבקעס און מיט וואַלדעפּעלעך, וועלכע זי פֿלעגט פֿאַרקויפֿן די כיידעריינגלעך. נאָר דער איקער שפּע אירע איז געווען פֿון די אַרבעסענע בלינעס, וועלכע זי פֿלעגט באַקן צום פֿאַרקויפֿן פֿאַר אַלע כיידעריינגלעך פֿון אונדזער גאַנצער שטעטל. בעשאַס ס'פֿלעגט זיך אָנהויבן דאָס באַקעכץ פֿלעגן די יינגלעך שטיין אין ריי, ווייל די בלינעס האָבן געהאַט אַ שעם. זיי זיינען געווען גרויסע, הייסע און געקאָסט סאַכאַקל אַ גראָשן אַ שטיק. מיר פֿלעגן ווערן זאַט קימאַט מיט איין בלין.

די געשיכטע פֿון די בלינעס אינטערעסירט קיינעם ניט, נאָר מיר האָט זיך איינגעגעבן זיין אַן איידעס פֿון אַן עפּיזאָד פֿון זייער געשיכטע. איינמאָל האָב איך זיך געשטעלט וואַרטן אַף די בלינעס נאָך גאָר פֿאַרפֿרי, ווען די רעבעצן האָט ערשט גענומען זיי מאַכן. זי עפֿנט אויף די קאדקע און שלעפּט אַרויס פֿון די שיטערע טייג אַ גרויסע מויז. די רעבעצן האָט כאלילע זיך ניט פֿאַרלאָרן, זי האָט גאַנץ קאַלטבלוטיק אָפּגעשאַרט די טייג, וועלכע ס'האָט זיך צוגעקלעפּט צו דער מויז, אַריינגעוואָרפֿן צוריק אין קאַדקע אַריין, די מויז—פֿאַרן עקל אַרויסגעוואָרפֿן אַפֿן גאַס און גאַנץ רויק זיך גענומען צו דער מעלאָכע. טכילעס איז מיר געוואָרן עפּעס ווי ניט גוט, דערנאָך, ווען די פּאַרע פֿון די הייסינקע בלינעס האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין נאָז, האָט זיך פֿאַנאַנדערגעוואָקסן דער אַפּעטיט און די מאַיסע מויז האָט זיך שוין גאָר פֿאַרגעסן.

צו פֿאַרפֿילן די כאַראַקטעריסטיק פֿון מיין רעבן און רעבעצן דאַרף איך זאָגן, אַז דער רעבע האָט זיך געפֿונען גאָר אין גאַנצן אין רעשוס פֿון דער רעבעצן, און ער האָט געהאַט פֿאַר איר דערעכערעך. זי האָט געהאַט אַ ווערטל: „אַ וואָרט פֿאַרגייט און אַ קלאַפּ באַשטייט", און פֿאַר אירן אַ קלאַפּ האָט דער רעבע טאַקע מוירע געהאַט.

וואָס זאָל איך אייך אַסאַך בראַיען—איך האָב זיך גענומען פֿילן אין כיידער גאָר, ווי אין דערהיים. ווען מען פֿלעגט שפילן אין סאָלדאַטן, פֿלעגט מען מיך מאַכן פֿאַרן „קייסער", ווייל איך בין געווען שענער פֿון די איבעריקע קינדער. און צו ווערן אַ קייסער האָט מען נאָר גענדאַרפֿט פֿאַרקאַטשען די פייעס אַ הינטער די אויערן און דאָס היטל איבערדרייען מיטן קאָזיראָק צו דער פּאַטילניצע. שטעלט זיך פֿאָר: ווער איז געווען גלייך צו מיר? אָבער מיין גרויסקייט האָט מיר געבראַכט אַמאָל צו אַזאַ מאַדרייגע, אַז איך זאָל שוין קיינמאָל ווייטער ניט קענען אופֿהויבן דעם קאָפּ, און דערצו געוואָרן אויס „קייסער".

„ומעשה שהיה כך היה". איינמאָל זאָגן מיר דעם „אדון עולם", וועלכן מיר פֿלעגן זאָגן פֿאַרן אַוועקגיין פֿון כיידער. די לעצטע ווערטער פֿלעגן מיר אויסשרייען מיט אַזאַ קאָל, אַזש די ווענט פֿלעגן ציטערן, און דער, וועלכער פֿלעגט עס אויסשרייען העכער פֿון אַלעמען פֿלעגט זיין דער פּאָרעץ. יענעם מאָל האָט איינער פֿון אונדזער היילִיקער קאַפּעלע אויסגעשריען העכער פֿון מיר. איך האָב זיך געפֿונען זייער באַליידיקט, און ניט קלערנדיק קיין סאַך, האָב איך אים אַראָפּגעלאָזן אַ פֿלעם אונטער די אויגן, אַז יענער איז אַזש אַנידערגעפֿאַלן מיט אַ געשריי, אַז איך האָב אים אַרויסגעזעצט אַן אויג. איך האָב טייקעף פֿאַרשטאַנען, אַז איך בין ווייט פֿאַרקראָכן, און ניט קלערנדיק קיין סאַך, האָב איך געמאַכט פּלייטע. דער גאַנצער כיידער מיטן רעבן בעראָש האָבן זיך אַ לאָז געטאָן

נאָך מיר און האָבן מיך געפּאַקט נעבן טיר פון מיין היים און מיט גרויס פּאַראַד מיך געפירט צוריק אין כיידער אַריין. דער רעבע האָט געדאַרפט גיין צו „מינכע", נעמט ער און לאָזט מיך איבער דערווײַלע אין כיידער ביז זיין אומקערן זיך, און אַז איך זאָל ניט אַנטלויפן — האָט ער איבערגעלאָזן צוויי יינגלעך מיך היטן און „ליתר בטחון" מיך צוגעבונדן צום טיש. די 2 יינגלעך האָבן זיך דערווייל מעיאַשעוו געווען אַראָפּכאַפּן זיך אין גאָרטן אויסרייסן אַ פּאָר אוגערקעס, האָב איך עס אויסגענוצט און גענומען די פיס אין די הענט — „ואיננו"! אַף מאָרגן קום איך שפּעטער פון אַלעמען. דער גאַנצער אוילעם האָט שוין געוואַרט ווי דער געוועזענער „קייסער" וועט שטיין פאַרן יאָמאַדין און וועט פאַר זיינע מאַיסימטויווים קריגן די „אַרבעים חסר אחת". מיר האָבן ניט געאַרט די יעסורים, גאַשמיעסדיקע יעסורים ווי די רוכניעסדיקע יעסורים און נאָך דער צוזאָג: „וראיתם אותו וזכרתם", דאָס הייסט דער נייער טיטל. וואָס איך וועל קריגן — „דער געשמיסענער", און דאָ שטייט שוין דער באַלדאָוואָר און וואַרט אַף דער נעקאָמע.

נאָר דאָ האָב איך דערזען גאָטס ניסים. מיט די ווערטער: „קום אַהער, דו שימשן האַגיבער" — האָט דער רעבע מיך אַ נעם געטאָן מיט זיינע דאַרע הענט, האָט מיך אַנידערגעשטעלט צווישן זיינע דאַרע פיס און אַראָפּלאָזנדיק דעם „פאָרהאַנג" האָט ער שוין גענומען דירידזשירן מיט זיין קאַנטשיק, — ווי מיט אַמאָל דערהערט זיך אַ קאָל (אָט ווי בעשאַס אַקיידעסייִצכאָק): וואָס ווילסטו פון אים? ער איז דאָך אַ יאָסעם און אַ שוואַך קינד. און איך דערזע, ווי די רעבעצן האַלט איין דעם רעבינס האַנט מיט דעם קאַנטשיק, פונקט ווי דער מאַלעך אווראָם אָווינוס האַנט, בעשאַס ער האָט אויפגעהויבן דעם כאַלעף צו קוילענען ייִצכאָקן. און די רעבעצן רעט אָן אַ סאַך גוטע ווערטער, וועלכע האָבן מאַשמאָעס גערירט דעם רעבן און ער לאָזט מיך אָפּ מיט די ווערטער: מער קיין שייגעץ זאָלסטו ניט זיין, הערסט! און גערירט איז דער רעבע געוואָרן ניט אַזוי פון אירע גוטע רייד, ווי פון אירע „ידים ידי עשו", פאַר וועלכע דער רעבע האָט זיך דערשראָקן.

מיינט ניט, אַז איך האָב ניט געהאַט קיין זכוס בא דער רעבעצן. איך פלעג איר צונויף קומען: ווען זי האָט קיין צייט ניט געהאַט — פלעג איך צוּוויגן אירע קינדער מיט אַ ניגן, איך פלעג איר צולייכטן, אויפגיסן אַף די הענט און נאָך פיל אַנדערע געפעליקייטן.

האַגאַם דאָס מאָל האָט מיר אָפּגעגליקט, נאָר אויס קייסער בין איך געוואָרן „ראַזשאַלעוועט" און אָן פּאַגאָנעס. און אַזוי ווי ניט אַלעמאָל טרעפט אַ נעס — האָב איך באַשלאָסן אַוועקגיין פון דעם רעבן. כ'האָב זיך דערוואַרט דעם סאָף זמאַן און געזאָגט דער מאַמען, אַז איך קאָן שוין גוט לערנען און אַז איך דאַרף שוין אַ גרעסערן מעלאַמעד. אַף דעם אַנדערן זמאַן בין איך אָנגעקומען צו אַן אַנדער רעבן.

דינסטיק איז בא אונדז אַ מאַרקטאָג. די רעבעצן פלעגט שטיין אין מאַרק מיט פּאָליווע און דער רעבע פלעגט איר אונטערהעלפן פירן דעם האַנדל. מיר פלעגן דאַמאָלסט בלייבן אין כיידער אָן אַ שטאָך אַרבעט. „ויהי היום", אין אַ דינסטיק, אַ מאַרקטאָג, ווען דער רעבע איז אַוועק צו דער רעבעצן אין מאַרק לויפן צו אונדז אַריין אין כיידער יינגלעך פון אַ שכיינעסדיקן כיידער מיט אַ געשריי:

— פערדן, בעהיימעס, וואָס זיצט איר? היינט איז דאָך „שמחת-בית-השאבה"!

— נו, טאָ וואָס זאָלן מיר טאָן? — פרעגן מיר.

קומט מיט אונדז! — זאָגן זיי און מיר זיינען אַוועק אַפן שולהויף און — „ויקומו לצחק".

דער רעבע איז געקומען אַהיים און האָט אונדז קיינעם ניט געפונען, איז ער אַוועק אונדז זוכן און האָט אונדז געפונען אַפן שולהויף. „וואָס איז עס פאַר אַ יאָנטעוו"? — פרעגט ער. איינער האָט געפּרוּווט ענטפערן. „אויב היינט איז „שמחת-בית-השאבה" וועלן מיר באַלד שלאָגן הוישאַינעס".

אַז מיר זיינען געקומען אין כיידער אַריין האָט דער רעבע אונדז געשלאָגן מיט הוישאַינעס און מיר האָבן געשריִען „קול מבשר"...

בא אונדז אין כיידער האָט דאַמאָלסט געלערנט אַ רייכער יינגל. אין דער צייט, בעשאַס דער רעבע האָט די איבעריקע קינדער גאַנץ פּאָשעט גענומען צו זיך אַף די קני און „אַריינגעשאָטן" האָט ער אים אָפּגעטאָן זיין רעכט אַף אַנדער אויפן. דער רעבע האָט אַוועקגעשטעלט אַ בענקל, אַף דעם בענקל אַוועקגעלעגט אַ פּאָר קישנס, אַז עס זאָל ניט זיין האַרט צו ליגן, האָט אים געגעבן אַ פּאָר קליינע שמיצלעך און געגעבן גלייך צו פאַרטרינקען קאַלטע וואַסער (טאָמער האָט ער זיך דערווייל כאַסוועשאָלעם דערשראָקן). די באַציִונג צום רייכן יינגל האָט אונדז אַלעמען פאַרברענט, דערהויפּט מיין ברודער, וועלכער איז נאָך געווען אין „טשערעד". האָט ער אָפּגעטאָן דעם רעבן אַ שפּיצל. דער רעבע, זאָל האָבן אַ „ליכטיקן גאַנידן". האָט געהאַט אַ ק... און נאָר ניט קיין געוויינטלעכע, מאַמעש אַ „הור ההר", און אַז ער פלעגט אונדז אַוועקלייגן צי זיך אַף די קני, פלעגט זיך אונדז דוכטן, אַז מיר ליגן אַף אַ קישן... מיין ברודער, דאַרפט איר וויסן, איז געווען אַ גרויסער שערעץ און פאַר זיינע שמאַדשטיק פלעגט ער אָפּט באַקומען גוטע קלעפּ. אַף אַלע סימכעס איז ער געווען דער ערשטער און דער לעצטער. וואַיהי, אַז דער רעבע האָט מיין ברודער אַוועקגעלייגט צו זיך אַף די קני, נעמט ער דער כעוורעניק און שטעכט אַריין אַ שפּילקע אין דעם רעבנס קישן. דער רעבע האָט דערלאַנגט אַ געשריי, אַז דער ליוויאָסן אין יאַם האָט געדאַרפט דערהערן. דער ברודער האָט געקראָגן אַ שטויס, אַז ער איז געפאַלן, מיט זיין „דעקאָלטע" צו דער צווייטער וואַנט. מאָלט זיך, אַז ער האָט געקראָגן פאַר זיין אַרבעט קייפּלקיפּלאָים, נאָר די מאַיסע האָט געקלונגען אין גאַנץ אייראָפּע... מען האָט אומעטום געלאַכט פון רעבן.

אין דעם כיידער איז מיר געווען גאַנץ גוט, און איך ווייס ניט, פאַרוואָס האָט די מאַמע אונדז, מיך און דעם ברודער, אָפּגענומען סאָף זמאַן און האָט אונדז אַוועקגעגעבן אין טאַלמעטוירע. מיסטאָמע, ווייל זי האָט ניט געהאַט מיט וואָס צו צאָלן סכאַרלימעד, און גאָר ניט גיין אין כיידער — וועל איך דאָך ווערן ווילד, האַגאַם אָפּגעבן קינדער אין טאַלמעטוירע האָט זיך גע-

רעכנט פאַר אַ דערנידערונג, נאָר „בּדלית בּרירה שאני״, וואָרום אונדזער לאַגע איז געווען דאַן זייער אַ שלעכטע.

אין טאַלמעטוירע איז מיר געווען גאָר גוט, ווײַלע לערנען פלעגן מיר זייער ווייניק. דער רעבּע איז געווען אויך אַ שאַמעש אין שול און איז געווען אַ סאַך צייט פאַרנומען מיט שוליקע איניאָנים און מיר, די טאַלמידים, פלעגן לעבּן די טעג.

דער רעבּע איז געווען זייער אַ הויכער, אַ ברייטבּייניקער מיט אַ קליין בּערדעלע. ער פלעגט רייבּן טאַבּעק צום פאַרקויפן, פון דעם טאַבּעק פלעגט קיצלען אין נאָז און טריקענען אין האַלדז, ער איז געווען אַבּיסל אַ היציקער, אָבּער ניט קיין שלעכטער פון נאַטור. די רעבּעצן איז געווען דער קאָנטראַסט פון דעם רעבּן. זי איז געווען אַ קליינינקע, גאָר אָן אַ גאַל, ווי מען רופט עס אָן. זי פלעגט האַנדלען מיט מילכיקס: קויפן אין דאָרף און פאַרקויפן אין שטעטל. איבּערהויפּט איר „בּרינדעלע״ האָט געהאַט אַ נאָמען אַפן גאַנצן „כדור הארץ״. פאַר איין קאָפּיקע פלעגן מיר קויפן אַ גאַנצע שיסעלע און מיט בּרויט איז עס געווען אַ כיעס.

ווינטער פלעגן מיר לערנען בּאַ אים אין זיין אייגענער הייזעלע, וועלכע איז בּאַשטאַנען פון אַ קיך און איין צימער. זי איז געווען אַזאַ נידעריקע, אַז דער רעבּע האָט געמוזט אין איר גיין איינגעבּויגן, ניט קענענדיק זיך שטעלן אין דער גאַנצער הויך. וואַרעם איז אין דער הייזעלע געווען אַ מעכאַיע, נאָר צייטנווייז טשאַדנע פאון קיין קאָפּווייטאָק האָט אונדז ניט געפעלט. זומער אָבּער פלעג מיר אַריבּערגיין לערנען אין שול, אין ווייבּערשן מיניען. דאָרטן לעגן מיר פּאָשעט אָפּלעבּן. מיר האָבּן זיך דאָרט געפילט פריין אין אַלצדינג, געלערנט ווייניק, אָבּער געשטיפּט, `געבּראָכן די קעפּ — וויפל מען האָט געוואָלט. דאָרטן האָבּן מיר זיך דערוווּסט פון אַ סאַך שרעקלעכע זאַכן, פון וועלכע די האָר האָבּן זיך אונדז געשטעלט קאַפּויער. דעהיינו: אַז די מייסים קומען אַלע נאַכט אין שול דאַוונען. איין מאָל איז אַ יינגל אַנטשלאָפן געוואָרן און געבּליבּן נעכטיקן אין שול, האָט ער אַליין געזען ווי די מייסים האָבּן געלייענט אין שול, האָבּן אופגערופן צו די אַליעס, פונקט ווי בּאַ אונדז די לעבּעדיקע.

אונטער די טרעפּ פון ווייבּערשן מיניען איז געשטאַנען דער אָרן, אין וועלכן מען פלעגט פירן די מייסים מעקאַבּער זיין. איין מאָל איז דער שאַמעס אַוועקגעפאָרן מיטן אָרן נאָך אַ בּאַרמינען, אַז ער, דער שאַמעס, איז אַריין אין שטוב, נעמען מיר, כעווריע, ווער רייטנדיק, ווער אַפן אָרן און „דאַוואַי״ קאַטאַיען זיך איבּערן שטאָט, און אויסערן שטאָט. איר שטעלט זיך פאָר די מעהומעס, אַז מען האָט דערזען, ווען מען האָט אַרויסגעטראָגן דעם בּאַרמינען, אַז דער אָרן איז ניטאָ. מען האָט אונדז געפאַקט ווייט פון שטאָט.

נאָך און נאָך אַ סאַך אַזוינע זאַכן האָבּן מיר זיך דערוווּסט אין טאַלמעטוירע, ווי שיידים, קאַטלייצאָנים און אַנד.

איך דאַרף אייך זאָגן, אַז דער רעבּע פון טאַלמעטוירע איז גלייכצייטיק געווען סאַי דער שאַמעס פון שול און סאַי דער שאַמעס פון כעוורע קאַדישע. אז ס׳פלעגט שטאַרבּן ווען ניט איז אַ רייכער, פלעגן מיר גיין פאַרן אָרן און שרייען „צדק לפניו״ און אויך טילים זאָגן אין שטוב בּאַ אים. און ווען ס׳פלעגט זיך מאַכן, לעהאַוודל, אַ כאַסענע בּאַ זיינעם אַ בּאַלעבּאָס, פלעגן מיר העלפן דעם רעבּן פאַנאַנדערטראָגן די בּילעטן, און אַ דאַנק דעם פלעגן מיר שוין זיין מעכוטאָנים אַף דער כאַסענע. אַף אַ כאַסענע פלעג איך גאָר אָפּלעבּן. איך האָבּ שוין דאַן אָנגעהויבּן ליבּ האָבּן מוזיק. האַגאַם די מוזיק איז בּאַשטאַנען נאָר פון טענץ. נאָר אין אונדזער שטעטל האָט מען מער, ווי דעם בּאַראַבּאַנשטשיק ניט געהערט. היינט שטעלט זיך פאָר וואָס ס׳פלעגט זיך אָפּטאָן ווען ס׳פלעגן שפּילן אונדזערע קלעזמער? און די טענץ? אַ רעבּעס טאַנץ, אַ סעמעלע, אַ געזעגעניש, אַ גאַזלענטאַנץ, אַ היטלטאַנץ, אַ קאָזאַטשקע, אַ בּייגעלע, אַ פראַנקשעז. היינט דאָס בּאַזעצעניש? דאָס ראָוו זיינען די ניגונים געווען סקאַרבּאָווע, מיט אַ קלאָגעדיקער שטימונג, טאַקע ווי אַ ייד האָט ליבּ. איך האָבּ געקענט אויסווייניק זינגען אַלע טענץ. צו מיין שוועסטער פלעגן קומען אירע כאַווערטעס טאַנצן, פלעג איך זיי פאַרבּייטן אַ פיגור, ווען ס׳האָט אויסגעפעלט. און זיין בּאַ זיי אַ טאַפּיאָר.

כאַסענעס און בּאַרמינענס פלעגן בּאָרעכאַשעם ניט אויספעלן און מיר טאַלמעטוירעיינגלעך האָבּן געהאַט אַ פולע ליידיקע צייט. נאָר איין זאַך איז אין טאַלמעטוירע געווען אַ סאַם פאַר אונדז: דעם רעבּענס אַ יינגעלע.

אָט איז די פאָטאָגראַפיע פון דעם יינגעלע: אַ גרויסער קאָפּ, אַ דין העלדזל, דינע הענט, זייער אַ גרויסער בּויך, טאָמיר אַ פולער און אַ האַרטער, און האָט אויסגעזען ווי אַ פּויק. אַפן בּויך איז צוגעקלעפּט עפּעס ווי אַ קנאָפּ, דאָס איז דער פּופּיק. אָט די גאַנצע געבּיידע שטייט אַף צוויי קרומע און דינע פיסעלעך. דער הילעך זיינער—עפּעס אַ וואַקלענדיקער, פון איין זייט אף דעם צווייטן. צוויי פיינע, קלוגע אויגן. אַ קורץ נעזל. פון נעזל בּיזן מויל אַ גרויסער פלאַך, וועלכער איז פאַרנומען דורך צוויי ליכטלעך, וואָס הענגען אַראָפּ פון נאָז בּיזן מויל. די ליכטעלעך טריקענען קיינמאָל ניט אויס, אַפן קאָפּ-דעם רעבּנס אַן אַלט היטל. אַף די פלייצקעס אַ געוועזענער טאַלעסקאָטן און אַ העמד בּיז דעם.. דעקאָלטירט. ווען ער פלעגט זיך אָנעסן מיטן שיטערן וואַרמעס, פלעגט ער אַרומגיין, קייקלענדיק זיך און פּייקלען מיט די דאַרע הענטלעך איבּערן בּויך. קיינמאָל איז ער ניט זאַט געווען. ער פלעגט אופעסן אַלץ, וואָס ס׳פלעגט בּלייבּן פון אונדז, און דאָך איז ער געווען ווי אַ פאַס אָן אַ דעק. מיר האָבּן אָט דעם נעפעש פיינט געהאַט, ווייל ער פלעגט מאַסערן דעם רעבּן אַף אונדז.

מיר האָבּן דאָס יינגעלע פיינט געהאַט אויך פאַר דעם, וואָס ער פלעגט קוקן אַף אונדז מיט ביטל. אַמאָל כאַנעקעצייט האָבּן מיר אַלע טאַלמידים געבּראַכט אין טאַלמעטוירע די פרעזענטן, וועלכע מיר האָבּן געקראָגן: ווער אַ מעסערל, ווער אַ טייסטערל, ווער זילבּערגעלט און ווער אַכילעזאַכן. ער מיט זיין גרויסן קאָפּ האָט געקוקט און בּאַטראַכט אַלץ גאַנץ רויק. מיט אַמאָל גיט ער אַ הויבּ אוף די העמד און שרייט אויס שטאָלץ: „און איך האָבּ אַ פּופּיק! איך לאַך פון אייערע צאַצקעס!״.

כ׳ווייס ניט די סיבּע, נאָר די מאַמע האָט מיר אַרויסגענומען פון טאַלמעטוירע און האָט מיך אָפּגעגעבּן אין אַ בּאַלעבּאַטישן כיידער. דער כיידער שפּילט אַ גרויסע ראָל אין מיין לעבּן, ווייל

אין אים האָב איך אָנגעהויבן אַרויסווייזן מיינע פֿעיִקייטן צו מאָלעריי. מיין ערשטע צייכענונג איז געשאַפֿן געוואָרן דורך אַזאַ צופֿאַל. איך בין געווען אין קאַס אַף דעם רעבנס טאָכטער, האָב איך זי אויסגעמאָלט, ווי זי טראָגט וואַסער אין עמער מיט אַ קאראמיסל. איך האָב עס געוויזן אַלע יינגלעך. און זיי אַלעמען איז עס געפֿעלן געוואָרן. מיין צווייטע אַרבעט איז געווען אַ קאַלאַקאָטרע (אַ האָמאָנקלאַפּער) פֿון האָלץ, אַף וועלכער כ'האָב אויסגעשניצט, ווי האָמאָן הענגט אַף דער טליע. אַז דאָס האָט דערזען דער רעבע, האָט ער מיר געגעבן אַ כיילעק און האָט געזאָגט, אַז איך זאָל מער ניט מאַכן קיין געטשקעס... אָט בעסער האָט ער מיר געזאָגט—קוק זיך גוט צו צו דעם „חשן-ואפֿוד”, וואָס איז אויסגעמאָלט אין בעסמעדרעש אַפֿן אויוון, אָט דאָס פֿאַרשטיי איך! אָבער ניט קיין געצקעס. פרוביר, אָקאָרשט נאָך אַמאָל!...

בעקיצער, שניצן פֿון האָלץ האָב איך טאקע אויפֿגעהערט. דערפֿאַר, וואָס ס'איז שאַיעך מאָלן אַף פּאַפּיר, האָב איך אים געהערט ווי די קאַץ. און האָב זיך גענומען מאָלן, אַ ווו נאָר ס'איז געווען מעגלעך. איז ניט געווען קיין פּאַפּיר—איז גוט זומער אַף זאַמד און ווינטער אַף שניי.

קעדאַי צו געבן אַ כאַראַקטעריסטיק פֿון דעם רעבן. ער איז געווען אַ יאַכסן-פֿלעגט גיין אַרום זיך זייער זויבער, אַ באַלגאַיווע, אַ פּאַכדן, אַ האַלבער מעשוגענער. האָט אַ יינגל ניט געטראָפֿן, ווי צו ענטפֿערן—פֿלעגט ער אים שלאָגן מיט דער געמאָרע איבערן קאָפּ (אָדער מיטן קאָפּ אַף דער געמאָרע), כאָטש גאָר אומזיסט פֿלעגט ער ניט שלאָגן. פֿאַר זיינע לעצטע געלט פֿלעגט ער קויפֿן ספֿאָרים, און טאַקע גוטע אויך. דערצו איז ער נאָך געווען אַ דאַוונער, אַ כאַזן.

זומער, אַז ס'פֿלעגן זיך אָנהויבן די הייסע טעג, פֿלעגט ער אונדז לאָזן גיין זיך באָדן, נאָר מיטן טנאַי, אַז מיר זאָלן זיך באָדן, ווו עס איז ניט טיף און אַז מיר זאָלן ניט שווימען. אָבער ניט אַלעמאָל האָט זיך אונדז איינגעגעבן אויסבאָדן זיך ווי געהעריק איז, ווייל אין שכיינעס איז געווען אַ שייגעץ יאַשקע און ער האָט געהאַט אַ הינטל, ווי נאָר מיר פלעגן אַריינגיין אין וואַסער, פֿלעגט ער אָנרייצן אַף אונדז זיין הינטל און פֿלעגט אונדז צוטרייבן. מיר האָבן זיך געקלאָגט פֿאַר דעם רעבן. איינמאָל, אין אַ הייסן זומערדיקן טאָג, ווען מיר האָבן זיך געקלאָגט פֿאַרן רעבן אַף יאַשקען, גיט ער אַ זאָג: „קומט קינדער, איך גיי מיט אייך, ער וועט שוין קריגן באַ מיר!”. איר קענט זיך פֿאָרשטעלן אונדזער שטאָלץ, וואָרום באַ אונדז דער רעבע געווען אַ „מלך בכיפה”. און איצט גייט ער מיט אונדז „לעשות נקמה בגוים”. אין דעם געשטאַלט פֿונם רעבן האָבן מיר פֿאַר זיך געזעען אַלע גיבוירים, וועלכע האָבן געראַטעוועט אַלע ייִדן אין אַלע צייטן. און קאַכאַוועו: דער גיבער, ד. ה. אונדזער רעבע, איז צוגעגאַנגען צום ברעג טייך אַרומגערינגלט מיט זיין מאַכנע כאַיאָלעס און מיר האָבן זיך גענומען אויסטאָן. ס'איז שטיל. ניטאָ קיין יאַשקע, ניטאָ זיין הינטל. אַ גאָישע האַצלאָכע-טראכטן מיר—גראַדע היינט איז ער ניטאָ. איצט האָט זיך אַזוי געוואָלט זען די מאַפּאָלע פֿון האָמאָנען, ווי ער וועט ווערן „ימח”. פלוצים, אַז דער רעבע האָט שוין געהאַט אויסגעטאָן אַלץ, וואָס ס'האָט באַדעקט זיין הייליקן גוף, און האָט גענומען גיין אין וואַסער צוזאַמען מיט אונדז, שפרינגט ארויס יאַשקע, וועלכער האָט זיך, מאַשמאָעס באַהאַלטן, און האָט געוואַרט ביז דער רעבע וועט זיך אויסטאָן, און טוט זיך אַ לאָז מיט זיין הינטל אַף אונדז. מיילע מיר, מישטיינט געזאָגט: אונדזערע קליידער אין די זומערדיקע היצן? דער אַרבעקאַנפֿעס מיט די הויזלעך—און דער טואַלעט איז פֿאַרטיק. אָבער דער רעבע? דער רעבע האָט, לויאַלייכעם, באַוויזן מער ניט ווי אַרופֿכאַפּן אַף זיך דעם גרויסן טאַלעסקאָטן און, לעהאַוודעל, די טאַכטוינים מיט די איבעריקע מאַכשירים האָט ער געכאַפּט אין די הענט און געפֿלויגן „רץ כצבי” מיט אַ געשריי פֿון אַ לייב: „יידן ראַטעוועט” אין שטאָט אַריין. האַגאַם דאָס הינטל האָט אים מער שוין ניט נאָכגעיאָגט.

פֿון דעמאָלסט אָן איז ביי אונדז געבליבן אָנגענומען, אַז דער „גוג-ומגוג” איז נאָך שטאַרק און אז דער „שארית עמלק” איז נאָך ניט אויסגעמעקט. נאָך דער מאיסע איז שוין דער רעבע מיט אונדז מער ניט געגאַנגען.

באַ דעם רעבן האָב איך אָנגעהויבן לערנען „לקח טוב” און געמאָרע פֿון די גרינגערע מעסיכטעס. מיין מאָלעריי האָב איך ניט פֿאַרלאָזן. נאָר קיין גרויסע באַדייטונג האָט מען זיי ניט געגעבן, ד.ה. מיינע קריטיקער (די יינגלעך) האָבן זיך ניט שטאַרק אינטערעסירט מיט מיינע צייכענונגען. דאָס האָט געהאַט אַ ווירקונג אַף מיר און איך האָב שוין ניט אַזוי אָפֿט געצייכנט. זומערדיקע צייט זיינען מיר געווען שטאַרק פֿאַרנומען מיט קאָלערליי זומערדיקע שטיפֿערייען. מיר זיינען אויך געווען פֿאַרנומען אין פֿאַרשיידענע אַרטעלן צו רייסן אוגערקעס, מערעלעך, מאָן און שפעטער עפל, באַרנעס. כאָטש דאָס אַלץ האָט געקאָסט זייער בילינ, נאָר קיינער פֿון אונדז האָט ניט געהאַט קיין איבעריקע קאָפּעקע אַף צו קויפֿן דאָס אַלץ.

ווינטער איז פֿאַר אונדז קינדער געווען אויך אינטערעסאַנט. דאָס גיין פֿון כיידער באַנאַכט אַהיים! באַ אונדז פֿלעגט מען לערנען ביז 9—10 אַזייגער באַנאַכט. אין דאָס ראָוו כאַדאָרים איז געווען איינגעפֿירט, אַז די קינדער גייען אַהיים מיט געזאַנגען און פויקן. עטלעכע קינדער זינגען פֿאָלקלידער און דער פייקל באַמבעט אונטער. איך קאָן אייך ניט זאָגן אַף וויפֿל אונדזער כאָר און דער אקאמפאנימענט זיינען געווען אויסגעהאַלטן לויט אַלע הילכעס מוזיק. יעדער כיידער האָט געמוזט האָבן אַ פויק, ווען ניט, האָט דער כיידער אויסגעזען ווי אַ פאָלק אָן אַ פֿאָן. דער פויק פֿלעגט געשאַפֿן ווערן ניט גאָר פראָסט. פֿריער פֿון אַלץ האָט מען געמוזט קריגן אַ זיפּ, דערנאָך אַ פענכער, אָנציִען עס גלאַט אַף דעם פוסטן רעמל פֿון דער זיפּ, וואַרטן ביז עס ווערט גוט טרוקן און אָט אַזוי ווערט פֿאַרטיק דער פויק. די זיפּ האָב איך צוגעלאַקכנט באַ דער מאַמען. אָבער ווו נעמט מען אַ פענכער? דאָס איז פֿאַר מיין קעשענע געווען גאַנץ שווע״, ווייל אַ פענכער האָט געקאָסט גאַנצע 4 גראָשן. נאָר נויט ברעכט אייזן. איך בין געגאַנגען עטלעכע אָוונטן צו אַ קאַצעוו און האָב אים צוגעלייכט צו זיין אַרבעט און דערפֿאַר האָב איך באַקומען דעם פענכער.

איינמאָל האָט זיך אונדז פֿאַרגלוסט ניט צו גיין אין כיידער. אָבער ווי טוט מען? איז איינער—און דאָס איז געווען מיין ברו-

דער—געפֿאַלן אַף אַ סוואָרע. אַפֿן הויף פֿון כיידער איז געווען אַ קלייט און אין קלייט איז געשטאַנען אַ הויכער לייטער. זאָגט מיין ברודער: „לאָמיר היינט באַנאַכט ניט קומען אין כיידער און מאָרגן וועל איך שוין פֿאַרענטפֿערן".

אַף מאָרגן האָט דער רעבע אונדז געפֿרעגט: „וואָס איז די מאַיסע מיט אַייך, מיינע שיינע יידן? דאָ טרעט אַרויס מיין ברודער און מיט אַ טאָן פֿון שרעק, אַזש דער רעבע אַליין האָט זיך איבערגעשראָקן, האָט ער גענומען דערציילן, ווי גייענדיק פֿאַרביי דער אָפֿענער טיר פֿון קלייט, האָבן מיר דערזען אַפֿן לייטער קריכן אַרום, אַרויף און אַראָפּ, שיידים און די קאַטלעצאָנים, לאַנגע און דינע ווי שטרוי, אין שוואַרצע צילינדערס און אין פֿראַקן, באַ יעדערן אַ לאַנגער עק און הינערשע פֿיס. אַלע איידעס האָבן באַשטעטיקט זיינע רייד, און איך האָב געשוואָרן באַם לעבן פֿונם רעבן. קיינער, און בעסויכאָם דער רעבע, איז ניט געווען מעסופעק אין דער מאַיסע פֿון מיין ברודער. נאָכדעם האָבן מיר שוין היפשע נעכט דורכגעלאָזט און ניט געגאַנגען אין כיידער (מיר האָבן קלוימערשט מוירע פֿאַר די שיידים) און די צייט בעסער אויסגענוצט אַף גליטשן זיך אָדער גלאָט אַזוי ברעכן די קעפּ, ווי עס מאַכט זיך נאָר.

אין אונדזער שטעטל איז נאָך אַדהאַיעם ניטאָ קיין וואַסערלייטונג. און וואַסער נוצט מען פֿון אַ ברונעם אָדער פֿון אָזירע. דער רעבע פֿלעגט ניצן ברונעמוואַסער, אַף אַ סאַמאָוואַר אָבער, וועלכן מען וואָלט שטעלן צוליב אַ גאַסט אָדער יאָנטעוו נאָכן שלאָף, פֿלעגט מען נעמען אָזירעוואַסער. באַ אונדז, קינדער, איז געווען אַ גאַנצער יאָנטעוו, ווען די רעבעצן פֿלעגט אונדז בעטן ברענגען אַן עמער וואַסער פֿון ברונעם. די עקספּעדיציע נאָך וואַסער פֿלעגט טאָמיד באַשטיין פֿון דריי יינגלעך: צוויי—אַף צו טראָגן דעם עמער וואַסער אַף דער ווילקע און אַ דריטער אַלס אַן אַסיסטענט, טאָמער ווערט איינער מיד.

דער הילצערנער ביניען אַרום דעם ברונעם איז געווען נידעריק און נאָך פֿאַרגאָסן אַרום מיט וואַסער און פֿאַרפֿראָרן. פֿריער פֿאַר אַלץ פֿלעגן מיר שפּייען אין ברונים און קוקן ווי דער שפּיי גייט צוריק צו אונדז פֿון דער צורע, וואָס זעט זיך אין וואַסער. אונדז איז עס זייער געפֿעלן געווען. איינער פֿון אונדז האָט זיך צופֿיל אַריבערגעבויגן און האָט זיך אויסגעגליטשט און אַריינגעפֿאַלן אין ברונעם, דער נעס איז געווען, וואָס יענער איז געווען אין אַ וואַטאָווען פּאַלטאָ און פֿאַרגאַרטלט שטייף מיט אַ שטריקל. די פּאָלעס פֿון פּאַלטאָ האָבן זיך פֿאַנאַנדערגעלאָזן אַפֿן וואַסער און די פֿיס האָבן געשטעקט אינם ברונעם אַזוי ווי אַ באַלערינע. מיר האָבן געמאַכט אַ גוואַלד, אַף וועלכן ס'האָט זיך צוזאַמענגעקליבן אַן אוילעם. מע האָט אַראָפּגעלאָזן אַ לייטער און אים אַרויסגעשלעפּט ניט קיין דערטרונקענעם. דער רעבע האָט אַפֿילע געוואָלט דעם יינגל אַריינקאַטעווען פֿאַר זיין קריכן אין ברונעם, נאָר ער האָט עס אָפּגעלייגט, ווייל דער יינגל איז געווען דערשראָקן און פֿאַרקילט.

אין דעם כיידער האָב איך מיט מער פֿלייסיקייט זיך גענומען צום צייכענען, וואָרום אַף מיין מאָלעריי האָבן זיך געפֿונען באַלאָנים. איך האָב געמאָלט קייסאָרים, קאַזאַקן אַף פֿערד, אינגעהויפּט האָב איך געשניצט מיזראָכים. געצאָלט האָט מען פֿאַר מיינע אַרבעט מיט קנעפּלעך, ווייל קיין געלט האָט קיינער פֿון די כיידעריינגלעך ניט געהאַט, און אויב ווער ניט איז האָט יאָ געהאַט—האָבן זיך געפֿונען מער וויכטיקערע זאַכן אַף פֿאַרטאָן דאָס געלט. איך האָב די קנעפּלעך פֿאַרקויפֿט און גענומען צו קאָפּעקע פֿאַר זעקס שטיק, אַן אַנדערשמאָל נאָך טייערער (ווען אַ יינגל האָט געדאַרפֿט האָבן קנעפּלעך אַף אָפּצושפּילן זיך צוריק). נאָר אינגיכן האָט זיך געפֿונען אַ יינגל, אַ קאָוונער, וועלכער איז געווען דאָ אין געסט באַ אַ זיידן. ער פֿלעגט פּאָשעט גאַנוועגען געלט און קויפֿן באַ מיר מיינע פּאָרטרעטן און צאָלן צו דריי גראָשן און צו פֿיר גראָשן פֿאַר אַ שטיק. איך האָב אָפּגעלעבט. איך האָב געהאַט פֿאַר וואָס צו קויפֿן פּאַפּיר און בלייפֿעדערס.

איך האב מיינע פּאָרטרעטן געמאָלט נאָר אין פּראָפֿיל, ווייל אָנפֿאַס האָב איך נאָך ניט געקענט. די ליפּן און די באַקן פֿלעג איך מאַכן רויט און די אויגן בלוי. עס דערקלערט זיך מיט דעם, וואָס איך האָב געקראָגן אַ בלייפֿעדער רויט און בלוי. די קונסט פֿון מאָלן אין פּראָפֿיל האָב איך גענומען אָט פֿון וואָס: באַ דער מאַמען אין שופֿלאָד האָב איך געפֿונען אַליידיקן פּעקל פֿון ציקאָריע, וואָס זי האָט אַמאָל געהאַט געקויפֿט אַף שאַוועס (שאַוועס איז אַ מינהעג צו טרינקען קאָפֿע אָדער ציקאָריע), אַף דעם פּעקל איז געווען אַ שטאַמפּ, אַ מעדאַל, וואָס עס האָט געקראָגן די פֿאַבריק. מיר דוכט, אַז דאָס איז געווען דער פּאָרטרעט פֿון פֿראַנץ יאָסיפֿן. און איך האָב זיך גענומען מאָלן דעם פּאָרטרעט. אינגיכן, איך געדענק שוין ניט דורך וואָס פֿאַר אַ צופֿאַל, האָב איך אויסגעמאָלט אַ צורע אַנטקעגן, ד. ה. אָנפֿאַס. כ'האָב פֿון מיין אַרבעט געקראָגן גרויס היספּאַילעס און כ'בין אַרומגעלאָפֿן ווי אַ צומישטער. איך האָב אַלעמען געוויזן דעם פּאָרטרעט און איך האָב זיך געפֿילט, ווי איך שוועב אינדערלופֿטן, מיט אַ קאָפּ העכער פֿון אַלע יינגלעך. אַזוי אַרום, דרייענדיק זיך איבערן שטאָט, בין איך פֿאַרקראָכן צו אַ באַקאַנטן שייגעץ. זיין מוטער פֿלעגט אונדז וואַשן גרעט, שאַבעס אַראָפּנעמען די לייכטער און ווינטער הייצן די הרובעס. זי פֿלעגט אים מיטנעמען מיט זיך, און אַזוי אַרום בין איך מיט אים געווען באַקאַנט. ער איז געגאַנגען אין שול, אים האָב איך גלייך באַוויזן מיין נייע אַרבעט, ער האָט אַ קוק געטאָן און האָט זיך אויסגעלאַכט פֿון מיר און פֿון מיין קונסט, און האָט מיר באַוויזן אַ לאַנדקאַרטע און האָט זיך באַרימט, אַז ער אַליין האָט עס געצייכנט. דערהויפּט האָבן מיר איבערגעשט די בערג און די וואַסער מיט די בלויע פֿאַרב פֿון אַקוואַרעל, פֿון וואָס איך האָב נאָך ביז אַהער ניט געוווסט. איך בין אַוועק פֿון אים אינגאַנצן אַ צודרייפּעטער. זיין גיין אין שול און זיין מאָלעריי דאָרט האָבן מיך אינגאַנצן מעטושטעש געמאַכט. איך האָב אָפּט גענומען טראַכטן וועגן דעם שייגעץ, וואָס זיין מאַמע איז אַ וועשן, און איך האָב אים פֿיינט געקראָגן, ווי אַ כאַזער, ווייל ער האָט מיך אויסגעלאַכט אינגאַנצן. דערצו האָב איך אים מעקאַנע געווען, וואָס ער קאָן שוין אַרבעטן מיט אַקוואַרעל און קאָן מאַכן בערג ;ון יאַמען.

איך האָב זיך גענומען נאָך מער צו מיין אַרבעט: קייסאָרים, גענעראַלן, קאַזאַקן אַף פֿערד, און כ'האָב פֿאַרפֿירט דעם גע-

שעפּט נאָך גרעסער. מיין מאַמע איז געווען ניט צופרידן מיט מיין מאָלעריי און פלעגט זיך שטאַרק בייזערן אַף מיר און פלעגט אָנרופן מיין אַרבעט—געצקעס.

דערווייל איז די פּאַרנאָסע, ווי עס ווייזט אויס, געווען גאָר שוואך און די מאַמע האָט ניט געקענט צאָלן קיין סכאַרליִמעד פאַר אַלע אירע ייִנגלעך—האָט זי באַשלאָסן: דער עלטערער וועט לערנען אין בעסמעדרעש און איך וועל דערווייל זיין איִנדערהיים, ד. ה. גאָרניִשט טאָן.

## פון כיידער ביז דוויִנסק.

אָט בין איך אָפּגעריסן געוואָרן פונם כיידער. כ׳בין געוואָרן גאָר אַ פרייער מענטש. פון דערפרי ביז באַנאַכט אַרומגעלאָפן, אַרומגעגאַנגען, געבאָדן זיך, געשפּילט מיט נאָך ליידיקגייער אין „קראַדעננאַיאַ פּאַלאָטשקאַ". אַן אָפּגעריסענער, אַן אָפּגעשליִסענער, אַ הונגעריקער און דאָך ניט פאַרוואָרפן מיין מאָלעריי. די מאַמע האָט זיך אַרומגעזען, אַז אַזוי איז גאָר ניט קיין טאַכלעס, האָט זי מיך אָפּגעגעבן אין „פּריכאָדסקאָיע אוטשילישטשע". צאָלן דאַרף מען דאָך ניט און דערווייל וועט מען פון מיר פּאָטער ווערן און פון מיין מאָלעריי מיט קיילן אַף די ווענט. אין שול האָב איך זיך פון אָנהויב געלערנט ניט גאָר גוט, ווייל איך האָב ניט געקענט ריידן קיין רוסיש. און איך האב ניט פאַרשטאַנען, וואָס דער לערער דערקלערט. שפּעטער אַביסל האָב איך זיך גענומען אויסבעסערן און איך בין אַריבער אין דער קרייזשול („אויעזדנע אוטשילישטשע"), נאָר באלד האָב איך עס געמוזט פאַרלאָזן, ווייל איך האָב ניט געהאַט קיין שטיוול און קיין רעכטן סורדוקל און דערהויפּט דערפאַר, וואָס מען האָט געדאַרפט צאָלן עטלעכע רובל אַ יאָר, וואָס די מאַמע האָט ניט געקענט.

איך האָב זיך צוריק גענומען צו מיין אַרבעט. כ׳האָב באַשלאָסן צו מאכן א גרויסן פּאָרטרעט אַף 3 צונויפגעקלעפּטע בויגנס פּאַפּיר. אַ קרעמער האָט מיר געבאָרגט די פּאַפּיר (וואָס האָט אָנגעטראָפן 3 גראָשן) און איך האָב אויסגעמאָלט אַ גרויסן „קייסער" אין אַ רויטן מונדיר מיט בלויע הויזן, אַ בלויע לענטע און מאָדנע מעדאַלן מיט אָרדנס, וועלכע איך האב געשאַפן אין מיין פאַנטאַזיע. כ׳האָב געמאַכט אַן אַסיפע פון מיינע באַקאַנטע כעווירעלייט און די אַסיפע האָט באַשטימט: העיויס, אַז פאַרקויפן דעם פּאָרטרעט איז אומעגלעך, ווייל ס׳זיינען ניטאָ קיין רייכע קויפערס, לאָכיין זאָל מען דעם פּאָרטרעט אויספּלעטן צו גראָשן אַ פּלעט, און קאַכאַווע. מען האָט געפּלעט פאַרנאַכט אין בעסמעדרעש, אין קלייזל און דער, וועלכער ס׳האָט געוווּנען האט געמוזט דערלייגן ביז א גילדן.

בעקיצער, איך בין געוואָרן אַ ראָטשילד, און קיירעך איז געווען אַ הונט קעגן מיר. גאַנץ שטעטל האָט גערעט וועגן מיר און דער נאָמען: יודקע-ציפע, מוישע-גערשנס איז געווען באַאַלעמען אין די מיילער. נאָכדעם האָב איך געקראָגן אַ באַשטעלונג מאכן אַ פאָדערבלאַט צו אַ פּינקעס פון כעווירע „קנה בינה". דער מעקעך איז געווען ניט ווייניקער פון 15 ק. דער פאָדערבלאַט איז אַרויס שיין, צאַצקעדיק און וועגן מיר האָט מען גענומען ריידן אין דוויִנסק.

און געשעען איז עס אַזוי: אונדזער אַ שטעטלשער איז אַן איידים אין דוויִנסק. זיין שווער האָט זיך גערופן דער גרויסער קיִנסטלער. ער איז געווען א מאַליער. ער פלעגט שרייבן שילדן, מאָלן ווענט, פּאַרקעט, בריקן און ד. גל. אין דער צייט האָט ער געהאַט געוויינטלעכע פאַרבערייי אין שטאָט און אפן באַן. ווען אָט דער „קיִנסטלער" האָט דערהערט פון זיין איידים וועגן דעם געראָטענעם ייִנגל, ד.ה. וועגן מיר, האָט ער געבעטן, אַז ער זאָל ריידן מיט מיין מאַמען, אַז איך זאָל צופאָרן אין דוויִנסק אַף אַ פּראָבע.

דוויִנסק איז פון אונדזער שטעטל 25 וויאָרסט. מען פאָרט אַף פערד מיטן שאָסיי. געווען איז עס עלעל-צייט. די מאַמע האָט פון די לעצטע אָפּגעצאָלט פאַר דער פור און נאָך מיטגעגעבן מיר אַ קופערנע קאָפּיקע אַף וועגהויצאָעס מיט א ביסל כרערן דערביי. אַלט בין איך דאַן געווען אַן ערעך 13 צו 14 יאָר.

איידער כ׳וועל דערציילן פון די דוויִנסקער געשעעניִשן מיט מיר, וועל איך געבן די כאַראַקטעריסטיק פון די מענטשן, צו וועלכע איך בין אָנגעקומען.

דער מאַליער אַליין איז געווען אַ פאַרברענטער כאָסיד, האָט פיינט געהאַט אַ מיסנאַגעד ווי צען כאַזיירים, א מעפונעק ביזן ביין. אַ גרויסער איבערקלייבער אין הילכעס אַכילע. האָט ליב געהאַט מען זאָל פאַר אים קאָכן אין באַזונדערע טעפּלעך און טאַקע וואָס בעסערס. האָט ניט פיינט געהאַט אַ ניִשקאָשעדיקן ביסל „יאַש". ניט קיין נאַרישער ייִד, אַן ערלעכער מאַן. פלעגט זיך שטעלן איידל באַ אַ נעדראָווע און וויפל מעגלעך געווען מיטפּילן אַן אָרימאַן. נאָר צייטנווייז אַ טירעף. ער האָט געהאַט אַ נאַטור אויסציִען זיך אַף דער קאַנאַפּע און קיינעם ניט לאָזן דורכגיין איבערן שטוב, מיט די ווערטער: „די שיידים טראָגן זיי אַרום! טאָמער האב איך זיך צוגעלייגט אַ ווײלע און וויל הערן, צו טוט מיר ניט וויי אַ ביין—איז פון זיי קיין אָרט ניטאָ". מען קען זיך פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַ כוילע ער איז געווען! האָט אים אימיצער אָנגעריִרט דעם קאָוועד, האָט ער יענעם אויסגעצאָלט אַזוי, אַז יענער פלעגט פון אים אַנטלויפן פאַר דריי מייל. אַ ווייב האָט ער געהאַט ניט קיין שיינע, אַ בליִנדלעכע. אַ קלוגע מיט א מיילכעלע, אַ יאַכסנטע, אַ מעלאַמעדס א טאָכטער. פריינט האָט זי געהאַט זייער רייכע. זייער עלטערע טאָכטער, שוין ניט קיין יונגע און ניט קיין שיינע, נאָר אַ מויל—פעך און שוועבל. די ייִנגערע טאָכטער אַ מיידעלע אַ יאָר צוועלף, אַ שייניִנקע און אַ קלוגע, אַ לעבעדיקע און דער טאַטע האָט זי זייער ליב געהאַט.

איצט—אַ קורצע כאַראַקטעריסטיק פון זיך זעלבסט. כ׳בין געווען אַ מיסנאַגעד פון דער היים, ד.ה. געדאַוונט ניט אין אַ כסידישן מיניען. אַ שעמעוודיקער. ניט האָלט געהאַט צו עסן אַז אימיצער זעט, האַלטן זיך אָן אַ זייט, ציטערן פאַר יעדן, וועלכער ווייזט מיר ניט קיין גוטע מינע. אָט אַזאַ בין איך אָנגעקומען קיין דווינסק.

אַז איך בין אַריין צום מאַליער אין שטוב, איז ער ניט געווען איִנדערהיים. די פרויען האָבן מיך געפרעגט ווער איך בין, און אַז איך האָב זיי געענטפערט—האבן זיי מיר געגעבן אַ שיסעלע זויערמילך מיט ברויט, אַז איך זאָל זיך אַביסל אָפּ-

עסן פֿון וועג און אליין זיך געשטעלט קוקן אַף מיר. דאָס איז געווען גענוג, אַז איך זאָל זיך ניט צורירן צום עסן. אין אָנפֿאַנג האָט מען מיר אַ פּאָר מאָל געבעטן עסן, דערנאָך האָט די עלטערע טאָכטער אָפּגערוקט פֿון מיר די שיסעלע מיט די זויערמילך און אַליין אויפֿגעגעסן. איך בין געווען זייער הונגעריק, נאָר איך האב פֿאַר קיין פֿאַל ניט געקענט עסן בעשאַס מען שטייט און מען קוקט אף מיר.

באַנאַכט איז געקומען דער מאַליער. זיין ערשטע פֿראַגע איז געווען, צי האט מען מיר געגעבן עסן און אז מען האט אים געזאָגט, אַז איך האָב ניט געגעסן—האָט ער מיך אַנידערגעזעצט לעבן זיך מיר זאָלן ביידע עסן. אַז ער האָט דערזען מיינע האַכאָנעס, ווי איך נעם די לעפל, ווי איך לייג זי צוריק אין טעלער, האָט ער אַף מיר געגעבן א געשריי אַפֿן כסידישן אויפֿן אַזאַ וואָרט, אַז די לעפל איז אַרויסגעפֿאַלן באַ מיר פֿון די הענט. דאָ האָט זיין ווייב צוגעגעבן: „וואָס איז דאָס פֿאַר אַ טערעכל? פֿון וואַנען האָט ער זיך אויסגעקראַצט?” די אַטעסטאַציע איז פֿאַר מיר שוין געווען צו פֿיל און איך האָב זיך שוין מער ניט צוגערירט צום עסן און זיך געלייגט שלאָפֿן ניט קיין געגעסענער. אַזוי האָב איך זיך געמוטשעט אַ פּאָר טעג און אַפֿן דריטן טאָג, אַז דער מאַליער איז אַוועק דאַווענען, בין איך אַרויס אין גאַס און געקויפֿט אַ פּאָר קוכנס פֿאַר די קאָפּיקע, וואָס די מאַמע האָט מיר געגעבן אַפֿן וועג. אָפּגעגעסן, גענומען די פּיס אין די הענט און היידאַ—צופֿוס, צוריק א היים.

איך בין געווען אויסגעהונגערט, אויסגעמאַטערט און איך בין צו פֿאַרנאַכט קאַם-קאַם געקומען אַ היים. אַז איך בין אַריין אין שטוב און די מאַמע האָט מיך געפֿרעגט: וואָס זעסטו אַזוי שלעכט אויס? וואָס האָט מיט דיר געטראָפֿן?”—האב איך זיך פֿאַרכליפּעט און ניט געקענט אויסריידן אַ וואָרט. דאַן זאָגט מיר די מאַמע: „האָב קיין מוירע ניט! מער וועסטו אהין ניט פֿאָרן”, און איך האב זיך בארויקט. איך בין שוין ניט מער אין דער פֿרעמד. קיינער אינטערעסירט זיך ניט צו האָב איך געגעסן צו ניט, מען קוקט מיר ניט אין די אויגן און מען לאַכט ניט פֿון מיר.

איך האָב זיך גענומען צו מיין אַלטער אַרבעט—מאָלן קייסאָרים. אַזוי ווי אין כיידער בין איך ניט געגאַנגען—האָט מיך מיין ברודער גענומען צו זיך אין בעסמעדרעש, ווו ער האָט געלערנט אַלס קלויזניק. איך פֿלעג גיין אהין אין אָוונט. נאָר לערנען פֿלעג איך אָן אַפּעטיט. אין איין פּראַט איז געווען אינטערעסאַנט. די צייט איז שוין געווען צו ווינטער. דער שאַמעס פֿלעגט אויסהייצן א גרויסן אויוון, צומאכן דעם קוימען און אַ ווײַלע אַרויסגיין, דאַן פֿלעגן מיר אָנלייגן פֿול דעם אויוון מיט בולבעס און באקן זיי. באַ אונדז איז עס געווען דער בעסטער מאַיכל אין דער וועלט. שלעכט איז געווען, ווען פלוצלונג קומט אַריין דער שאמעס און כאפּט אונדז באם קנעפּל. ער פֿלעגט דאַן אָנפֿאַלן אף אונדז און קאָנפֿיסקירן די בולבע. ווען, ווער פֿון אונדז וואלט פּרוּוון פּראָטעסטירן—פֿלעגט ער זיך ניט פֿוילן מעכאבעד זיין יענעם מיטן רימען. מאלט אייך, אַז מיר פֿלעגן זיך אָפּרעכענען מיטן שאַמעס. פֿאַר די געגאַזלטע בולבעס פֿלעגן מיר באַ אים אַרויסשטעפּן די שטיקלעך יאָרצייטליכט, קלויפערשט, אַף צו לערנען.

איך בין געווען איינער פֿון די הויפּט-בולבעאַקציאָנערן, ווייל איך האָב פֿון צייט צו צייט געלייזט פאר מיינעם אַ פּאָרטרעט. איך פֿלעג קויפֿן אַ גאַנצן טאָפּ בולבעס פֿאַר אַ פייעם און זיך טיילן מיט די קלויזניקעס, וועמען עס האָט אויסגעפֿעלט אַ טאָג (די קלויזניקעס פֿלעגן עסן טעג באַ די באַלעבאַטים, נאָר אָפּט פלעגט זיי אויספֿעלן טעג און זיי פֿלעגן שטילן זייער הונגער מיט מיינע בולבעס).

ס'איז קעדאַי צו דערמאָנען איינע פֿון די לוסטיקע האַמצאָעס אין קלויז. אַז אַ קלויזניק פֿלעגט אַנשלאָפֿן ווערן זיצנדיק אַף דער געמאָרע—פֿלעגט מען אים אריינלאָזן אַ פּימפּער אין נאָז. דער פּימפּער איז באַשטאַנען פֿון אַ צונויפֿגעדרייט פּאַפּירל, דעם דינעם שפּיץ פֿון וועלכן מען פֿלעגט אַריינשטעקן דעם איינגעשלאָפֿענעם אין נאָז און אונטערצינדן. איר קענט זיך פֿאָרשטעלן זיין אויפֿכאַפּן זיך ניט טויט, ניט לעבעדיק.

אינטערעסאַנט איז געווען אַריינגיין צו אונדז אין קלויז פֿרייטיק באַטאָג. די קלויז פלעגט פֿרייטיק פּאַרוואַנדלט ווערן אין אַ וואַרקשטאַט. אין איין ווינקל, אַף אַ באַנק, זיצט אַ קלויזניק דעקאָלטירט פֿון פּיאַטע ביז דעם פּופּיק און לאַטעט די איינציקע פּאָר הויזן, וועלכע ער פֿאַרמאָגט. אַ צווייטער לאַטעט זיין צוריסענע זשופּיצע. אַ דריטער באַטראַכט מיט אַ פּילאָזאָפישן קוק זיינעם אַ שטיוול, וועלכער האָט געעפֿנט זיין פּיסק, א. א. וו. אַלע זיינען דערביי לוסטיק; דער דערציילט אַ גלייכוואָרט, דער דערציילט מאַיסעס פֿון די „טעג”, ווו ער עסט, דער אַנדערער—פֿון די „טעג”, וועלכע ס'פעלן אים אויס. און אזוי פארברענגען זיי זייער וועלט, וואַלגערן זיך אין דער פרעמד.

איינמאָל, קומענדיק אַ היים פֿון בעסמעדרעש, דערזע איך אַ פֿור שטייט פֿאַר אַ הויז, מיר האָט אַ קלאַפּ געטאָן דאָס האַרץ. און ניט אומזיסט: ס'ווייזט זיך אַרויס, אַז אין פֿור זיצט מיין געוועזענער באַלעבאָס, דער מאַליער פֿון דווינסק. כ'האָב גלייך פאַרשטאַנען, אַז ער איז געקומען נאָך מיין נעשאָמע. און קאַכאַווע. אינדערפרי קומט אַ שאַליעך נאָך מיין מאַמען: מען בעט זי ניט אַנדערש קומען צוזאמען מיט מיר צו אים, צום מאַליער, הייסט עס. פֿון אָנפֿאַנג האָט די מאַמע ניט געוואָלט, נאָר דערנאָך האָט מען זי איבערגערעט. מיר זיינען געקומען אַהין און געפֿונען דאָרט אַ גאַנצן אוילעם, וועלכער האָט גענומען איינריידן און צוריידן, אז דאָס איז פֿאַר מיר פּאָשעט אַ גליק, און עס קאָן נאָך זיין, אַז גאָט וועט געבן מאַזל וועט מען מיר געבן פֿאַר אַ קאַלע זיין יינגערע טאָכטער, די שיינינקע מיידעלע. האַגאַם מען האָט דאָך מער ניט ווי געלאַכט, נאָר איך האָב זיך פֿאַרשעמט און איך בין רויט געוואָרן ווי אַ בוריק. כ'האָב געוואָלט אין דער רעגע אַנטלויפֿן צוריק. נאָר מען האָט שוין מיך ניט אַוועקגעלאָזט און מען האָט שוין גענומען אויסאַרבעטן די באַדינגונגען. ס'איז געשלאָסן געוואָרן אַזאַ אָפּמאַך: ער נעמט מיך צו זיך אַף 4 יאָר, זיין עסן, זיין קליידונג. נאָך די 4 יאָר דאַרף ער מיר אַרויסגעבן מעזומאָנים 50 רובל. אויב איך וועל וועלן בלייבן באַ אים ווייטער—דאַרף ער מיר געבן פֿאַר יעדן יאָר 100 רובל. אַף דער סימכע האָט מען גענומען אַ ביסל בראַנפֿן און מיר האָט מען געגעבן

אַ שטיקל לעקעך. דער מאַמען האָט ער אָנגעזאָגט, אַז אַף מאָרגן פֿרי דאַרף איך זיין גרייט צו דער רייזע.

די מאַמע איז געזעסן דורך נאַכט און האָט מיר אופגענייט אַ היטל. ד. ה. גענומען אַן אַלטע היטל, איבערגעניצעוועט זי אַף דעם אנדער זייט, אונטערגעקלאַפּט מיט וואַטע, אָנגעכלאָבוטשעט מיר אַפּן קאָפּ און פֿאַרטיק. אַי וואָס—איך בין דאָך אַ באָרוועסער? האָט מען צוגענומען גאָר דעם עלטערן ברודערס פּאָר שטיוול מיט די אַראָפּגעקרימטע קנאַפּלען, אָנגעלייגט אינווייניק שטרוי, און אָט האָב איך שטיוול אויך. איך בין געוואָרן אויסגעקליידט פֿון קאָפּ ביז די פֿיס. אַף מאָרגן גאַנץ פֿרי האָט מען מיך איינגעוויקלט אין אַ פֿויערשן פעלץ איינגעפּאַקט אין שליטן און—היידאַ! אין אָוונט זיינען מיר געקומען מיט מאַזל אין דווינסק.

---

מ. מיאַדאָוונִיק.

# מיינע טעאַטערזיכרוינעס.

פֿאַרשריבן פֿון ל. דושמאַן.

(פֿ אָ ר ז ע צ ו נ ג).

די צווייטע פֿאָרשטעלונג איז געגאַנגען „קאַבצנזאָן און הונגערמאַן". אַף וועלכער מע האָט אפילע פֿאַר איין בילעט ניט געלייזט. עס זיינען נאָר געקומען די קאָנטראָמאַראָטשניקעס, וואָס מע האָט געגעבן פֿאַר די זאַכן, וואָס מע האָט געדאַרפֿט, און די דריי קלעזמאָרים, 2 פֿידלען און אַ באַס. קיין פּובליקום איז מער ניט געקומען. מע האָט געוואַרט ביז שפּעט אין דער נאַכט, נאָר קיינער איז ניט געקומען.

מיר זיינען געזעסן צווזעצט אַף די בענק און זיך דורכגעלופּטערט אַ ביסל די שפּראַך, דערנאָך זיינען מיר געגאַנגען אהיים. אַפּן וועג האָבן אונדז באַגענגט די קינדער מיט א „הורא".



מיר זיינען געקומען אהיים אַף דער אכסאניע, און זיך באַרעכנט וואָס ווייטער צו טאָן. האָבן מיר באַשלאָסן, אַז מיר דאַרפֿן ווייטער פֿאָרן. די פֿראַגע איז וווהין? דאָרט אַף דער "כסאניע האָט מען אונדז געגעבן אַן אייצע, אַז פֿון דאַנען 15 וויאָרסט איז פֿאַראַן אַ שטעטל (כ'געדענק ניט דעם נאָמען). דאָרטן וועלן מיר פֿאַרדינען אַ סאַך געלט. איז ניט געקלערט. דער באַגאַזש איז בא אונדז פֿאַרטיק געוואָרן איינס-צוויי, הויבט זיך אָן אַ טאינע מיטן באַלעבאָס פֿון דער אכסאניע, ער וויל פֿאַרהאַלטן די זאַכן און ניט אַרויסלאָזן ביז וואַנען מע וועט אים ניט אָפּצאָלן. מע האָט זיך אַריינגעמישט און געמאַכט אַ פּשאָרע: אַז דער באַלעבאָס זאָל נאָך אויסלייגן פֿאַר אונדז אַף פֿורגעלט אין שטעטל אריין און מיר וועלן אים אַרויסגעבן אַ צעטל אַף דער קאַסע, דאָס ערשטע געלט, וואָס מען וועט לייזן, דאַרף מען אים אָפּצאָלן פֿאַר די פֿורן, און פֿאַר סטאַנציעגעלט. דער באַלעבאָס האָט געשיקט נאָך אַ באַלעגאָלע פֿון יענעם שטעטל (ווייל דאָרט גייט אַ טראַקט, וואָס פֿירט הין און צוריק) און האָט אים איבערגעגעבן דעם צעטל, וואָס מיר האָבן אים געגעבן און אים געזאָגט בעזע האָלאָשן: „פֿיר אָם די אַקטיאָרשטשיקעס צו אייך אין שטעטל, דאָ האָסטו דעם צעטל. אזוי ווי מען וועט עפֿענען די קאַסע, זאָלסטו אָפּנעמען דאָס געלט, מיר זאָלסטו אָפּשיקן, וואָס מיר קומט, און דאָס איבעריקע זאָלסטו זיך נעמען פֿאַר פֿורגעלט". דער באַלעגאָלע האָט זיך צולאַכט און האָט געזאָגט: „וואָס איז דאָס פֿאַר אַ פּאַרשוינען? אקטיאָרטשיקעס גאָר? וואָס וועלן זיי טאָן בא אונדז אין שטעטל"? זאָגט דער באַלעבאָס: „דאָס זיינען קאָמעדיאַנטן, זיי מאַכן קאָמעדיעס". אָט דאָ איז געוואָרן דער באַלעגאָלע פֿריילעך. ער איז געוואָרן אַ גוטער ברודער און האָט זיך צורעט מיט אונדז.

דערווייל האָבן מיר אים אויסגעפֿרעגט, וואָס בא זיי אין שטעטל איז, ווו מ'קען דאָרט האַלטן סטאַנציע, זאָגט דער באַלעגאָלע: „וואָס דאַרפֿט איר האָבן אַ סטאַנציע, איך וועל אייך אריינפֿירן צו מיר אין שייער, פֿאַראַן פֿרישע היי, וועט איר דאָרטן שלאָפֿן, עס וועט אייך קיין געלט ניט קאָסטן, נאָר איר זאָלט מיך מיטנעמען אַ פּאָר מאָל אַף אייערע קאָמעדיעס מיט דער וויב, מיט די קינדער". מיר זיינען איינשטימיק געווען דערויף. ער האָט אונדז געהייסן זיך צולייגן אַ ביסל, באַנאַכט וועט ער קומען נאָך אונדז. באַנאַכט האָט זיך דערהערט דעם באַלעגאָלעס קאָל: אַקטיאָרשטשיקעס, „די בויד איז פֿאַרטיק, מיר פֿאָרן". זיך געכאַפּט יעדערער צו זיין פעקל, זיך אריינגעזעצט אין דער בויד און מיר זיינען אָוועקגעפֿאָרן אין שטעטל. אַרויסגעפֿאָרן זיינען מיר אזייגער 2 האַלב 3 באַנאַכט. מיר זיינען אָנגעקומען פֿאַרטאָג. דער באַלעגאָלע האָט אונדז געגעבן אַ פֿאַרפֿיר צו זיך, האָט אונדז אָפּגעגעבן אַ שייער מיט פֿרישן היי און מיר זיינען אַראָפּגעגאַנגען.

מיר האָבן געוואָלט מיטנעמען די פעקלעך אונדזערע, האָט דער באַלעגאָלע געזאָגט: „לוי". די פעקלעך, זאָגט ער, נעמט ער צו זיך אין שטוב אריין, ביז וואַנען מע וועט אָפּצאָלן דעם צעטל. אָט דאָ האָבן מיר געטראַכט איז ניט גוט, נאָר הערשל בערמאַן האָט אונדז באַרויקט; „נישקאָשע, קינדער, מיר וועלן מיסטאמע געפֿינען אַן אייצע צו באַקומען די פעקלעך, טאָמער וועט זיין שלעכט. דערוויי ל דאַרף מען גיין שלאָפֿן". מיר האָבן זיך אויסגעשלאָפֿן.

אינדערפֿרי זיינען מיר אָוועק זוכן אַ טעאַטער. בא וועמען מען האָט געפֿרעגט פֿון די גאַסנדורכגייער האָט קיינער ניט געוווסט, וואָס דאָס הייסט אַ טעאַטער. ביז מיר זיינען אַרויס אין מאַרק, האָט מען אונדז אַרומגערינגלט מיט שאָלעמאַלייכעמס, געפֿרעגט ווער מיר זיינען, וואָס מיר זיינען, צי סאָכרים, האָבן מיר געענטפֿערט, אַז מיר זיינען יידישע אַקטיאָרן. איז זיך דער אוילעם צוגאַנגען פֿון אונדז, נאָר איינער אַ יידל אין אַ כאַלאַט מיט ווייסע אַרבל, זאָגט: איך ווייס וואָס איר דאַרפֿט. איר דאַרפֿט מיסטאָמע אַ שטאַל צו מאַכן די קאָמעדיע, איך ווייס, זאָגט ער, איך האָב שוין געהאָט צו טאָן מיט עטלעכע, וואָס מאַכן שוואַרצע קונצן, און איך ווייס ווו עס געפֿינט זיך די שטאַל. ער האָט אונדז געפֿירט אין אַ הויף אַריין, געוויזן אַ לאַנגע שטאַל. אָט דאָס, זאָגט ער, איז עס, נאָר מען דאַרף דורכריידן מיטן באַלעבאָס.

מיר זיינען אַריינגעגאַנגען צום באַלעבאָס, נאָר מיר האָבן אים ניט געטראָפֿן, דעם באַלעבאָס—האָט איינער געזאָגט—קען מען נאָר טרעפֿן, ווען די פֿורן קומען שוין צוריק פֿון באַן, דאָס הייסט, ניט פֿריער פֿון 10 באַנאַכט.

מיר זיינען געגאַנגען דערווייל באַקוקן דאָס גאַנצע שטעטל. דערווייל האָט מען שוין אָנגעהויבן געוואָר ווערן אין שטעטל, אַז עס זיינען געקומען יידישע קאָמעדיאַנטן. דאָרט איז געווען אַ זייגערמאַכער, וואָס האָט געוואוינט אין מאַרק, ער האָט שוין יאָ געהאַט אַן אָנונג פֿון טעאַטער, — זייענדיק אַ באָכער, איז ער געווען אין וואַרשע, — האָט ער אונדז אַריינגערופֿן, זיך מיט אונדז דורכגעשמועסט, געמאַכט דעם סאַמאָוואַר, מעכאַבעד געווען מיט גלעזלעך טיי. מיר האָבן עס טאַקע געדאַרפֿט, מיר זיינען אַ גאַנצן טאָג אומג ג'זנגען אומגעגעסן. מיר האָבן זיך צורעט מיט אים און געפֿרעגט, ווי אַזוי קען מען דאָ נעמען אַ דערלויבעניש. זאָגט ער, עס איז איינע פֿון די, קליינע זאַכן, ווייל דער סטאַרשער וואַכמיסטזש האָט ליב אַ פֿינפֿערל אָדער אַ דרייערל און מע וועט בא אים אַלץ פּויעלן. נו, דערווייל זיינען מיר שוין אַריין צו אים אָפּט, ווייל מיר האָבן געוווסט, אַז ער וועט זיין דער קאָרבן פֿונם פֿינפֿערל אָדער דרייערל, וואָס מע דאַרף געבן דעם וואַכמיסטזש.

אַזוי ריידנדיק, האָט ער אונדז באַוויזן, אַז בא אים איז פֿאַראַן אַ ביבליאָטעק פֿון עטלעכע טעאַטערביכלעך. עס איז בא אים געווען: שולאַמיס, באַרקאָכווע, אכאַשווייראָש, אַקיידעס יִיצכאָק און נאָך אַנדערע. עס איז געקומען די צייט, וואָס

מיר האָבן געדאַרפט גיין צום באַלעבאָס. געוויינטלעך, זיינען אַלע ניט געגאַנגען. עס איז נאָר אַוועק הערשל בערמאַן און פּיורניק.

מיר האָבן, געוויינטלעך, געוואַרט אַפן גאַס, ביז וואַנען זיי זיינען אַרויסגעקומען. געענדיקט מיט דעם באַלעבאָס פֿאַר 2 רובל מיט 50 קאָפּיקעס פֿאַר אַ וואָך, נאָר אַ רובל מיט 20 קאָפּיקעס האָט מען געדאַרפט האָבן אַף אויסראַמען דעם שטאַל, און דאָס האָבן מיר געדאַרפט מאַכן אַפן אייגענעם כעשבן. זיינען מיר אַוועק צום זייגערמאַכער. מיר האָבן אים דערציילט, אַז מיר האָבן געדונגען דעם טעאַטער און אַזוי ווי דער דירעקטער אונדזערער איז נאָך ניט געקומען, דאַרפן מיר אַף אויסגאַבן כאָטש אַמווייניקסטן 10 רובל, און אויב ער האָט מוירע, קענען מיר אים אַרויסגעבן אַ גאַראַנטיע אַף דער קאַסע. קיין אַנדער גאַראַנטיע האָבן מיר דאָך ניט געקענט געבן; די זאַכן זיינען געווען באַם באַלעגאָלע פֿאַרזעצט. ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז סאַי ווי סאַי, אַז מע וועט ניט האָבן וועט מען ניט באַצאָלן, האָט ער זיך געוואָלט ראַטעווען, עס זאָל אים ניט קאָסטן קיין צענערל. ער האָט געזאָגט: איר דאַרפט 1.20 אַף אויסראַמען, וועל איך אייך לייען, דריי רובל דעם וואַכמיסטזש, וועל איך פֿאַרזאָרגן, איך וועל אייך ברענגען אַ דערלויבעניש. דערווייל, אַנשטאָט אַ צענערל איז ער אָפּגעקומען מיט 1 רובל 20 קאָפּ.

דערווייל איז דער באַלעגאָלע אויך שוין געקומען צופֿאָרן. זאָגט בערמאַן צו אים: עס וועט אייך גאָרניט העלפֿן, די זאַכן וועט איר דאָך מוזן אַרויסגעבן, ווייל אָן די זאַכן וועלן מיר דאָך ניט קענען מאַכן די קאָמעדיע, און ווי וועט איר קענען אָפּנעמען אייער געלט אַפֿן צעטלז קוידעם, ברענגט אַריין די זאַכן. דער באַלעגאָלע האָט געבראַכט די פּעקלעך, מע האָט אופֿגעשלאָסן יעדער זיין טשעמאָדאַנטשיק, מע האָט אַרויסגענומען די קרוין פֿון „קאָלדוניע“ און די טערקישע „פֿעסע“, וואָס האָצמאַך טראָגט אין לעצטן אַקט, אַ רויטע לענטע מיט 4 שנור קאָרעלעס און מע האָט געפֿרעגט די באַלעגאָלעכע וויפֿל איר קומט פֿאַרן פֿרישטיק. האָט זי באַרעכנט 26 קאָפּ, דערנאָך האָט מען גענומען דעם צעטל, וויפֿל עס קומט דעם אַכסאַניעניק פֿון פֿינטשעוו און וויפֿל דעם באַלעגאָלע פֿאַרן פֿירן. דער באַלעגאָלע מיינט, אַז מיר ציילן אים שוין אויף געלט, אַז הערשל בערמאַן נעמט עס ניט די קרוין, טוט זי אָן און זאָגט: איר זעט וואָס דאָס איז? און ער הויבט אָן צו ריידן פּראָזע פֿון דער „באָבע יאַכנע“ און מאַכט פֿאָקוסן, וואַרפֿט מיט די הענט און זאָגט: „פֿו! פֿו!“ דער באַלעגאָלע, די באַלעגאָלעכע און אַלע קינדער קוקן און קוועלן דערפֿון, און דער באַלעגאָלע זאָגט: „אַ רעכטער לעק, זאָל איך אַזוי לעבן!“ זאָגט בערמאַן: „נו, וואָס זאָגט איר אַצינד?“ זאָגט ער: „עס איז גוט, עס איז גוט. איר וועט דאָ מאַכן אַסאַך געלט“. זאָגט בערמאַן: „אַצינד, רעב ייִד, הערט זשע! פֿאַר אַזעלכע גרויסע מענטשן, ווי מיר, פּאַסט ניט צו וואָינען באַ אייך אין אַ שטאַל, מוזן מיר אַוועקגיין אין אַן אַכסאַניע און אָן די זאַכן קענען מיר ניט גיין. לאָזן מיר אייך איבער אַ מאַשקן דאָס וויכטיקסטע, די קרוין פֿון ריין גאָלד, די טערקישע „פֿעסע“ און די לענטע מיט די קאָרעלעס, אָן דעם קענען מיר די שפּיל ניט מאַכן. וועט איר אַזוי גוט זיין אונדז צולייען אַ רובל צום כעשבן און אין דעם טאָג פֿון דער פֿאָרשטעלונג מוז מען דאָס באַ אייך אַרויסנעמען. וואָס דאַרפֿט איר זיך אַרומטראָגן מיט אַ צעטל, איר קענט אים נאָך פֿאַרלירן. גיט זשע אונדז דעם צעטל מיט אַ רובל, און מיר לאָזן אייך אין מאַשקן די דריי זאַכן“.

דער באַלעגאָלע מיט זיין ווייב האָבן גענומען באַטראַכטן די קרוין מיט דער לענטע, און בערמאַן האָט געשריִען: „פּאַמעלעך, איר זאָלט ניט צוברעכן. פֿאַרלירט איר אַ קאָרעל, וועט מען אייך ניט באַצאָלן אַ גראָשן, וואָס אייך קומט“— זיי האָבן זיך מעיאַשעוו געווען און האָבן געגעבן. די מאַשקאָנעס זיינען געבליבן באַ אים. מע האָט צוריסן דעם צעטל און ווי מען האָט נאָר געקראָגן דאָס געלט, האָט זיך בערמאַן צוקושט מיטן באַלעגאָלע און האָט אַ געשריי געטאָן: „כעוורע, זאַבערעט די סמאָטשקעס און כילעט“. (כעוורע נעמט צונויף אייעדע פּעקלעך און גייט).

מיר זיינען אַוועק אַף דער נייער אַכסאַניע. דאָרט האָבן מיר זיך איינגעאָרדנט. באַנאַכט האָבן מיר אַזויפֿיל געלאַכט, ווען בערמאַן האָט נאָכגעמאַכט די באַראַטונג פֿון דעם באַלעגאָלע מיט דער באַלעגאַלעכע, אַז מיר האָבן זיך געקייקלט אַף דער ערד פֿון לאַכן. איבערמאָרגן זיינען מיר אַוועק צום זייגערמאַכער. גענומען באַ אים אַ רובל מיט 20 קאָפּ. געדונגען 2 גאָיִם, געלאָזט אויסראַמען דעם שטאַל, פֿון פּערדישע, און בעהיימישע מיסט, אַריינגעגאַנגען צום באַלעבאָס, געבעטן עטלעכע ברעטער און געגאַנגען שטעלן אַ בינע. מע האָט געקויפֿט טשוועקעס מיט דראָט, און ביז נאַכט איז באַ אונדז פֿאַרטיק געוואָרן די סצענע. ס׳פֿעלן אונדז בענק, וואָס זשע טוט מען? זיינען מיר אַוועק צום זייגערמאַכער, האָט ער אונדז געגעבן אַן אייצע, אַז מיר זאָלן איבערריידן מיטן שאַמעס פֿון בעסמעדרעש, צוזאָגן אים עטלעכע גילדן, ער זאָל לייען די בענק מיט די 2 בליצלאַמפּן. פֿרעגט דער שאַמעס, ווען מיר דאַרפֿן דאָס, זאָגן מיר אים, נאָכטירלעך שאַבעס. זאָגט דער שאַמעס, אַז שאַבעס קען ער פֿריִער די בענק מיט די לאַמפּן ניט געבן, ווי נאָך מאַירעוו. נו, מיר האָבן דאָך קיין אַנדער ברייִרע גיט געהאַט, האָבן מיר איינגעשטימט, אַז נאָך מאַירעוו, שאַבעס, וועלן מיר קומען צונעמען די בענק. בערמאַן האָט געקאָמאַנדעוועט און באַשטימט, ווער עס זאָל גיין נאָך די בענק. איין לעמפּל האָבן מיר באַקומען באַם באַלעבאָס, אָנצוצינדן פֿאַר דער טיר, מיר האָבן געדונגען די קלעזמאָרים, קיין פֿידלער איז אָבער ניט געווען, נאָר אַ קלאַרנעט, אַ טרובע, אַ טראָמבאָן און אַ באַס. און אַזוי נאָך האַוודאָלע איז געקומען די קאַפּעליע, זיך אַוועקגעשטעלט פֿאַר דער טיר און אָפּגעשפּילט דעם ערשטן מאַרש. געגאַנגען איז „דער ייִדישער פּאַרעץ“.

די ערשטע פֿון פּובליקום האָבן זיך באַוויזן אונדזער באַקאַנטער באַלעגאָלע מיט דער ווייב און קינדער. איין קינד האָט געטראָגן די קרוין אַף די הענט, ווייל מיר האָבן דאָך אָנגעזאָגט, אַז אויב עס וועט אַראָפּפֿאַלן, וועלן מיר ניט באַצאָלן, איינס—די פֿעסע, און איינס—די קאָראַלעס. יעדערער איז נייגעריק געווען זעענדיק דיזאָזיקע פּראָצעסיע און איז נאָכגעלאָפֿן צום טעאַטער. אַריינגייענדיק אַפֿן הויף, האָט מען נאָך געהערט דעם באַלעגאָלעס קאָל, שרייענדיק צו די קינדער: „אַוועק, טשעפּעט ניט, עס איז ריינער גאָלד!“ דער באַלעגאָלע, אַריינקומענדיק, איז צוגעגאַנגען גלייך צו בערמאַנען און האָט געזאָגט: „אָט האָט איר אייערע זאַכן און גיט מיר מיין געלט“. בערמאַן האָט אים פֿיין צוגענומען, זיך ווידער צוקושט מיט אים, און האָט אים געבעטן, ער זאָל די זאַכן אַריינלייגן אין טעאַטער און די קינדער זאָלן זיצן און היטן. מע האָט אַריינגעטראָגן פֿאָרזיכטיק, אַוועקגעטריבן די קינדער, וואָס זיינען נאָכגעלאָפֿן קוקן די וווּנדער און דעם באַלעגאָלע מיט דער ווייב האָט ער פֿאַרשפּאַרט אין שטאַל (אין טעאַטער).

דערווייל האָט ער קאָמאַנדעוועט, אַז עס איז צייט צו גיין נאָך די בענק און לאָמפּן. געבראַכט זיי, אָנגעצונדן, איז געוואָרן ליכטיק, דעם באַלעגאָלע האָט ער אַוועקגעזעצט אין דער 1-טער ריי, די שענסטע 2 פּלעצער. דער באַלעגאָלע האָט געפֿרעגט: „ר׳ ייִד, ווען וועט איר מיר געבן מיין געלט“. האָט ער אים געענטפֿערט: „נאָך דער שפּיל“. זאָגט דער באַלעגאָלע: „נאָך דער שפּיל? וועל איך אייך די זאַכן ניט געבן פֿריִער“. זאָגט בערמאַן: „זייט רויִק, מיר וועלן פֿריִער באַ אייך די זאַכן ניט נעמען, ביז מען וועט אייך ניט געבן אייער געלט“. דער באַלעגאָלע האָט גענומען די ווייב מיט די קינדער מיט די זאַכן צו זיך, אַוועקגעזעצט זיך אין דער ערשטער ריי, געהאַלטן די זאַכן אַף די הענט און עס געהיט. דערווייל האָט דער אוילעם אָנגעהויבן צו גיין אין טעאַטער. עס איז געוואָרן דער זייגער עלף, מיר האָבן זיך גרימירט און גענומען שפּילן.

איינאַמע איז געווען באַ 90 גילדן, דאָס האָט זיך געציילט די בעסטע איינאַמע אין שטעטל. נאָר דאָס פּובליקום האָט גערעכנט, אַז מע וועט ציִען סטענגעס, מען וועט שפּריצן פֿייער, מען וועט מאַכן שוואַרצע קונצן. און אַזוי ווי דער פֿאָרהאַנג האָט זיך אופֿגעהויבן, און זיי האָבן דערזען, אַז עס קומט אַריין אַ ייִד מיט אַ ייִדענע מיט אַ שאַרכן און הויבן אָן גאָר ריידן, איז דאָס פּובליקום ניט צופֿרידן געווען.

מע האָט אָפּגעשפּילט די פֿאָרשטעלונג. איז אַריינגעקומען דער זייגערמאַכער און האָט אונדז געטרייסט: „קוקט ניט, וואָס דאָס פּובליקום איז ניט צופֿרידן, זיי פֿאַרשטייען קיין טעאַטער ניט. נאָר בעסער וואָלט געווען, ווען איר קענט אַף דער 2-טער פֿאָרשטעלונג עפּעס אַריינוואַרפֿן מיט אַ סטענגע ציִען, מיט פֿייער שפּריצן, וואָלט עס געווען פֿאַרן פּובליקום מער פֿאַרשטענדלעך“. איז בערמאַנען איינגעפֿאַלן אַ גוטע אידייע, מיר וועלן שטעלן „באַר קאָכווע אין אַ פֿאַס“. באַר קאָכבע וועט רייטן אַף אַ לייב און וועט שפּריצן פֿייער. ביינעלעביינע אייִדער דאָס פּובליקום האָט נאָך באַוויזן אַרויסצוגיין, איז שוין בערמאַן אַרויסגעשפּרונגען און אָנאָנסירט: „היינט האָט מען געשפּילט בלויז טעאַטער און מאָרגן וועט זיין טעאַטער מיט „שוואַרצע קונצן“, מאָרגן גייט „באַר קאָכבע אין אַ פֿאַס“. באַר קאָכבע וועט רייטן אַף אַ לייב און וועט שפּריצן פֿייער“. מע האָט אָנגעהויבן שטאַרק אַפּלאָדירן, ווייל באַר קאָכווע איז זיי געווען באַקאַנט און נאָך דערצו שוואַרצע קונצן, וועט דאָך אַוודע זיין גוט.

אויסגעצאָלט האָט בערמאַן קיינעם ניט דערווייל ניט די קלעזמאָרים, ניט דעם רעקוויזיט, אַלץ איז געבליבן אַף מאָרגן. מיר ווילן שוין גיין אַהיים, טרעפֿט

מען אונדזער באַקאַנטן באַלעגאָלע. ער שטייט נאָך און וואַרט מיט דער קרוין אין האַנט און ער זאָגט בערמאַנען: „ר׳ ייִד, איר האָט דאָך מיך אָפּגענאַרט. איר האָט דאָך געזאָגט, אַז אָן דעם קענט איר ניט שפּילן, איר האָט געשפּילט און דאָס איז בײַ מיר געבליבן אין די הענט״. בערמאַן גיט זיך אַ כאַפּ: „טאַקע גאָר פֿאַרגעסן! מאָרגן מוז מען עס האָבן, איר האָט דאָך געהערט, מאָרגן גייט „באַר קאָכבע אין אַ פֿאַס״, מוז מען האָבן די קרוין. איז וויפֿל קומט אײַך?״ דער באַלעגאָלע כאַפּט זיך מיט אַ סימכע, ער מיינט, ער קריגט שוין געלט, זאָגט בערמאַן: „לאָמיר זיך באַרעכענען״. נעמט ער קוידעם צו די קרוין קאַרעלעס און די „פּעסע״, גיט זיי איבער דער כעוורע און זאָגט אַף אונדזער לאָשן: „אַנטכילעט!״ (ד. ה. ציט אָפּ). און ער נעמט זיך מיט אים באַרעכענען: „אײַך קומט 7 רובל. 5 בילעטן הײַנט און 5 בילעטן מאָרגן צו 2 גילדן, איז עס אַ כעשבן פֿון 3 רובל. 20 בילעטן קען איך אײַך נאָך צוגעבן, ווײַל מאָרגן איז דאָך אַ זיכערע שפּיל, איך וועל אײַך נאָר רעכענען צו 20 קאָפּיקעס, כאָטש מיר קאָסטן זיי צו 30, איר וועט זיי פֿאַרצוקערן, נו, האָט מיר אַ גוטע נאַכט״. צוקושט זיך מיט אים און גייט אוועק. דער באַלעגאָלע חאָט געוואָרטשעט און געוואָרטשעט און אוועק אַ היים שלאָפֿן.

אָפּגעפּאַטערט איין כויוו. אַ צינד האָבן מיר נאָך אַ כויוו, די קלעזמאָרים און דעם זייגערמאַכער. און פֿונדעסטוועגן האָט זיך בײַ אונדז געשאַפֿן אַ קאַפּיטאַל פֿון 90 גילדן. יאָ, מיר האָבן נאָך געהאַט דעם שאַמעס מיט די בענק און לאָמפּן. אַהיים געקומען אַף דער אַכסאַניע פֿריילעך, געהייסן דערלאַנגען די עמעסע גוטע וועטשערע. ווײַל זינט מיר פֿאָרן אַרום האָבן מיר נאָך אַזאַ סומע געלט ניט געהאַט. בערמאַן האָט זיך אַרומגעדרייט איבער דער שטוב און געקלונגען מיטן געלט אין קעשענע און וואָס יעדער פֿון אונדז האָט געוואָלט, האָט ער זיך געמעגט הייסן געבן.

אַ גאַנצע נאַכט זײַנען מיר ניט געשלאָפֿן און אָנגעהויבן רעפּעטירן „באַר קאָכבע אין פֿאַס״ ווי אַזוי דאָס צוזאַמענשטעלן. בערמאַן האָט צוזאַמענגעשטעלט דעם פּלאַן. דינגען אַ בלאַטן יאַט אַ פֿורמאַן און טאַקע פֿריִע אים גוט באַצאָלן, ער זאָל שטיין באַם פֿענצטער וואָס גייט פֿון דער סצענע. אַז עס וועט זיך אופֿהויבן דער פֿאָרהאַנג זאָל זיצן עליעזער מיט 2 סאַנהעדרין און דינע זאָל זינגען: „ווײַנט און קלאָגט שוין ציִנס טעכטער״. דערנאָך זאָל אופֿטרעטן פּאַפּוס, אָפּריידן זײַן מאָנאָלאָג און אַרײַנטראָגן די פֿאַס, און זאָל אָנאָנסירן, אַז באַלד וועט באַר קאָכבע רײַטן אַף אַ לייב און שפּריצן פֿײַער. הערשל בערמאַן האָט געשפּילט באַר קאָכבען.

אַף דער פֿאָרשטעלונג זײַנען געווען אויסגעפֿאַרקויפֿט אַלע בילעטן, אַפֿילע דער באַלעגאָלע האָט זײַנע 20 בילעטן אויך פֿאַרקויפֿט. דער לייב איז געווען אַ קינדעריש ווענעלע אַף רעדעלעך, פֿון אויבן אויסגעשאָירן פֿון טאָוול אַ לייב און אָפּגעפֿאַרבט געל. אַז בערמאַן איז אַרופֿגעפֿאָרן אַף דער סצענע, האָט ער געהאַלטן אַ ליכט און געשטויסענע קאַניפֿאָליע, יעדעס מאָל האָט ער געגעבן אַ שאָט אַף דעם ליכט, חאָט זיך באַוויזן אַ פֿײַער. געגאַנגען איז ער אָנגעטאָן אַ רויטע העמדל, די קרוין אָפֿן קאָפּ, אַף דער קרוין די רויטע פּעסע און אַרומבאַהאַנגען מיט די קאַרעלעס. אַז ער איז אַרײַן, האָט ער געזאָגט: „אַלטער עליִעזער, און אויך איר סאַנהעדרין און אויך איר יונגע לייט. הערט איר דען ניט, ווי ירושאַלאַיִמס מויערן קרעכצן פֿון פֿײַער? גיך, גייט דורך דער פֿאַס און זעצט זיך אַף די רײַטוועגן און ראַטעוועט דאָס לאַנד״. מיר האָבן אָנגעהויבן צו גיין: דער ערשטער עליִעזער דורכן פֿאַס, די סאַנהעדרין, נאָכער מיר אַלע דורכן פֿענצטער, און גלײַך אַף דער פֿור. בערמאַן איז געווען דער לעצטער, וואָס איז דורכגעגאַנגען דורכן פֿאַס און האָט נאָך געוויזן דעם פּובליקום בימכילע די פּלייצע, און אַז ער איז שוין אַרויף אָפֿן וואָגן צו אונדז, האָט ער געשריִען: „שנעלער זאָל מען יאָגן די רײַטוועגן״. קעריי אַלע די, וואָס זײַנען געשטאַנען אָפֿן גאַס, זאָלן מיינען, אַז דאָס געהערט צו דער שפּיל.

מיר זײַנען אָפּגעפֿאָרן און וואָס דאָרטן מיטן פּובליקום איז געוואָרן, ווייסן מיר ניט ביז הײַנטיקן טאָג. דעם שאַמעס פֿאַר די בענק, און די קלעזמאָרים האָט מען ניט באַצאָלט, די פּעקלעך אונדזערע האָבן מיר מיטגעהאַט אין טעאַטער, דעם זייגערמאַכער אונדזער „מעצענאַט״ האָט מען די פּאָר קערבלעך אויך ניט דערלאַנגט, די אַכסאַניע אויך ניט באַצאָלט און מיר זײַנען אוועק מיט דער פֿור ביז כאַנטשין. מיט דער באַן זײַנען מיר אַרײַנגעפֿאָרן קיין לאָדז.

דאָס איז געווען אין 1897 אָדער 1898-טן יאָר.

# דריטער קאַפּיטל.

## לאָדז. — באַלוטער בעסמעדרעש. — מע וואַנדערט איבער קליינע שטעטלעך אַרום לאָדז. — אָן אַ פּרימאַדאָנע. — כאַראַקטעריסטיק פֿון לאָדזער וואַנדעראַקטיאָרן. — איך פֿאָר נאָך אויסלאַנד. — ווינער ייִדישער טעאַטער. — ווידער אין רוסלאַנד. — כעוורע „שוימרייִשאַבעסניקעס״ שלאָגן אַקטיאָרן. — איך קום אָן צו פּישזאָנען.

אין לאָדז זײַנען מיר אָנגעקומען יאָנטוויומציִיט. דאָרטן האָט זיך צוזאַמענגענומען אַ טרופּע אַף יאָנטעוו. ווײַל לאָדז האָט דעמאָלט ניט געקענט אויסהאַלטן קיין סעזאָן. ש ל י פֿ ע ר ש ט י י ן איז געווען דירעקטער. רעזשיסאָר—דער אַ ל ט ע ר פּ י ש ז אָ ן (מע האָט גערעדט, אַז ספּיוואַקאָווסקי דאַרף קומען פֿון פּעטערבורג) דערנאָך האָט געדאַרפֿט קומען פֿון וואַרשע שעראַוונער (פֿאַר דער צײַט, וואָס ער איז אַוועק פֿון אונדז, איז ער אין וואַרשע אויסגעוואַקסן אַלס גרויסער אַקטיאָר, ער האָט זיך גערימט אַלס דער ערשטער „שעפּסל שאַרכן״ אין „טרייפֿניאַק״ (אַף דייטש. דאָס איז דעריקער).

אַז מיר זײַנען אָנגעקומען, און מיר האָבן געהערט, אַז עס גרינדעט זיך אַ טרופּע, זײַנען מיר אויך געגאַנגען ריידן מע זאָל אונדז צונעמען. בערמאַן הערשלען האָט מען באַלד צוגענומען, ווײַל ער האָט געהאַט אַ באַקאַנטשאַפֿט און ווײַל זײַן ברודער אַדאָלף איז שוין געווען אין דער טרופּע. צוגענומען האָט מען אויך פּיורניקן מיט דער ווײַב. און אַף אונדז האָט שליפֿערשטיין אַ קוק געטאָן, אַזוי ווי אַף קליינע מענטשעלעך פֿון דער פּראָווינץ, און מע האָט אונדז קיין קלאָרן ענטפֿער דערווײַל ניט געגעבן. בערמאַן מיט פּיורניקן זײַנען פֿאַרפֿאָרן אין אַ האָטעל און אונדז, די איבעריקע קליינוואַרג, איז אויסגעקומען צו וואָיִנען אין בעסמעדרעש. די שול איז געווען אַ מאָקעם-מענוכע פֿאַר אַקטיאָרן, ווײַל דעם שאַמעסעס זון איז אויך געווען איינער פֿון די, וואָס שלעפּן זיך אַרום מיט אַקטיאָרן. ער פֿלעגט אויך אַמאָל אויסלײַען געלט, און אַז מען פֿלעגט אָנפֿאָרן אין לאָדז, און ניט האָבן וווּ צו פֿאַרפֿאָרן, פֿלעגט מען זיך פֿרעגן צו גאָלדשטיינען, און אַזוי ווי אַהיים צום טאַטן האָט ער ניט געקענט פֿירן קיין אַקטיאָרן נעכטיקן, פֿלעגט ער אונדז אײַנאָרדענען אין קאָהאָלשטיבל. שפּעט בײַ נאַכט פֿלעגט ער אונדז געבן דעם שליסל, און פֿאַרטאָג פֿלעגט ער קומען אָפּנעמען דעם שליסל. אַ גאַנצן טאָג פֿלעגן מיר וואַנדלען איבער די גאַסן, ווײַל עס איז ניט געווען וווּ צו זײַן.

געגעסן האָבן די אַרטיסטן אין צוויי קיכן. די גרויסע, בײַ מענדל פּאָניע. דעמדאָזיקן צוגאָמען האָט דער רעסטאָראַטאָר באַקומען, ווײַל ער איז געווען אַ קאַטערינאָסלאַווער, זײַנע אַלע קינדער זײַנען געווען, כאָריסטן און כאָריסטקעס, שפּעטער איז איינע געוואָרן פֿון די גוטע אַקטריסעס מיטן נאָמען סאָניע בעזמאַן. דאָרטן האָבן געגעסן די גרעסערע אַרטיסטן. נאַטירלעך שליפֿערשטיין אַליין האָט געוואָינט אין „האָטעל פּאָלסקי״, און בײַ „פּאָניען״ האָבן געוואָינט: בערמאַן, פּיורניק און די איבעריקע אַרטיסטן פֿון דער טרופּע. די קלענערע אַרטיסטן האָבן געגעסן אין אַ גאָרקיך אַף דער אַלטער שטאָט בײַ מייער זאַק. אין לאָדז זײַנען אָבער געווען ליבהאָבער. בײַ די ליבהאָבער זײַנען אָבער אויך געווען דירעקטאָרן: איינער פּושיגאָדע, אַ פּאַריקמאַכער, און איינער מילך, אַ הויכער, וואָס פֿלעגט פּינטלען מיט די אויגן, שפּײַען און הויבן די הויזן. זיי פֿלעגן אָפֿטער אײַנאָרדענען פֿאָרשטעלונגען, אַף יאָנטעוו אַרויספֿאָרן אין פּראָווינץ אַרום לאָדז: בערזשין, פּאַביעניץ, זגערזש (דאָס זײַנען שטעטלעך, וואָס זײַנען ניט ווייט פֿון לאָדז). בײַ זיי האָט זיך געפֿונען נאָך אָן אַקטיאָר, אָן אָפּגעריסענער פֿון אַ פּראָווינצטרופּע, מיטן נאָמען פֿינקל, גערופֿן האָט מען אים „דער מערדער-ראָליסט״, ווײַל ער האָט געשפּילט מערדער-ראָלן. אַז אָן אַקטיאָר פֿון אַ פּראָווינצטרופּע פֿלעגט קומען אין לאָדז, פֿלעגט ער אַלע מאָל פֿאַרפֿאָרן אָדער צו מילכן אָדער צו פּושיגאָדן. זיי פֿלעגן אויסלײַען געלט, שאַפֿן די דערלויבעניש, און אַליין אויך שפּילן.

געוואָר ווערנדיק, אַז מיר זענען אָנגעקומען פֿון פּראָווינץ, האָבן די „דירעקטאָרן״ זיך געווענדעט צו גאָלדשטיינען, ווײַל גאָלדשטיין, ווי איך האָב שוין געזאָגט, פֿלעגט פֿאַרזאָרגן די אַרטיסטן מיט אַ פּאַפּיראָס, עפּעס עסן, וווּ אַרײַנצוגיין.

אַז מיר זיינען געקומען באַנאַכט נאָכן שליסל צו גאָלדשטיינען, האָט ער אונדז איבערגעגעבן, אַז פּושיגאָרע מיט מילכן שטעלן צונויף אַ טרופּע אַף יאָנטעוו אין דער פּראָווינץ, און אַז ער זוכט אונדז און וויל אונדז צונעמען אין דער טרופּע אריין. גאָל שטיין האָט אונדז געגעבן פּושיגאָרעס אַדרעס, און באַלד אינדערפרי זיינען מיר אַוועק צו אים מאַיסע אַרטיסטן, שטאָלק, מיר האָבן שוין די אַלע שטיקלעך געקענט.

מע האָט אָנגעהויבן זיך דורפריידן מיט אים, אַף וואָס פאַר אַ באַדינגונגען, און אין וועלכע שטעט מיר וועלן פאָרן, ווייל אין לאָדז פלעגן זיך צונויפשטעלן אַף אַלע יאָמטויווים טרופּעס, פון וועלכע עס זיינען שפּעטער ארויס אָט די אַלע אַקטיאָרן, וואָס זיינען געווען אין רוסלאַנד. ליבהאָבער האָבן זיי געהייסן דערפאַר, ווייל זיי פלעגן נאָר אָפּשפּילן יאָנטעוו, און נאָכדעם צוריקפאָרן און זיך נעמען צו זייער אַרבעט. שפּעטער איז אַרויס פון זיי גוטע אַרטיסטן: די מאַראַם צוקער, בוקער, יאַקובאָוויטש, קראַוזעס, קראַוזע, שעראַצקי, פישער (דער שוואַרצער) א. א. וו.

פּושיגאָרע האָט אָנגערופן די שטעט: „דאָס ערשטע פאָרן מיר אין זגערזש, פאַביעניץ, דאַן קומען מיר צוריק אין לאָדז, און מיר פאָרן אין בערזשין. די טרופּע וועט אַרבעטן אַף פּראָצענט“. פון קיין „מאַרקעס“ האָט מען נאָך דעמאָלט ניט געוווּסט.

מיר האָבן געמאַכט מיט זיי אַ פּאַפּיר: יעדער אַקטיאָר דאַרף באַקומען אַ רובל אַ טאָג אַף צו לעבן. אַז מיר האָבן דערהערט די סומע, האָבן מיר זיך צווישן זיך געקניפּן פון פרייד (ווייל ווען האָבן מיר געזען אַ רובל אַ טאָג?), קיין אַקטיאָר דאַרף ניט וויסן פון קיינע רייזעס, ער דאַרף זיך אופזעצן און פאָרן, ער דאַרף באַזאָרגט ווערן מיט אַלעם גוטן. מיך האָט מען אויסגעקליבן פאָרן רעזשיסאָר. די טרופּע איז באַשטאַנען: אונדזערע 5 מענטשן—פינקעל, פּושיגאָרע, מילך, די צוקער (מאַלווינע,—אַ יונג מיידל, דאָס ערשטע מאָל געגאַנגען אַף דער בינע). פּושיגאָרע האָט מיר אָנגעוויזן נאָכדעם, אַז איך בין אויסגעקליבן געוואָרן אַלס רעזשיסאָר, אַף דער צוקער, אַז זי האָט אַ שטימע, אַז ס'איז ניטאָ אין דער וועלט איר גלייכן. מיר האָבן געענדיקט שרייבן דאָס פּאַפּיר, איז מען אַוועק צו מייער זאַק אין גאָרקין. דאָרט, ווערנדיק פריילעך, האָבן מיר זיך אַביסל צוזונגען פון יידישן טעאַטער. די אַרומיקע, וואָס זיינען געווען אין גאָרקין, האָבן זיך צוגערוקט, געפרעגט ווער מיר זיינען, האָבן מיר זיי געזאָגט, אַז מיר זיינען אַרטיסטן, האָט מען געשטעלט אופסניי ביר און מיר האָבן געהוליעט אַ גאַנצע נאַכט.

עס איז געווען פרייטיק און שאַבעס האָט מען געדאַרפט אָנהויבן שפּילן. אַרויסגעפאָרן זיינען מיר קיין זגערזש פרייטיק פאַרנאַכט. אַז מיר זיינען אָנגעקומען אין שטעטל ריזעלבע נאַכט, און זיינען צוגעפאָרן צו אַן אַכסאַניע, האָבן מיר געהאַט דעם ערשטן באָרוך האַבאָ, מע האָט אונדז פאַרשאָלטן די יאָרן, וואָס מיר זיינען געקומען צופאָרן אום שאַבעס, און מע האָט אונדז ניט אַריינגעלאָזט אין דער אַכסאַניע.

שאַבעס אינדערפרי האָט שוין געקלעפּט אַן אַפישע, עס האָט די ערשטע פאָרשטעלונג געדאַרפט גיין „קאָלדוניע“. הויבט זיך אָן אַ מאַיסע, ניטאָ קיין נאָטן. מילך האָט געבראַכט דעם ערשטן פידלער, זיך אָוועקגעזעצט, „אופגענומען“ די פּאָר נומערן, וואָס איז אַמערסטן דעם פּובליקום באַקאַנט. די צוקער האָט אויסגעזונגען אירע עטלעכע נומערן, דער פידלער האָט זיי „אופגענומען“, און מע איז געגאַנגען אין טעאַטער אַף אַ רעפּעטיציע. צוקער האָט געזונגען זייער שיין, די פּראָזע האָט מען איר אַף העלפט אויסגעמעקט, און געלאָזן נאָר דאָס, וואָס דאַרף צופירן צום רעפּליק. איך האָב געשפּילט צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן „די באָבע יאַכנע“, און האָב זיך געסטאַרעט נאָכצומאַכן שעראַוונערן מיט יעדן פּינטעלע, וואָס איך האָב געזען פון אים. האָצמאַך האָט געשפּילט פינקל דער מערדער-ראַליסט. פון די צוויי „דירעקטאָרן“—האָט מילך געזונגען דעם קאַצעוו און פּושיגאָרע—„אַווראָמצען“, צוקער—מירעלען.

אַז מיר האָבן אָנגעהויבן שפּילן דעם ערשטן אַקט, האָט צוקער גאַנץ שיין אָפּגעזונגען, נאָר אַז עס איז געקומען צו די פּראָזע, האָט זי אַפילע קיין איין וואָרט ניט גערעט, זי האָט זיך שטאַרק דערשראָקן און מע האָט זי געמוזט אַראָפּפירן פון דער בינע. צום צווייטן אַקט האָט זיך געטראָפן אַ מאַיסע. אַז איר מאַמע איז זי געקומען צונעמען. עס זיינען געווען גרויסע סקאַנדאַלן, איר מוטער האָט געזידלט די „דרעקטאָרן“; ס'טייטש, פאַרשלעפּן אַ באַלעבאַטיש קינד אין „טרעיאַטערס“ און קוים, קוים האָבן זיך די „דרעקטאָרן“ איינגעבעטן באַ דער

מאַמען, זי זאָל לאָזן איר טאָכטער כאָטש ענדיקן די פאָרשטעלונג. מיט מאַטערניש האָט מען עס געפּויעלט באַ איר, נאָר באַם פּובליקום האָט די פאָרשטעלונג שוין ניט געהאַט קיין דערפאָלג, ווייל צוקער האָט שוין זינגען אויך געזונגען שלעכט. נאָך דער פאָרשטעלונג האָט זי די מוטער צוגענומען, זיינען מיר געבליבן אָן אַ פּרימאַדאָנע. און אַזוי ווי דאָס שטעטל האָט שוין געוווּסט וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן, אַז מיר האָבן פאַרשלעפּט אַ יידישע טאָכטער, האָט מען אַף אונדז געקוקט ווי אַף פּאַשעט יסראָעל, און אַז מע האָט געעפנט די קאַסע, זיינען מענטשן פאַרבייגעגאַנגען די קאַסע, נאָר קיינער איז ניט צוגעגאַנגען נעמען קיין בילעט. אונדז האָט עס ניט אינטערעסירט, ווייל לויט אונדזערע פּונקטן דאַרפן מיר דאָך זיין פאַרזאָרגט מיט אַלץ. די „דרעקטאָרן“ האָבן געוואַרט ביז האַלב עלף אַזייגער און מיר אַלע זיינען אַוועק אַהיים. די פאָרשטעלונג האָט זיך אָפּגעלייגט אַף דינסטיק. געקומען אַהיים, האָט די אַכסאַניעטשקע געשריען: געלט! האָבן זיך עפּעס די דירעקטאָרן צווישן זיך געסוירעט און האָבן באַצאָלט, נאָר די רובלס האָבן מיר אַלץ ניט באַקומען.

מאָנטיק, האָבן מיר שוין געדאַרפט קריגן צו 2 רובל. זיינען מיר צוגעגאַנגען צו די „דרעקטאָרן“, האָט מען אונדז קוים געגעבן צו האַלבע רובל און געשוואָרן זיך, אַז דינסטיק, באַלד ווי מע עפנט די קאַסע, איז די ערשטע געלט צאָלט מען אונדז אויס. איז געקומען דינסטיק, איז געווען דאָס אייגענע, וואָס זונטיק, און מע האָט אָפּגעלייגט די פאָרשטעלונג אַף שאַבעס. נאָר אַף שאַבעס האָט מען זיך צונויפגערעט מוז מען אַווקשטעלן „אַקיידאַס יצכאָק“. די „דרעקטאָרן“ קומען צו גיין צו מיר אַלס רעזשיסאָר און זאָגן, אַז מע מוז שטעלן „אַקיידעס יצכאָק“, און איך האָב דיזאַזיקע אָפּערעטע אַף מיין לעבן ניט געזען. יאָר וואָס דען, ווען איך האָב געזונגען באַם כאַזן, פלעגט מען זינגען עטלעכע ניגונים פון „אַקיידעס יצכאָק“, „קעוואַקאַראָס רויע עדרוי“ און דעם אָנפאַנג פון „אונסאַנע טויקעף“, האָב איך די ניגונים געדענקט. האָבן מיר זיך צוזאַמענגענומען און ווער עס האָט עפּעס געדענקט פון די ניגונים, האָט עס אופגעגעבן דעם מוזיקאַנט, און עס זיינען אַריין אַהין פאַרשיידענע צוזאַמענגעקליבענע ניגונים: כאַזאָנישע, טעאַטערניגונים א. א. און מע האָט אַרויסגעלאָזט אַן אַפיש אַף שאַבעס „אַקיידעס יצכאָק“.

אָט דאָ האָט זיך שוין גענומען רירן דאָס שטעטל, פאַרגעסן אַף דער פּרימאַדאָנע, וואָס מע האָט צוגענומען. פאָרט „אַקיידעס יצכאָק“. פרייטיק אין דער פרי איז מען שוין געקומען אין אַכסאַניע בעטן בילעטן. מיר זיינען שוין געווען שטאָלץ באַ זיך—מיר וועלן קריגן אויסגעצאָלט פאַר אַ גאַנצע וואָך. עס איז געקומען פרייטיק פאַרנאַכט, די „דרעקטאָרן“ זיינען געוואָרן פריילעך, זיי האָבן געהאַט געלייזט עטלעכע צענדליק רובל, נאָר פונדעסטוועגן די גאַנצע סומע, וואָס אונדז האָט געקומט, האָבן זיי אונדז ניט אויסגעצאָלט. זיי האָבן געהאַט אַן אויסרייד. אַז מע דאַרף מאַכן אַ קאָסטיום פאַר יצכאָקן, מע דאַרף אַ קאָסטיום פאַרן „מאַלעך“, געוויינטלעך האָט אַווראָם געשפּילט אין אַ קיטל, סאָרע אויך אין אַ קיטל, פאַר ישמאָעלן האָט מען געמוזט מאַכן אַ קאָסטיום, און אויך פאַר עליעזערן. מיר האָבן געטרויט די „דרעקציע“ און געגאַנגען שפּילן.

מיר האָבן אָפּגעשפּילט „אַקיידעס יצכאָק“, און צו מאָרגנס, זונטיק, האָט מען אונדז אויסגעצאָלט די סומע, ווייל מיר האָבן געדאַרפט פאָרן אין נאָך אַ שטעטל, און מיר זיינען אַוועקגעפאָרן אין פאַביעניץ. דאָרט האָבן מיר ניט געקענט שפּילן, ווייל דער נאַטשאַלניק פון שטעטל האָט זיך עפּעס צוגעטשעפּעט און ניט דערלויבט צו שפּילן. זיינען מיר צוריק געפאָרן קיין לאָדז. די לאָדזער טרופּע מיט שליפערשטיינען בעראָש האָבן געדאַרפט אָנהויבן זייערע פאָרשטעלונגען (דאָס איז שוין געווען סוקעסצייט).

בערמאַן האָט מיך באַגעגנט אין גאַס און האָט מיר געזאָגט, מיר זאָלן קומען צוגיין צו דער טרופּע, ס'קאָן זיין, אַז מע וועט אונדז צונעמען. נאָר אַזוי ווי מיר האָבן אַ גוטן פּונקט באַ אַ נדזערע „דרעקטאָרן“, און, געוויינטלעך, וועט אונדז די לאָדזער טרופּע קיין רובל אַ טאָג ניט צאָלן, האָבן מיר ניט געוואָלט גיין צו זיי. מיר זיינען אַוועקגעפאָרן קיין בערזשין אַף סוקעס. בערזשין איז אָבער אַ שטעטל אַ טעאַטראַלע, איז נאָך דער ערשטער פאָרשטעלונג „הונגערמאַן און קאַבצענזאָן“ האָט מען אונדזערע „דרעקטאָרן“ מער דעם טעאַטער ניט געוואָלט געבן. מע האָט זיי געזאָגט, אויב איר ווילט ווייטער דעם טעאַטער, זאָלט איר ברענגען אַ פּאָר גוטע אַרטיסטן מיט אַ רעפּערטואַר, וועט מען קענען שפּילן און פאַרדינען, אַז ניט זייט מויכל און פאָרט צוריק. די „דרעקציע“ האָט זיך אופגעהויבן ביינאַכט און זיינען אַנטלאָפן, ווייל זיי האָבן מוירע געהאַט, אַז מיר וועלן קומען מאָנען די רובלס.

זייער לאָדזער כאַליאַסטרע האָבן זיי מיטגענומען, און אונדזערע 5 מענטשן מיט פֿינקלען זיינען געבליבן. מיר גייען איבערפֿרעגן צו דער „דירעקציע“ נאָך די רובלס, ניטאָ קיין דירעקציע, ניטאָ קיינער. נו, וואָס טוט מען ווייטער? איז פֿינקל אַוועק צום באַלעבאָס פֿון טעאַטער און האָט אים דערקלערט די גאַנצע געשיכטע, ער זאָל אונדז געבן כאָטש אויף איין אָוונט דעם טעאַטער. מיר זאָלן האָבן צוריקצופֿאָרן אין לאָדז, און אַזוי ווי עס איז יאָמטעוו, וועט מען פֿאַרדינען. דער באַלעבאָס זאָגט אָבער: „איר וועט סאַי ווי סאַי גאָרניט מאַכן, כאָטש ס'איז יאָנטעוו. מיר וועלן אייך געבן 10 רובל און פֿאָרט אַוועק קיין לאָדז“. אַז מיר זיינען געקומען אין לאָדז, זיינען מיר פֿאַרפֿאָרן אויף אונדזער אַלטער קוואַרטיר. מיר זיינען אַוועק צו בערמאַנען און מיר האָבן אים געבעטן, אַז ער זאָל זען, מע זאָל אונדז צונעמען אין טרופּע, ווי עס זאָל ניט זיין, בעדאַי פֿאַר סטאַטיסטן, אַבי מע זאָל אונדז צונעמען.

שליפּערשטיין האָט אונדז צוגענומען, מיר האָבן אָבער שוין ניט געקריגן קיין רובלס, נאָר צו 25 קאָפּיקעס אַ טאָג. דאָס איז געווען די טעג, וואָס מע האָט געשפּילט, אָבער אַז מע האָט ניט געשפּילט, האָבן מיר גאָרניט באַקומען.

מיר זיינען דאָרט אין טרופּע געווען ביז איבער יאָנטעוו, נאָך יאָנטעוו איז די טרופּע צופֿאַלן. די גאַנצע טרופּע איז זיך צופֿאָרן. געבליבן זיינען מיר אונדזערע 5 מענטשן: איך, גאָלדבערג מיט זיין ווייב, בינעפֿעלד און בליפֿעלד, און דערצו נאָך איז צוגעקומען פֿינקל. עס לוינט זיך אָפּצושטעלן אויף דער כאַראַקטעריסטיק פֿון די 5 אַקטיאָרן. גאָלדבערג—געבאָרן אין לאָדז, געווען אַ וועבער און דערצו אַ כאָריסט, פֿלעגט אָפֿט זינגען אין טעאַטער, ווען עס פֿלעגט קומען אַ יידישע טרופּע. ער שטאַמט פֿון באַדכאָנים, זיין פֿאָטער אַ באַדכן, צוויי ברידער באַדכאָנים, און אַמאָל האָבן באַדכאָנים געהאַט אַ גרויסן שייכעס מיט אַקטיאָרן. דער אַלטער פּישזאָן איז אויך געווען אַ באַדכן, דערפֿאַר, אַז ער פֿלעגט קומען אין אַ שטאָט אַריין, איז זיין ערשטער וויזיט געווען בא די באַדכאָנים. און, אַגעוו, פֿלעגט אויספֿעלן אַמאָל צו שפּילן אַ ראָל, פֿלעגט עס טאָן דער שטאָטבאַדכן. גאָלדבערג האָט געהאַט אַ שטימע, איז ער געוואָרן אַן אַקטיאָר. זיין ווייב איז געווען אַ שפּולערמיידל, צום טעאַטער האָט זי געהאַט אַ קנאַפּע שייכעס, נאָר אַזוי ווי גאָלדבערג איז געווען איר מאַן, האָט זי געמוזט שפּילן. איר גרעסטע ראָל איז געווען אין גאָלדפֿאַדנס פּיעסע „די באָבע יאַכנע“ דאָס מיידל, וואָס קומט צו דער באָבען לייגן אַ קניטל. איר ראָל איז באַשטאַנען פֿון עטלעכע ווערטער.

בינעפֿעלד, אויך אַ לאָדזער. דער פֿאָטער האָט געהאַט אַ פֿאַבריק פֿון סאָדעוואַסער. דער פֿאָטער האָט אים פֿאַרהאַסט דערפֿאַר, וואָס ער איז געווען אַן אַרטיסט, אַפֿילו אין לאָדז איז ער אויך ניט געגאַנגען אַהיים שלאָפֿן, נאָר מיט אונדז אין באַלוטער בעסמעדרעש.

די סיבע פֿון פֿאָטער צום זון האָט זיך דערקלערט מיט דעם, וואָס, ווען בינעפֿעלד איז אַרויסגעפֿאָרן מיט דער ערשטער טרופּע, האָט ער אַרויסגעגאַנווערט באַם טאַטן געלט. דאָס אַלץ בין איך געוואָר געוואָרן שוין זייענדיק אין לאָדז. איך האָב אים אַ מאָל געפֿרעגט: מיילע מיר וואַלגערן זיך, האָבן מיר ניט וווּ צו זיין, אָבער דו האָסט דאָך אַ היים? האָט ער מיר דערציילט די גאַנצע געשיכטע. אַן אַקטיאָר איז ער געווען אַ שוואַכער.

בליפֿעלד—איז געווען אַן אַקטיאָר מיט אַלע פּיוּטשיקלעך. געבאָרן אין אָזירקאָוו. ער פֿלעגט שטענדיק שפּילן טעאַטער, אי אויף דער בינע אי אין לעבן. ער האָט געיאַרשנט איבגאַנצן דעם אַלטן בערמאַן מיט אַלע שטיקלעך. פֿאַר אים פֿלעגט קיין זאַך ניט זיין שווער, טאָמיד זיין פֿריילעך, ער איז שוין אַזוי צוגעוואוינט געווען צום באַלוטער בעסמעדרעש, פּונקט ווי עס וואָלט געווען דער בעסטער האָטעל, אַפֿילו, אַז ער האָט געהאַט געלט, איז ער אויך ניט געגאַנגען ערגעץ אַנדערש נעכטיקן.

פינקל איז שוין געווען אַן אַנדער טיפּ. געבאָרן איז ער אין יענזשעיעוו, קעלצער גובערניע. געווען איז ער אין לאָדז אַ סאַרווער. געוואָרן איז ער אַן אַקטיאָר דערפֿאַר, ווייל ער האָט אַלע אַקטיאָרן געקענט. געווען איז ער אַ הויכער, מיט אַ פּאָר גרויסע אויגן, אַ גרויסער פֿרעסער, ער האָט ניט געהאַט קיין מאַזל. אין וועלכער טרופּע ער פֿלעגט פֿאָרן, פֿלעגט מען אים איבערלאָזן אין שטאָט. עס פֿלעגט אים אויסקומען גיין צופֿוס. מיט אים וועלן מיר זיך נאָך באַגעגענען.

מיר האָבן זיך אַרומגעדרייט לײדיק. דאָס איז געווען אין 1899-טן יאָר. איך בין קראַנק געוואָרן, בין איך אַוועקגעפֿאָרן אַ היים. געפֿאָרן בין איך נאַטירלעך אונטער דער באַנק, ווייל איך האָב קיין געלט ניט געהאַט. אָנגעקומען קיין בענדין, האָט מיך דער טאַטע ניט געוואָלט אַריינלאָזן אין שטוב. נאָר די מאַמע האָט אָנגעהויבן בעטן; זעסט דאָך, אַז ער איז קראַנק, האָט דער טאַטע געזאָגט: איך האָב אים ניט קראַנק געמאַכט, די ציגיינער האָבן אים קראַנק געמאַכט, זאָלן זיי אים געזונט מאַכן. דאָך, אַ מאַמע רעדט איבער, מע האָט מיך אַריינגעלאָזט אין שטוב, מע האָט מיך אויסגעקליידט אַ ביסל, איך בין געוואָרן געזונט. אינדערהיים האָב איך געטראָפֿן טשיזשיקן. ווען ער איז אַוועקגעפֿאָרן פֿון אונדז קיין וואַרשע צוזאַמען מיט שעראַווענערן, האָט ער געקראָגן פֿון זיין קאַלע אַ בריוו (דעם באַלאַכסאָניעס פֿירשטענפֿעלדס אַ טאָכטער, וועלכער האָט זי צוגענומען פֿון אונדז, ווען מיר זיינען געפֿאָרן פֿון פּעטריקאָוו נאָך טאָמאַשאָוו), זי האָט אים אויסגעשריבן, וואָס זי האָט אַלץ איבערגעטראָגן פֿונעם פֿאָטער, אַז ער האָט זי געהאַלטן פֿאַרשלאָסן, האָט זי ניט געלאָזט אויף דער ליכטיקער שיין. זי האָט זיך געהאַלטן באַ אירס, זי האָט אַ מאַן, זי האָט כאַסענע געהאַט און האָט פֿון קיין זאַך ניט געוואָלט וויסן. דער פֿאָטער האָט געזען, אַז ער קען מיט איר גאָרניט מאַכן, האָט ער באַשלאָסן אָפּצוברייגען טשיזשיקן, נאָר מיט דעם באַדינג, ער זאָל אַוועקוואַרפֿן די אַקטיאָרעריי און ווערן אַ באַדכן.

טשיזשיק באַקומענדיק דעם בריוו איז באַלד געפֿאָרן אַ היים קיין בענדין און האָט זיך געלאָזט צוּוואַקסן די באָרד און איז געוואָרן אַ ייד, אַ באַדכן. פֿון וואַנען נעמט זיך צו אים באַדכאָנעס?—זיין פֿאָטער איז געווען דער בעסטער מאַרשעליק אין וואַרשע, האָט געהייסן בינעם מאַרשעליק. דערפֿאַר האָט ער עס געהאַט בירושע און האָט זיך ניט געדאַרפֿט לאַנג לערנען. מע האָט נאָך אַמאָל געפּראַוועט אַ כאַסענע קעדאַס מוישע וועיסראָעל פֿאַר אַלע פֿריינט און באַקאַנטע, און אַז איך בין געקומען קיין בענדין, איז ער שוין געווען אַ באַלעבעסל—אַ באַדכן. די געשיכטע האָט ער מיר דערציילט אין בענדין, ווי עס איז פֿאָרגעקומען מיט אים.

אינדערהיים בין איך אָפּגעווען אַ שטיק צייט, איך בין מיטגעגאַנגען מיט טשיזשיקן אויף כאַסענעס און דערווייל זיך אויך אויסגעלערנט אַ ביסל באַדכנען. דערנאָך האָט טשיזיק דערהאַלטן אַ בריוו פֿון זיין ברודער יאָסל פֿון לאָנדאָן, ער איז אויך געווען אַ טעאַטערמענטש, ער זאָל קומען מיט זיין פֿרוי קיין לאָנדאָן. טשיזשיק האָט מיך צוגערעדט איך זאָל מיטפֿאָרן, בין איך מיטגעפֿאָרן מיט אים אין אויסלאַנד, דעם גרענעץ איז מיר ניט שווער געווען אַריבערצוגיין, ווייל אַלע וואָס האָבן געוואוינט אין בענדין, האָבן געקריגן האַלבע פּעסלעך די גרענעץ אַריבערצוגיין אויף 28 טעג. נאָר איך האָב ניט געהאַט קיין געלט אויף דער רייזע ביז לאָנדאָן, בין איך צוגעפֿאָרן ביז קראָקע. טשיזשיק מיט זיין ווייב מאַניע זיינען אַוועקגעפֿאָרן קיין לאָנדאָן.

אין קראָקע האָב איך געטראָפֿן אונדזערע באַקאַנטע בראָדער זינגער, קיין טעאַטערפּיעסן האָבן זיי ניט געשפּילט נאָר וואַריעטע אין אַ זומערגאָרטן, און ניט אויף בילעטן, נאָר אויף זאַמלען מיטן טעלער. איך בין דאָרט געווען באַ זיי אַ שטיקל צייט, דערנאָך איז אָנגעקומען פֿון ווין אַ טעאַטערדירעקטאָר מוישע וויינבערג און האָט צוגענומען מיך און דעם הערן קלוק מיטן ווייב. אַז מיר זיינען אָנגעקומען אין ווין, האָבן דאָרט געשפּילט דריי יידישע טרופּעס. איינע האָט געשפּילט אין רויטע שטערנגאַס, 2 באַציִרק, קאָנער מיט אַ פֿרוי, דער לאַמער אַקסעלראָד א. א. די 2 טרופּע האָט געשפּילט אין אָבערן אַגאַרטנשטראַסע, אַ לעמבערגער טרופּע אונטער דער דירעקציע פֿון גימפּל (דעם אַלטן). די דריטע, האָבן מיר געדאַרפֿט אָנהויבן אין ווינטערגאָרטן אין 20-טן באַציִרק. אין רויטן שטערן-גאַס האָט מען געשפּילט וואַריעטע מיט טעאַטער, ד. ה. אַזוי, פֿון 8 ביז 9 איז געגאַנגען וואַריעטע, און פֿון 9 האָט זיך אָנגעהויבן טעאַטער.

דער רעפּערטואַר איז געגאַנגען מערסטנטייל גאָלדפֿאַדנס. ווען איך בין אָנגעקומען, האָב איך דאָרט געזען דעם „אוילעם האַטויע“, די הויפּטראָליע, דעם שאַמעס, האָט געשפּילט אַ פֿרוי. האָב איך געפֿרעגט, פֿאַרוואָס שפּילט אַ פֿרוי, ווען עס זיינען דאָ מענער, וואָס גייען ליידיק. האָט מען מיר געענטפֿערט, אַז די ראָל קען קיין מאַן ניט אויספֿירן, ווייל די וויצן וועלן ניט קלינגען.

דאָרטן, ווו גימפּל האָט געשפּילט, איז געווען אַ זאַל מיט אַ קאָנצעסיע פֿאַר גרויסשוישפּיל, ניט באַ קיין בענק, אַזוי ווי באַ אונדז אין טעאַטער, נאָר באַ טישלעך. פֿון 8 ביז 9 פֿלעגן אַרויס פֿאָלקזינגער, אין זאַל האָט מען געגעסן אוּן געטרונקען, און פֿון 9 האָט זיך אָנגעהויבן טעאַטער. מע האָט אויך געשפּילט גאַנצע פּיעסן אין 4 אַקטן: שולאַמיס, באַרקאָכווע, קאָלדוניע, גאָלדפֿאַדנס רעפּערטואַר. נאָך יעדן אַקט איז געפֿאַלן דער פֿאָרהאַנג. דאָס האָט געהייסן וואַריעטע. נאָר אַזוי ווי עס האָט אַ ביסל געשאַט די דייטשישע טעאַטערן, האָט מען גימפּלען

פאַרוועריט שפּילן. נִיט אָפיציעל, ווי מען פלעגט פאַרווערן אין רוסלאַנד יידיש טעאַטער, נאָר אַזוי ווי ער האָט קיין פעסטן קאָנטראַקט מיטן טעאַטער נִיט געהאַט, האָט עס צוגענומען אַ דייטשישער דירעקטער. און גימפּל מיט דער טרופּע איז אוועקגעפאָרן. אַף די פּראָגראַמען איז געווען געדרוקט: 1) מוזיק. 2) אופטריט פון די און די א דועט. 3) סאָלאָגעזאַנג. 4) קוואַרטעט. 5) אַנטראַקט. 6) די פּיעסע, אָדער אָפּערעטע.

מיר, מוישע וויינבערג, וועלכער האָט זיך אָפּגעריסן פון „רויטן שטערן“, מיט עטלעכע מענטשן, קליוק מיטן ווייב, וועלכע ער האָט גענומען פון קראָקע, האָבן אָנגעהויבן שפּילן אין ווינטערגאָרטן אויך אַף אַזאַ אָרט: וואַריעטע מיט קליין שוישפּיל. דאָס ערשטע איז געגאַנגען גאָלדפאַדנס „מאָשיעכס צייטן“. אין אונדזער טרופּע איז געווען אַן אַקטיאָר בראַנדעס, וועלכער האָט זיך גערעכנט פאַר אַ געשולטן אָפּערנזינגער. פאַרוואָס האָט ער נִיט געזונגען אין אָפּערע? דערפאַר, ווייל ער האָט געהאַט אַ קורצע אויסגעבויגענע האַנט. איז ער אַריבער געגאַנגען צו דער יידישער טרופּע. דער בראַנדעס איז געווען אונדזער גאַנצע שטאָלץ. מיט וועלכן מען איז געגאַנגען קאָנקורירן מיטן „רויטן שטערן“. די טרופּע האָט געאַרבעט נִיט אַף מאַרקעס און נִיט אַף פּראָצענטן, נאָר אַף כאַלאָקים. קלענערע פלעגן קריגן געהאַלט (גאַזשע) נאָר פון דער נאַכט, נִיט פון כוידעש.

איך האָב באַ זיי געשפּילט אין „מאָשיאַכס צייטן“ יאַנקל שנאָרער. קיין דעקאָראַציעס האָט מען נִיט געבִּיטן, נאָר דאָס גאַנצע איבערבייטעניש איז געווען דער מיטלסטער פאָרהאַנג, ווייל אָפיציעל האָט עס געהייסן, אַז מיר שפּילן איינאַקטערס. נאָר אַזוי ווי מיר האָבן געוואָלט, אַז דאָס פּובליקום זאָל פאַרשטיין, אַז עס איז אַ פּיעסע אין 4 אַקטן, פלעגן מיר זיך נויהעג זיין אַזוי: אַז עס פלעגט זיך ענדיקן אַן אַקט, פלעגן די אַרטיסטן, וואָס האָבן גענומען אַן אַנטייל אין דעם אַקט, אַרונטער אונטער דעם 2-טן פאָרהאַנג, און ער האָט זיך צוגעמאַכט. אָט דאָס האָט פאַרענטפערט די דעקאָראַציע פון 2-טן אַקט. אַז מע האָט געענדיקט דעם 2-טן אַקט, זיינען די אַרטיסטן זיך צוגאַנגען אָן אַ זייט, און דער פאָרהאַנג האָט זיך ווידער געעפנט, דאָס האָט פאַרענטפערט די דעקאָראַציע פון דריטן אַקט, און אַזוי איז געגאַנגען ווייטער און ווייטער. קיין סופליאָרבײדל איז נִיט געווען. דער סופליאָר איז געשטאַנען אין אַ זייט באַ דעם 1-טן פאָרהאַנג. איגנִיכן איז אָנגעקומען וואַקסמאַן, וועלכער האָט צוגענומען עטלעכע מענטשן פון אונדזער טרופּע אַף צו פאָרן נאָך יאָהאַניסבורג שפּילן אין אַ יידישן טעאַטער. ער האָט אויך מיר פאַרגעלייגט פאָרן, איך האָב זיך אָפּגעזאָגט צו מאַכן אַזאַ ווייטע רייזע.

איך בין אוועקגעפאָרן צוריק קיין בענדין. אינדערהיים האָב איך נִיט געהאַט וואָס צו טאָן. בין איך אוועקגעפאָרן קיין לאָדז. דאָרטן איז געשטאַנען ספּיוואַקאָווסקי, פישזאָן, יוליוס אַדלער, קאַמינסקי מיטן ווייב און נאָך אַסאַך אַנגעזעענע אַקטיאָרן. געשפּילט האָט מען שוין אין גרעסטן טעאַטער פון שטאָט אין „זעלינס טעאַטער“ אַף קאָנסטאַנטינער גאַס. געהייסן האָט עס שטאָטטעאַטער. איך בין אַריין אין טרופּע און געבעטן מע זאָל מיך צונעמען. האָט מען מיך נִיט צוגענומען, ווייל די טרופּע איז געווען גרויס. נאָר אַזוי ווי אין לאָדז זיינען דאַ ווינקלאַקטיאָרן (די, וואָס דרייען זיך אַרום ליידיק) גאַנץ גענוג, אַז זיי האָבן מיך דערזען און זיך דערוווּסט, אַז איך בין געקומען פון אויסלאַנד, איז מען צוגעפאַלן צו מיר, מע זאָל מאַכן אַ טרופּע אַרויסצופאָרן אַף דער פּראָווינץ. פאַראַן אַזעלכע, וואָס לייגן אויס געלט פאַר אַ טרופּע, איז באַשלאָסן געוואָרן צו מאַכן אַ טרופּע. מע האָט זיך באַלד צונויפגערעדט מיט אַ קאַסטיומערשע און מיט איינעם, וואָס האָט געדאַרפט אויסלייגן געלט. מע האָט אָפּגעוואַרט באַ אַן אַנטראַקט דעם סופליאָר (געהייסן האָט ער גוטמאַן הויקער) פון דער טרופּע, צו קען ער אונדז פאַרקויפן אַ פּאָר פּיעסן, וואָס מע שפּילט, מיט צענזורקעס (דייטשישע). ער האָט געפרעגט, וועלכע פּיעסן מיר ווילן, פאַרצייכנט באַ זיך און געהייסן קומען אַף מאָרגן באַנאַכט, וועט עס זיין פאַרטיק. צווישן אונדזער קאָמפּאַניע, וואָס מיר האָבן זיך צוזאַמענגענומען איז געווען אַ לאָדזשער אַקטיאָר דאָוויד לאַגוס (אין לאָדזש אַ זשוליק רופט מען—לאַגוס). און ער איז געווען דער עמעסער זשוליק. ער איז געווען דער איניציאַטאָר פון דער טרופּע און פון שאַפן דעם יאַלד מיט געלט. ער איז אויך געווען דער געשעפטפירער. איז ער אוועקגעפאָרן נעמען קאַליש (די שטאָט). מע האָט אַרויסגעלאָזן אַפישן. אַ גאַנץ שיינער טעאַטער איז דאָרטן געווען. נאָר איין זאַך איז געווען שלעכט, לאַגוס האָט געמוזט געבן אַן אונטערשריפט, אַז מיר וועלן שפּילן דייטש. עטלעכע צווישן אונדז האָבן געקענט ריין דייטש און די איבעריקע זיינען געווען ליטוואַקעס.

די ערשטע פאָרשטעלונג אין קאַליש איז באַ אונדז געגאַנגען „באַרקאָכבע“*). געוויינטלעך האָט פאַכלער (דאָוויד לאַגוס) שפּילנדיק אַליעזערן—גערעט רייטש, סאָרע-בלומע די פּרימאַדאָנע האָט גערעט רייטש, איך—רייטש, שפּילנדיק פּאַפּוס. און „באַרקאָכבע“—איז געווען אַן אָדעסער, האָט ער אָנגעהויבן צו ריידן אָדעסער דייטש. חאָט דער פּאָליצמייסטער, זיצנדיק אין אַ לאָזשע (צו אַלע צאָרעס איז ער נאָך אַליין געווען אַ דייטש, ווייל קאַליש ליגט נִיט ווייט פון דער דייטשישער גרענעץ), אונטערגעשיקט אַף דער בינע צוויי סטראַזשניקעס, און האָט זיי אָנגעזאָגט, אַז ווי נאָר דער פאָרהאַנג וועט פאַלן, זאָל מען אים נִיט לאָזן מער אופהויבן, און פאַבלערן אַרעסטירן. גלייך נאָכן ערשטן אַקט איז געוואָרן אַ טומל. עס איז אַוועק אַ דעלעגאַציע פון פּובליקום צום פּאָליצמייסטער בעטן, מע זאָל לאָזן ענדיקן די פאָרשטעלונג, נאָר עס האָט גאָרנִיט געהאָלפן, ווייל ער האָט געזאָגט אַז ער האָט אופמערקזאַם געמאַכט פריער און דערצו נאָך גענומען אַן אונטערשריפט, אַז מע וועט שפּילן אַף דייטש. דאָס פּובליקום איז זיך צוגאַנגען, באַ דער קאַסע איז געווען אַ שטיקל סקאַנדאַל, נאָר דער קאַסירער האָט סייכל געהאַט פריער אוועקצוגיין מיט דער קאַסע.

אינדערפרי האָבן מיר געהאַט אַ לויפעניש ביז וואַנען מיר האָבן אַרויסגענומען פאַכלערן. פון דאָרטן זיינען מיר גלייך אוועקגעפאָרן צוריק אין לאָדז. דאָרטן האָבן מיר באַקלערט, אַז מיר וועלן פאָרן קיין זשיראַרדאָוו. אַוועקגעפאָרן פאַכלער, גענומען דעם טעאַטער, קיין אונטערשריפטן האָט מען שוין באַ אים נִיט געבעטן, ער האָט געגעבן אַ טעלעגראַמע, זיינען מיר אַרויסגעפאָרן. מיר זיינען אָנגעקומען פרייטיק, שאַבעס האָבן מיר גערדאַרפט שפּילן. אין שטעטל איז געוואָרן אַ טומל, עס איז געקומען אַ לאָדזשער יידישע טרופּע. פאַרנאַכט האָט מען געשיקט פון „רעבן“ נאָכן פאַרשטייער פון דער טרופּע. פאַכלער איז אַ הין אַוועקדער „רעבע“ האָט אים פאַרגעלייגט מיר זאָלן אוועקפאָרן און קאָהאָל וועט אומקערן פאַר אַלע הוצאָעס. האָט אים פאַכלער געענטפערט, מיר זיינען נִיט געקומען נעמען קיין נעדאָווע, נאָר פאַרדינען געלט. האָט אים דער „רעבע“ געסטראַשעט. אַז אויב מע וועט נִיט אוועקפאָרן, וועט מען לייגן די טרופּע אין כיירעם, איז בעסער זאָל מען אוועקגעפאָרן. און דער „רעבע“ האָט געזאָגט, אַז ער וועט שיקן די כעווּרע „שוימריישאַבעס“ און ווער עס וועט נעמען אַ בילעט, וועט מען ברעכן די ביינער. איז פאַכלער אוועק צום זעמסקי נאַטשאַלניק און האָט אים דערציילט. האָט ער געענטפערט, מיר זאָלן נִיט קיין מוירע האָבן, ער וועט שיקן אַ שטאַרקע וואַך. מיר זיינען געווען זיכער. שאַבעס 2 אַ זייגער האָבן מיר געעפנט די קאַסע. נאָר מענטשן זיינען זייער פאַרזיכטיק צוגעגאַנגען. מערסטנטייל איז מען געגאַנגען נאָך בילעטן דורך דער הינטערטיר, ווייל אַפן גאַס האָבן זיך אַרומגעדרייט די כעווּרע פון „שוימריישאַבעס“. זיי זיינען באַשטאַנען פון באַלעגאָלעס. קאַצאָווים און גלאַט העקקריונגען. אַריינפאַלן צו זיי אין די הענט האָט זיך קיינעם נִיט געגלוסט, ווייל מע האָט זיי גוט געקענט אין שטעטל. מיר האָבן גערעכנט, אַז די רעכטע לייזונג וועט זיין נאָך האַוודאָלע. אַז עס איז נאַכט געוואָרן, האָבן מיר גענומען אונדזערע פעקלעך און אוועק אין טעאַטער. פאַרן טעאַטער האָבן מיר געזען אַ גרויסע אָטשערעד און מיר האָבן געמיינט, אַז דאָס איז פּובליקום, וואָס איז געקומען נאָך בילעטן, נאָר געווען זיינען עס די שוימריישאַבעסניקעס. מיר דערוויילן נִיט צוצוגיין צום טעאַטער, הערט מען אַ געשריי: „די אַקטיאָרשטשיקעס גייען“, און מען איז אונדז באַלד מעקאַבלפּאָנים געווען מיט די עמעסע קלעפּ, געשרייען און זידלערייען: „איר זענט געקומען אָהער פאַרפירן דאָס שטעטל?“ מע האָט אונדז גענומען שלאָגן אָן ראַכמאָנעס. ס'זיינען אַפילו אָנגעקומען עטלעכע סטראַזשניקעס, אָבער זיי האָבן נִיט געקענט ביישטיין די כעווּרע.

דער עלטסטער איז אוועקגעלאָפן צום זעמסקי נאַטשאַלניק אַרויסרופן הילף. אָבער אַז ער איז צוריק געקומען, איז אַנשטאָט צו קומען מיט הילף, האָט די עטלעכע סטראַזשניקעס אויך צוגענומען. דאָס איז אַלץ געווען מיטן רעבנס קריעך. די שוימריישאַבעסניקעס האָבן געשריען צו אונדז: „פאָרט אוועק, אַז נִיט וועלן מיר אייך דערהאַרגענען צום טויט“. מיר זיינען קאַם צוגעלאָפן צו דער אַכסאַניע, איינגעפּאַקט אונדזערע זאַכן און באַנאַכט זיינען מיר אוועקגעפאָרן. אין לאָדז איז אויך געווען אַזאַ פאַל. די יידישע טרופּע, וואָס האָט דאָרט געשפּילט פלעגט שפּילן אויך פרייטיק. דער ראָוו האָט צוגעשיקט אַז מע זאָל פרייטיק נִיט שפּילן און האָט געשיקט נאָך קאַמינסקין און גענומען באַ אים אַ „האַנט“ טקיעסקאַף, אַז מע וועט נִיט

*) עס איז געווען אַן אַנשלאַג, ווייל אַסאַך יאָרן האָט מען אין קאַליש נִיט געשפּילט קיין יידיש טעאַטער.

שפילן. פרייטיק איז דאך אבער געווען דער בעסטער טאג, האט מען ווייטער גע־שפילט. האט ער געשיקט נאך קאמינסקין, און אזוי ווי ער איז אריין האט ער אים דערלאנגט 2 פעטש, און האט אים געזאגט: „פאשע יסראעל, נאך א מאל, אז דו וועסט שפילן פרייטיק, וועל איך די גאנצע טרופע ארויסשיקן פון לאדז". און ער האט געהאט א קויעך דאס צו טאן. ער האט געהאט א כשין „סטאטסקי סא־וועטניק". האט געהאט א גאלדענעם שווערד. און האט געדינט אין דער אכראנקע.

פֿון דאן אן האט מען אין לאדז א שטיקל צייט ניט געשפילט אום פרייטיק. פון זשיראררדאוו זיינען מיר ווידער אנגעקומען קיין לאדז. האט זיך פון דער טרופע, וואס איז געשטאנען אין לאדז, געמאכט דריי טרופעס. קאמינסקי האט געמאכט א טרופע און איז אוועקגעפארן קיין קאטערינאסלאוו. פישזאן מיט ספיוואקאוו־סקין האב געמאכט א טרופע און זיינען אויך ארויסגעפארן, און די דריטע איז אויך אוועקגעפארן. איך בין אנגעקומען צו פישזאנען.

צווי פֿרידליאַנד.

# דער אוטאָפּישער און וויסנשאַפֿטלעכער סאָציאַליזם.

(היִסטאָריִשע סקיִצן)

ערשטע לעקציע.

## אַריינפֿיר. די פֿאָרגענגער פֿון וויסנשאַפֿטלעכן און אוטאָפּישן סאָציאַליזם.

וואָס איִז דער באַגריִף פֿון אוטאָפּיִשן און וויִסנשאַפֿטלעכן סאָציאַליִזם? שוין בײַ די ערשטע שריט פֿון קלאַסנקאַמף, פֿונם מאָמענט, ווען ס'האָבן זיך באַוויִזן סאָציאַלע ווידערשפּרוכן איִן דער געזעלשאַפֿט, האָבן מיר געהאַט צו טאָן מיט פּרוּוון מיִצאַד די אונטערגעיאָכטע אַף זייער אויפֿן צו דערגיין דיִדאָזיִקע וויִ־דערשפּרוכן, צו אָנמערקן די וועגן, וועלכע זאָלן זיי ברענגען צום באַפֿרייען זיִך פֿון אונטערן יאָך פֿון די עקספּלואַטאַטאָרן. פֿון לאַנג אָן איִז צוויִשן די אַרבעטערמאַסן געווען פּאָפּולער די איִ־דייע פֿון אַ „היִמלשער מעלוּכע" אַף דער ערד. עס איִז אוממעג־לעך איִן אַ פּאָר לעקציִעס זיִך אָפּשטעלן אויספֿיִרלעך אַף די אַלע פּרוּוון מיִצאַד די אונטערגעיאָכטע צו פֿאַרניִכטן די עקספּלואַטאַ־טאָריִשע געזעלשאַפֿט,—קלאָר, אַז איִן עטלעכע לעקציִעס איִז עס שווער צו טאָן—עס איִז אַפֿיִלע אוממעגלעך צו אַנאַליִזירן די ענ־לעכע פּרוּוון, וועלכע געהערן צו דער עפּאָכע פֿון מיִטלאַלטער, ווען די איִדייע פֿון „אַ היִמלשער מעלוּכע" אַף דער ערד, צ.ב.ש., איִן דער עפּאָכע פֿון די פֿויעריִשע מיִלכאָמעס (15—16 יאָרה.), האָט געשפּיִלט אַ באַדייטנדיקע ראָל, מיִר ווען דאָ נאָר האָבן צו טאָן מיט דער געשיִכטע פֿון דער נייסטער צייט, מיִט דער געשיִכטע פֿון 18 און 19 יאָרהונדערטן. אַף אַזאַ אויפֿן באַ־שרענקען מיִר אונדזער אויפֿגאַבע, אָבער אויך איִן דעמדאָזיִקן געביִט וועלן מיִר האָבן גענוג אַרבעט.

איִן דער באַוווּסטער בראָשור פֿון פֿריִדריִך ענגעלס, „פֿון אוטאָפּיִע צום וויִסנשאַפֿטלעכן סאָציאַליִזם" דערקלערט דער מע־כאַבער דעם אונטערשייד צוויִשן אוטאָפּיִשן און וויִסנשאַפֿטלעכן סאָציאַליִזם אַף אַזאַ אויפֿן: דער אוטאָפּיִשער סאָציאַליִזם **דער־פֿיִנדט**, דער וויִסנשאַפֿטלעכער סאָציאַליִזם **אַנטדעקט** די לייזונג פֿון געזעלשאַפֿטלעכע אויפֿגאַבן, וואָס שטייען פֿאַר די אַר־בעטנדיִקע מאַסן. דער אוטאָפּיִשער סאָציאַליִזם דערפֿיִנדט די ליי־זונג פֿון געזעלשאַפֿטלעכע אויפֿגאַבן, וועלכע זייִנען נאָך אַיינגע־היִלט איִן אַ נעפּל פֿון ניִט אַנטוויִקלטע עקאָנאָמיִשע פֿאַרהעלטע־ניִשן; דער וויִסנשאַפֿטלעכער סאָציאַליִזם אַנטדעקט די לייזונגען פֿון געזעלשאַפֿטלעכע אויפֿגאַבן, שוין אָנגעמערקטע, אַרויסגעוויִ־זענע איִן דער עקאָנאָמיִשער אַנטוויקלונג פֿון דער געזעלשאַפֿט. דער אוטאָפּישער סאָציאַליִזם באַטראַכט די אויסראָטונג פֿון עק־ספּלואַטאַציִע אַלס רעזולטאַט פֿון פֿאַרוויִרקלעכן אַ גוט אויסגע־אַרבעטן פּלאַן פֿון דעם אָדער יענעם דענקער, אָדער געזעצגעבער. דער וויִסנשאַפֿטלעכער סאָציאַליִזם מאַכט קלאָר, איִן וואָס פֿאַר אַ ריִכטונג עס אַנטוויִקלט זיִך דאָס געזעלשאַפֿטלעכע לעבן, קעדיי צו דערווייזן, אַז די סאָציאַליִסטיִשע איִבערביִלדונג פֿון דער גע־זעלשאַפֿט איִז אַ רעזולטאַט פֿון דער געשיכטלעכער אַנטוויִקלונג, וואָס קומט פֿאָר אויסער דעם וויִלן פֿון דעם פֿיינטלעכן קלאַס און קעגן איִם.

ווייטער האָט ענגעלס נאָך דורכגעפֿיִרט פֿאָלגנדיִקן אונטער־שייד צוויִשן אוטאָפּיִשן און וויִסנשאַפֿטלעכן סאָציאַליִזם: נאָך דער מיינונג פֿון די אוטאָפּיִסטן האָט אַ געניִאַלער מענטש גע־קענט געבאָרן ווערן אויך מיִט 500 יאָר צוריִק און באַפֿרייען דערמיִט די מענטשהייט פֿון טאָעסן, קאַמפֿן און ליידן איִן אַ מע־שעך פֿון פֿיִנף יאָרהונדערטן. הייסט עס, אַז פֿונם שטאַנדפּונקט פֿון אוטאָפּיִשן סאָציאַליִזם קאָן דער סאָציאַליִזם פֿאַרוויִרקלעכט ווערן איִן אַלע צייטן, אָבער פֿונם שטאַנדפּונקט פֿון וויִסנשאַפֿט־לעכן סאָציאַליִזם קאָן ער פֿאַרוויִרקלעכט ווערן נאָר איִן אַ באַ־שטיִמטער עפּאָכע פֿון עקזיִסטענץ פֿון דער קאַפּיִטאַליִסטיִשער געזעלשאַפֿט, ווען די אַנטוויִקלונג פֿון דערדאָזיִקער געזעלשאַפֿט וועט צוגרייטן די באַדיִנגונגען, וועלכע וועלן ברענגען מיִט זיִך די צופֿאַלונג פֿון דער בורזשואַזער אָרדענונג און וועט געבן די מעגלעכקייט דעם פּראָלעטאַריאַט, וואָס איִז באַשאַפֿן געוואָרן דורך דערדאָזיִקער געזעלשאַפֿט, צו אָרגאַניִזירן זיִך און איִנגאַנצן דערשלאָגן זי דורך דער רעוואָלוציִע.

דער אוטאָפּיִזם און סאָציאַליִזם קאָן זיין אַ צווייערלעיִקער: אוטאָפּיִזם פֿון **ציִל** און אוטאָפּיִזם פֿון **מיִטלען**.

ווען מיִר ריידן וועגן „אוטאָפּישן סאָציאַליִזם", האָבן מיִר איִן זיִנען ביידע מאָמענטן. עס איִז געווען אַ צייט (וועגן דעם וועט זיין אַ רייד ווייטער), ווען די אוטאָפּיִסטן האָבן געטרוימט וועגן אומקערן זיִך וויִדער צום אוראַלטן קאָמוּניִזם, צו די צייטן, וואָס די אוטאָפּיִסטן האָבן איִדעאַליִזיִרט, צו די צייטן פֿון די ע־

שטע קריסטן. דער „אוטאָפּישער סאָציאַליזם“ איז אַף אַזאַ אויפן געווען ניט זעלטן אַ רעאַקציאָנערע באַוועגונג.

וואָס איז שאַיעך דעם אוטאָפּיזם פון מיטלען איז די זאַך באַשטאַנען נאָך ערגער. אַ גרויסע מערהייט פון אוטאָפּיסטן האָט זיך פאָרגעשטעלט די פאַרווירקלעכונג פון קאָמוניסטשן אידעאַל אַלס רעזולטאַט פונם גוטן ווילן פון אַ קלוגן געזעצגעבער. קלאַסנקאַמף האָבן זיי ניט אַנערקענט. אַגיטאַציע, פּראָפּאַגאַנדע, א קלוגע געזעצגעבונג—אָט זיינען די מיטלען אַף צו פאַרווירקלעכן דעם סאָציאַליזם. דאָס איז געווען אוטאָפּיזם פון מיטלען.

אוטאָפּיזם פון ציל און אוטאָפּיזם פון מיטלען אַף צו פאַרווירקלעכן סאָציאַליזם געהערן ניט אין דער געשיכטע צו וועלכער עס איז איין באַשטימטער עפּאָכע. מיר מיט אייך לעבן אין אַן עפּאָכע, ווען עס האָט ווידער אויפגעלעבט דער אוטאָפּישער סאָציאַליזם אונטער דער פאָן פון מאַרקסיזם אין פּערזאָן פון דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע. נאָר **קאָמוניזם** איז אין אונדזער צייט די איינציקע פאָרם פון וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם, וועלכע וואַרפט אָפּ סיי דעם אוטאָפּיזם פון ציל, סיי דעם אוטאָפּיזם פון מיטלען.

קעדיי עס זאָל זיין פאַרשטענדלעך דאָס, וואָס עס וועט גערעדט ווערן ווייטער, דאַרף געזאָגט ווערן, אַז דער הויפּט אונטערשייד צווישן אוטאָפּיזם און וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם איז, אַגעוו, אויך אין יענעם ספּעציפישן געוויכט, וועלכן עס האָט די אידייע פון רעוואָלוציע אין דער אידייענסיסטעם פון איבערבילדן די געזעלשאַפט.

דער וויסנשאַפטלעכער סאָציאַליזם שיידט זיך אונטער פון אוטאָפּישן סאָציאַליזם ניט נאָר דערמיט, וואָס זיי פאַרשטייען פאַרשיידן, אין אַלגעמיין גענומען, די באַפרייונגוועגן פון די אַרבעטנדיקע, נאָר אויך דערמיט, וואָס דער וויסנשאַפטלעכער סאָציאַליזם באַדייט אַ טעאָריע פון רעוואָלוציע, וואָס אַזאַ איז קיינמאָל ניט געווען דער אוטאָפּישער סאָציאַליזם, נאָר ער איז, ווי מיר וועלן זען ווייטער, געווען פיינטלעך דער אידייע פון רעוואָלוציע.

איידער מיר וועלן צוטרעטן צו כאַראַקטעריזירן די קאָמוניסטישע סיסטעמען פון דער נייסטער צייט, וועלן מיר פעסטשטעלן עטלעכע הויפּטעטאַפּן אין זייער אַנטוויקלונג. דער ערשטער עטאַפּ—דאָס איז דער אַזוי גערופענער **ביזמאַרקסישער קאָמוניזם**. דערדאָזיקער קאָמוניזם איז געווען פאַרטראָטן אין ענגלאַנד—דורך ראָבערט אָוען, אין פראַנקרייך — דורך פוריע, קאַבע א. אַנד., אין דייטשלאַנד—דורכן שניידער וויטלינג. דערדאָזיקער ביזמאַרקסישער קאָמוניזם איז אַפּן ענגסטן אויפן צוזאַמענגעבונדן מיטן סאָציאַליזם פון פאָרגעגאַנגענעם יאָרהונדערט, מיטן אַגראַרקאָמוניזם פון XVIII יאָרהונדערט פון דער פאַררעוואָלוציע עפּאָכע. ער האָט נאָך געצויגן זיין יעניקע פון די אידייען פון דער בורזשואַזער פילאָזאָפיע פון XVIII יאָרהונדערט, פון רוסאָ און די ענציקלאָפּעדיסטן.

לעניַן האָט געשריבן, אַז דערדאָזיקער מין ביזמאַרקסישער סאָציאַליזם איז ענלעך צו אונדזער פאָלקיסטישן קוידעמקאָל דערמיט, וואָס ער האָט אויך, ווי די פאָלקיסטן, ניט באַגריפן דעם קלאַסנקאַמף און האָט אָפּט מיט סאָציאַליסטישע פראַזן פאַרמאַסקירט די פאָדערונגען פון בורזשואַזע רעפאָרמען.

נאָר צוזאַמען מיט די אוטאָפּיסטן פון ערשטן גאַנג (פוריע, אָוען) וועלן מיר האָבן צו טאָן מיט נאָך איין גרופּע אוטאָפּיסטן, וועלכע האָבן געלעבט און געשריבן אין איין צייט מיט מאַרקסן: לואי בלאַן, וויטלינג, פּרודאָן. צו די אוטאָפּיסטן פון צווייטן גאַנג רעכענען מיר צו לאַסאַלן און באַקונינען. זייט די 80-קער יאָרן אין XIX יאָרהונדערט קומט אָן אַן עפּאָכע פון אויסשליסלעכער הערשאַפט פון מאַרקסיזם, וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם. אָבער די עפּאָכע פון II אינטערנאַציאָנאַל איז גלייכצייטיק אַ פּעריאָד פון ווידערגעבורט פון אוטאָפּיזם אין פּערזאָן פון רעוויזיאָניזם, וואָס זיין פאָרשטייער איז געווען דער דייטשישער סאָציאַלדעמאָקראַט בערנשטיין.

דאָס זיינען די דריי עטאַפּן אין דער געשיכטע פון קאַמף צווישן דעם וויסנשאַפטלעכן קאָמוניזם מיטן אוטאָפּישן קאָמוניזם, וועלכע וועלן אונדז אינטערעסירן. דידאָזיקע דריי עטאַפּן אַנטשפּרעכן די דריי שטופן פון דער געשיכטע פון עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון אייראָפּע פון דער נייסטער צייט.

דאָס צופאַלן פון דער נאַטורעלער ווירטשאַפט און דער ניצחון פון האַנדלקאַפּיטאַל איז געווען דער אָנהייב פון אַ קאָמוניסטישער באַוועגונג צווישן דעם כויערטום און האַנטווערקער. דאָס איז געווען אַ צייט פון אַגראַרקאָמוניזם. מיט דער אינדוסטריעלער איבערקערעניש קומט אָן דער צווייטער פּעריאָד אין דער געשיכטע פון קאָמוניסטישע אידייען, וועלכער ווערט פאַרענדיקט צוזאַמען מיטן אַנטגילטיקן ניצחון פון אינדוסטריעלע קאַפּיטאַליזם, פון מאַשין און פאַבריקפּראָדוקציע. אין דערדאָזיקער צייט איז געבאָרן דער אוטאָפּישער סאָציאַליזם, אָבער עס האָט זיך אויך באַוויזן דער וויסנשאַפטלעכער סאָציאַליזם פון מאַרקסן. פון די 80-קער יאָרן אין XIX יאָרהונדערט האָט זיך געדאַכט, אַז דער ניצחון פון מאַרקסיזם איז געזיכערט, אָבער די עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם שאַפט מיט זיך א נייעם אַרט אוטאָפּיזם—דעם רעוויזיאָניזם. צוזאַמען מיט דער מילכאָמע פון 1914-טן יאָר, מיט דער עפּאָכע פונם צופאַלן ווערן פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט און מיטן אָנהייב פון א סאָציאַלער רעוואָלוציע, טרעט אַריין דער וויסנשאַפטלעכער סאָציאַליזם, דער קאָמוניזם, אין לעצטן אַנטשיידנדיקן געראַנגל מיטן אוטאָפּיזם, מיט דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע.

די קאָמוניסטישע לערעס ציען די יעניקע פון צוויי קוועלן: פון דער באַוועגונג פון די נידעריקע פאָלקשיכטן, רעוואָלוציאָנערער מאַסנבאַוועגונג, פון דעם שעפערישן געדאַנק פון באַזונדערע אידעאָלאָגן. דידאָזיקע אידעאָלאָגן קומען אָפּט אַרויס פון די בורזשואַזע רייען.

קעדיי די סאָציאַליסטישע אידעאָלאָגיע זאָל ווערן אַ טרייבקויעך פון געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג, דאַרף זי ווערן אַן אייגנס פון די מאַסן. קאָלזמאַן די אידעאָלאָגיע האָט זיך ניט באַהעפט מיט דער אַרבעטערבאַוועגונג, איז דער סאָציאַליזם געווען א בוכטעאָריע. ווען דידאָזיקע באַהעפטונג איז געשען, איז דער סאָציאַליזם געוואָרן אַן ערנסטער געזעלשאַפטלעכער קויעך. נאָר אַ ביסל צייט, פונדעסטוועגן, אַנטוויקלט זיך די אַרבעטערבאַוועגונג עפּעס ווי זעלבסטשטענדיק.

פאַרשיידענע גרופּן פון דער אַרבעטנדיקער מאַסע גיבן אַ יעניקע דעם קאָמוניסטישן געדאַנק. פון איין זייט דאָס פּויערטום, וואס פון אים נעמט זיך דער אָנהויב פון אַלע קאָמוניסטישע לערעס, פון דער צווייטער—דער פּראָלעטאַריאַט.

אין די לעקציעס וועגן בּיזמאַרקסישן קאָמוניזם וועט אונדז אינטערעסירן דער פּראָלעטאַרישער קאָמוניזם.

נאָר קוידעמקאָל דאַרפן מיר בּענויגייע דעם „אוטאָפּישן סאָציאַליזם“ אָנעמען דעם שטאַנדפּונקט פון ענגעלסן און מאַרקסן. די בּורזשואַזיע לאַכט פון די אוטאָפּיסטן, מאַכט כויזעק פון זיי... מיר וועלן זיך באמיען אין זייערע אידייען צו פאַנאַנדערקלייבן זיך, וועלן זיך באמיען אונטער דעם פאַנטאַסטישן צודעק אויסגעפינען די קערנדלעך פון געניאַלע אידייען, פאַנאַנדערגעוואָרפענע אומעטום אין די לערעס פון די גרויסע אוטאָפּיסטן, נאָר ניט באמערקבאַרע פאַר די בלינדע קליינבירגער. אָבער איידער מיר וועלן איבּערגיין צו אַנאַליזירן די אוטאָפּיסטן פון 19-טן יאָרהונדערט, וועלן מיר פּרוּוון זיך פאַנאַנדערקלייבן אין די פּלענער פון די קאָמוניסטן פון 18-טן יאָרהונדערט.

איינער פון די אוטאָפּיסטן אין אָנהויב 18-טן י. ה. איז געווען דער גייסטלעכער זשאַן מעליע. דער גורל פון דעמדאָזיקן מענטשן איז א טרויעריקער. זיינע ווערק זיינען בא זיין לעבן ניט דערשינען, נאָר אין פיל יאָרצענדליקער אַרום נאָך זיין טויט. דער ערשטער, וועלכער עס האָט פאַרעפנטלעכט אויסצוגן פונם ווערק „די צאַוואָע“ פונם גייסטלעכן זשאַן מעליע, איז געווען וואָלטער. ער האָט אָבער פאַרעפנטלעכט יענעם טייל פון זיין אַרבעט, וועלכער האָט קיין שום געמיינזאַמקייט ניט געהאַט מיט קאָמוניזם, נאָר עס איז געווען אַ קריטיק פון רעליגיע, וואס עס האָט וואָלטערן באַזונדערס אינטערעסירט. מעליעס „צאַוואָע“ איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן ערשט אין דער אַנדער העלפט פון 19-טן יאָרהונדערט (1864 י.), אָבער ניט געקוקט אַף דעם, זיינען זיינע אידייען כאַראַקטעריסטיש פאַרן 18-טן י. ה. די עפּאָכע, אין וועלכער עס האָט געלעבט מעליע, איז מוסטערהאַפטיק פאַר די שטימונגען פון דער פויערישער אָרעמקייט, וואָס דער אויסדריקער פון אירע אינטערעסן איז געווען דערדאָזיקער אָרעמער דאָרפישער גייסטלעכער. מיר האָבן דאָ פאַר זיך אַ פולפאַרענדיקטע סיסטעם פון אטעיזם*). אָבער מעליעס בוך איז אינטערעסאַנט אויך מיט דעם, וואס עס קריטיקירט די סאָציאַלע אומגלייכקייט אין דער געזעלשאַפט. דער אַווטאָר באַפאַלט די טיראַנען און קעניגן און רוקט ארויס די אידייע פון רעוואָלוציע קעגן דער אונטערטעניקייט. דאָ איז, צוזאמען מיט דעם, געגעבן געוואָרן אַ סיסטעם פון אַגראַרקאָמוניזם אין א פאַרפולקאָמטן אויסזען.

„די קריסטלעכע רעליגיע—שרייבט מעליע אין דער „צאַוואָע“—דערלאָזט, באַגיטיקט און הייליקט אַ סאַך מיסברויכן, וועלכע זיינען קעגן יוישער, געזונטן פאַרשטאַנד און די קלאָלים פון גוט אָנפירן מיט מענטשן. נאָך מער, זי דערלאָזט און הייליקט פיל אומערלעכע באַדריקונגען און אַפילע די טיראַנעריי פון קעניגן, די שטאַרקסטע פון ד ע ר וועלט, וואָס דאָס פאַרפירט און ברענגט שאָדן פעלקער, וועלכע זיינען אונטער דער בייזער אַכזאָריעסדיקער פאַרוואַלטונג אומגליקלעכע און פאַרשטויסענע געוואָרן“. דאָס איז דער הויפּטפּונקט פון יענער קריטישער סיסטעם, וועלכע עס האט געגעבן דער גייסטלעכער זשאַן מעליע. אין אַנדערע ערטער פון בוך קאָן מען געפינען קריטיק ניט נאָר פון דער קריסטלעכער רעליגיע, נאָר אויך פון דער מוסולמענישער, יידישער און אנדערע רעליגיעס פון דער וועלט. די רעליגיע אונטערדריקט ניט נאָר מיט דער גאָטאידייע, נאָר אויך מיט דער סיסטעם פון אירע אינסטיטוציעס, וועלכע האלטן אונטער די געזעלשאַפטלעכע אומגלייכקייט. דעריבּער קומט מעליע צום פאָלגנדיקן אויספיר: „פון דער נאַטור זיינען אַלע מענטשן גלייך, די צו גרויסע אומגלייכקייט—דאָס איז ניט קיין גאָטזאַך, נאָר דעם מענטשנס שאַפונג. דאָס ערשטע שלעכטס איז די קאָלאָסאַלע אומגלייכקייט, וועלכע מיר באַאָבאַכטן אומעטום צווישן די פאַרשיידענע שטאַנדן און פאַרמעגנס פון מענטשן, וואָס איינע פון זיי לעבן צוליב דעם, קעדיי טיראַניש צו הערשן איבער די אנדערע און פאַרבּרענגען זייער גאַנצן לעבן אין פאַרגעניגן און אין נאַכעס; די אַנדערע אָבער, פאַרקערט, ווייזן אויס, פונקט ווי זיי זאָלן געבוירן ווערן אַף אָפּלעבן אַ לעבן פון פאַרשטויסענע און אומגליקלעכע, זיין די נידעריקסטע שקלאַפן און זיפצן דעם גאנצן לעבן אונטערן יאָך פון אַרבעט און נויט. דידאָזיקע אומגלייכקייט איז אין דער העכסטער מאַדריינע ניט יוישערדיק, ווייל זי קאָן ניט דערקלערט ווערן ניט מיט די פאַרדינסטן פון די און פון יענע.

מעליע קומט צום אויספיר, אז מען דאַרף אויסראטן די צו גרויסע אומגלייכקייט אין דער געזעלשאפט, וועלכע איז איינגעשטעלט געוואָרן דורכן געזעץ פון די סאַמע טאָקיפע. זיין קריטיק באַרירט ניט נאָר די עקאָנאָמישע יעסוידעס פון דער געזעלשאַפט, נאָר אויך אירע פּאָליטישע פאָרמען. ער שרייבט: „די אלע נעמען און טיטולן: קעניגן, פירשטן, מאָנאַרכן, מאַכטהאָבער, וואָילגעבוירענע, אונטערטאַנער, וואַסאַלן, לאנדקנעכט, פרייגעלאָזענע, קנעכט—די אלע נעמען זיינען א פויעליוצע פון ערגייציקייט, גוואַלדטאַט און טיראַנעריי“.

ער פרעגט: וואָס זיינען געווען די ערשטע פיר באַוווסטע מאָנאַרכיעס פון באַנדיטן מיט אזוי פיל טאָקע אימפּעריעס, אויב ניט קיין מעלוכעס פון אַוואַנטוריסטן, פיראַטן און גאַנאָווים, וואָס דער קויעך איז בא זיי געווען די איינציקע בארעכטיקונג פאַר זייערע רויבעריין? יעדער מאָנאַרך איז אַ באַנדיט, דעריבער איז דער קאמף קעגן די געקרוינטע באנדיטן די הויפּטאויפגאַבע פון די אַרבעטנדיקע מאַסן“. ער שרייבט: „טעגלעך מערקן מיר צודריקונגען, גוואַלדטאַטן, אוולעס און באליידיקונגען בענויגייע די אָרעמע מיצאַד די פניי... זיי אלע ביז די סאַמע פאַרשליומפּערטע אַדלליט און קליינגיטערדיקע סעניאָרן האָבן געצווונגען דאָס פאָלק זיין זיי געהאָרכזאַם. זיי אַלע פאָדערן פון אים אומגערעכטיקע פליכטן, זיי אַלע לייגן זיך ווי אַ מאַסע אַף דעמדאָזיקן פאָלק, זיי אלע שטרעבן צו אַרויסרייסן ווו און וואָס נאָר מען קען“. גאַנץ באַגרינדעט פאַרגלייכט מען דידאָזיקע מענטשן מיט ווערים, ווייל זיי באַאומרויִקן מער ניט, פייניקן, פרעסן און שלינגען די אָרעמע מענטשן.

———

*) אטעיזם—לייקענען אין גאָט.

צו דערדאָזיקער כאַראַקטעריסטיק, ווי עס איז צו זען, איז
ניטאָ וואָס צו צוגעבן. וואָס איז דאָ באַזונדערס אינטערעסאַנט?
ניט די עצעם קריטיק און די אָנווייזונג אַף די אומגליקלעכקייט
פון די אַרבעטנדיקע מאַסן, נאָר דאָס, וואָס דידאָזיקע קריטיק באַ-
רירט אַלע זייטן פון דער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג, וואָס דאָ
איז א קלאָרע קריטיק פון דער עקזיסטירנדיקער געזעלשאַפטלע-
כער אָרדענונג. און וואָס זשע זעט איין זשאַן מעליע דאָס הויפּט-
שלעכטס פון דער עקזיסטירנדיקער געזעלשאַפטלעכער סיסטעם?
דאָס הויפּטשלעכטס, נאָך זיין מיינונג, איז אין פריוואַטאייגנטום
אַף ערד. מען דאַרף דאָס פריוואַטע אייגנטום אויסראָטן. דאָס איז
דער הויפּטבאַדינג צו דערגרייכן בעסערע עקזיסטענצבאַדינגונגען
פאַר די אַרבעטנדיקע מאַסן. בא מעליען לייענען מיר: „די אַוו-
לע, וואָס ווערט קימאַט אומעטום דערלאָזן און באַקומט צושטי-
מונג באַשטייט אין דעם, וואָס בא פריוואַטאייגנטום כאַפּן מענטשן
אַריין דאָס גוטס און רייכטימער פון דער ערד פאַר זיך, אָנשטאָט צו
באַזיצן זיי, ווי עס האָט געדאַרפט זיין, געמיינזאַם און אַף גליי-
כער רעכט און אויך געמיינזאַם און אַף גלייכע רעכט באַנוצן זיך
מיט זיי".

אַף אַזאַ אויפן, מערקט אָן דער גייסטלעכער מעליע אין זיין
„צאַוואָע" אין אָנהויב 18-טן י. ה. די סיסטעם פון אַגראַרקאָמוניזם.
באַ מעליען ווערט איר אָבער ניט געפינען קיין פּלאַן פון איבער-
בויען די געזעלשאַפט, קיין פּלאַן פון אַ נייער קאָמוניסטישער צו-
זאַמענלעבונג. מעליע איז שטאַרק מיט זיין קריטיק פון רעליגיע,
קריטיק פון סאָציאַלע אומגערעכטיקייט, ער איז שטאַרק מיט זיין
פאָרמולירן די אידייע פון קאַמף מיט דער טיראַנעריי, קאַמף מיט
די רייכע, ער האָט אָבער גאָר ניט געהאַט בעדייע צו געבן אַ
וועלכן ס'איז קאָמוניסטישן פּראָיעקט פון דער צוקונפטיקער מע-
לוכע, ווי עס האָבן דאָס געטאָן אַנדערע אוטאָפּיסטן. דערמיט
אַליין, איך כאַזער דאָס איבער נאָכאַמאָל, האָבן די אידייען פונם
גייסטלעכן זשאַן מעליע אין 18-טן י. ה. פאָרגעשטעלט מיט זיך
מער ניט ווי אַן אויצער פון א דענקער. ביז באַבעפס באַווייזן זיך
אין סאָף 19-טן י.ה. האָבן מעליעס אידייען ניט געפונען קיין שום
אָפּקלאַנג. נאָר מעליע רופט זיך שוין איבער מיט באַבעפן אַפן
זעלבן אויפן, ווי באַבעף רופט זיך איבער מיט אַ גאַנצער ריי קאָ-
מוניסטן פון קומענדיקן יאָרהונדערט.

קעדיי צו קלאָר מאַכן די אידייען פון אַגראַרקאָמוניזם, דאַרף
מען זיך אָפּשטעלן אַף דער כאַראַקטעריסטיק פון דער לערע פונם
איינפלוסרייכן קאָמוניסט—אַגראַריק פון דערדאָזיקער עפּאָכע
(XVIII י. ה.). מיר מיינען דאָ מאָרעללי מיט זיין בוך „נאַטור-
קאָדעקס". מאָרעללי זעט אויך, ווי מעליע, דאָס הויפּטשלעכטס
אין דער סאָציאַלער אומגלייכקייט. ער דערקלערט דידאָזיקע אומ-
גלייכקייט מיט דער עקזיסטענץ פון פריוואַטן אייגנטום און מיינט,
אַז קודעמקאָל דאַרף מען אויסראָטן פריוואַטאייגנטום אַף ערד.
פריוואַטאייגנטום אַף ערד דאַרף לויט מאָרעללים מיינונג אין דער
צוקונפטיקער געזעלשאַפט פאַרשווינדן ווערן. אין קעגנזאַץ צו
מעליע אַרבעט ער אויס אַן אויספירלעכן פּלאַן פון דערדאָזיקער
צוקונפטיקער געזעלשאַפט. די פּראָדוציר־געצייג פון אַ האַנטווער-
קער אין דער קינפטיקער געזעלשאַפט בלייבן אָבער אַ פריוואַט
אייגנס. אין דער קינפטיקער געזעלשאַפט וועט דאָס באַאַרבעטן
די ערד, ווי אויך דאָס פאַנאַנדערטיילן די פּראָדוקטן פון דערדאָ-
זיקער אַרבעט, זיין קאָלעקטיווע, מעלוכע וועט פאַרשווינדן און אַלס
קעמערל פון פּאָליטישער אָרדענונג וועט זיין די פאַמיליע. דער
עלטסטער אין דער פאַמיליע איז דער פּאָליטישער מאַכטטרעגער.
קלאָר, אַז מאָרעללי באַטראַכט די פויערישע פאַמיליע אַלס יעסאָד.
די פויערשע פאַמיליע איז דאָס קעמערל פון דער קינפטיקער
געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג. עס וועט ניט זיין אומנוצלעך צו
איבערגעבן דעם לעזער איניקע יעדיעס וועגן דעם, ווי מאָרעללי
האָט זיך פאָרגעשטעלט קאָנקרעט די קינפטיקע געזעלשאַפט.

מיר וועלן ברענגען צוויי—דריי קאַפּיטלען פון מאָרעללים
„נאַטורקאָדעקס".

---

## אַ מוסטער פון געזעצגעבונג אין העסקעם מיט די קאַוואָנעס פון דער נאַטור.

איך גיב דעמדאָזיקן אָנוואָרף פון געזעצן אין דער פאָרם
פון אַ הויסאָפּע און אָן אַ פּלאַן, ווייל, צום אומגליק, איז אַ
גרויסער עמעס, אַז אין אונדזערע טעג וואָלט קימאַט אומעגלעך
געווען צו גרינדן אַזאַ מין רעפּובליק.

לויט דעמדאָזיקן טעקסט, וועלכער נויטיקט זיך ניט אין
לאַנגע קאָמענטאַרעס, וועט יעדער פאַרשטענדלעכער לעזער קענען
אורטיילן, פון וויפל אומגליקן וואָלטן מענטשן לייז געוואָרן דורך
דידאָזיקע געזעצן. איך האָב שוין דערוויזן אויבן, אַז פאַר די
ערשטע געזעצגעבער איז געווען גרינג צו מאַכן אַזוי, אַז די פעל-
קער זאָלן ניט וויסן פון קיין אַנדערע געזעצן; אויב מיינע באַ-
ווייזן זיינען גענוגנדיק, האָב איך מיין ציל דערגרייכט.

איך האָב ניט די האָזע צו פּרעטענדירן אַף איבערמאַכן די
מענטשהייט, נאָר איך בין גענוג דרייסט צו זאָגן דעם עמעס,
ניט אָפּשרעקנדיק זיך פאַר די געשרייען פון יענע, וועלכע האָבן
פאַר אים מוירע, ווייל זיי זיינען פאַרינטערעסירט צו אָפּנאַרן די
מענטשהייט אָדער האַלטן זי אין די ראַמען פון טאָעסן, אין וועל-
כע זיי זיינען אַליין איינגעשלאָסן.

## די הייליקע הויפּטגעזעצן, וועלכע וואָלטן אויסגעריסן מיטן וואָרצל די פעלערן און יעטווידער שלעכטס אין דער געזעלשאַפט.

I.

אין דער געזעלשאַפט וועט קיין זאַך ניט געהערן באַזונדער
אָדער איבערגיין אַלס אייגנטום צו וועמען עס איז, אויסער די
זאַכן, מיט וועלכע ער וועט ווירקלעך זיך באַנוצן פאַר זיינע
אייגענע באַדערפענישן און פאַרגעניגן אָדער פאַר זיין טאָגטעג-
לעכער אַרבעט.

II.

יעדער בירגער וועט זיין אַן אַמטלעכע פּערזאָן, וועלכער
וועט זיך דערנערן, אויסגעהאַלטן ווערן און זיך באַשעפטיקן מיט
אַרבעט אַף דער געזעלשאַפטלעכער רעכענונג.

III.

יעדער בירגער דאַרף מיטווירקן פון זיין זייט לעטויוועס דער געזעלשאַפט לויט זיינע קריכעס, באַגאַבטקייט און עלטער. אָפּהענגיק פון דעם וועלן באַשטימט ווערן זיינע פליכטן אין העסקעם מיט די צוטייל געזעצן.

## געזעצן פון צוטיילן אָדער ווירטשאַפטלעכע.

I.

קעדיי אַלץ זאָל פאָרקומען אין אַ מוסטערהאַפטיקער אָרדענונג, אָן פלאָנטער און אָן צוטומלטקייט, וועט יעדער נאַציע רעגיסטרירט און פאַנאַנדערגעטיילט ווערן לויט פאַמיליעס, שטאַמען און לויט די שטעט, און אויב זי איז אַ פילצאָליקע, איז אויך לויט די פראָווינצן.

II.

יעדער שטאַם וועט באַשטיין פון אַ גלייכער צאָל פאַמיליעס, יעדער שטאט—פון אַ גלייכער צאָל שטאַמען א. א. וו.

III.

אַף וויפיל עס וועט פאַנאַנדערוואַקסן זיך די נאַציע, וועלן פראָפּאָרציאָנעל זיך פאַרגרעסערן די שטאמען און שטעט, נאָר ביז דאַן, ביז וואַנען מען וועט ניט קענען פון דעמדאָזיקן צוווּקס בילדן נייע שטעט, וועלכע זאָלן זיין אַף אַזויפיל באַפעלקערט, ווי די איבעריקע (זע די געזעצן וועגן שטאָטישער וואָילאייגריכטונג V און די געזעצן וועגן כאַסענעס XII).

IV.

די צאָל צען און אירע טיילער וועלן זיין די גרונטלאַגע פון יעדער בירגערלעכער זאַכן- אָדער פערזאָנענצוטיילונג, מיט אנדערע ווערטער, אַלע רעגיסטראַציעס, יעדע פאַנאַנדערטיילונג אַף קלאַסן, יעדע מאָסטיילונג א. א. וו. וועלן זיין אין צענערטיילן.

V.

אַף יעדער צענדליק, הונדערטער א. א. וו. בירגער וועט זיין אַ געוויסע צאָל אַרבעטער פון יעדער פאַך, פראָפּאָרציאָנעל צו דער שווערקייט פון זייער אַרבעט און צו דעם, מיט וואָס מען דאַרף פאַרזאָרגן די באַפעלקערונג פון יעדער שטאָט, ניט פאַרמאַטערנדיק צופיל דידאָזיקע אַרבעטער,

VI.

קעדיי צו רעגולירן דאָס פאַנאַנדערטיילן די שאַפונג פון דער נאַטור און פון קונסט, וועט גענומען ווערן אין באַטראַכט, עשטנס, אַז עס זיינען דאָ שאַפונגען ל אַ נ ג ד ו י ע ר נ ד י ק ע, ד. ה. אַזעלכע וועלכע קאָנען האָבן אַ קיעם אָדער לאַנג דינען, און אַז צווישן אַלע שאַפונגען פון דעמדאָזיקן מין זיינען דאָ אַזעלכע, 1) וועלכע דינען פאַרן טעגלעכן און אַלגעמיינעם געברויך, 2) אַזעלכע, וועלכע זיינען כאָטש פאַרן אַלגעמיינעם געברויך, אָבער ניט פאַרן שטענדיקן, 3) אַנדערע זיינען נויטיק שטענדיק נאָר אַ געוויסער פערזאָן און פאַר די איבעריקע פון צייט צו צייט, 4) אַנדערע זיינען קיינמאָל ניט קיין קעגנשטאַנד ניט פאַרן שטענדיקן, ניט פאַרן אַלגעמיינעם געברויך — דאָס זיינען אַזעלכע שאַפונגען, וואָס דינען פאַר פאָשעטער באַפוצונג אָדער זיינען געשמאַקזאַכן. אָט די אַלע לאַנגדויערנדיקע שאַפונגען וועלן אופגעלייגט ווערן אין געזעלשאַפטלעכע מאַגאַזינעס, דערביי וועלן די איינע פאַנאַנדערגעטיילט ווערן טעגלעך, אָדער אין געוויסע טערמינען אַלע בירגער אַף צו דינען די געוויינטלעכע לעבנבאַדערפעניש און אַף אַ מאַטעריאַל פאַר אַרבעט פון פאַרשיידענע פראָפעסיעס, און די אַנדערע וועלן איבערגעגעבן ווערן די פערזאָנען, וועלכע באַנוצן זיך מיט זיי.

VII.

צווייטנס, וועט זיין געווענדעט די אופמערקזאַמקייט אַף דעם, וואָס עס זיינען דאָ שאַפונגען פון נאַטור אָדער פון קונסט, וועלכע ה אָ ב ן נ י ט ק יי ן ל אַ נ ג ן ק י ע ם: דידאָזיקע זאַכן וועלן געבראַכט ווערן אַף געזעלשאַפטלעכע פלעצער און דאָרטן פאַנאַנדערגעטיילט ווערן דורך די פערזאָנען, וואָס פאַרוואַלטן מיט זייער באַאַרבעטונג אָדער צוגרייטונג.

VIII.

דידאָזיקע שאַפונגען פון יעטווידער אַרט וועלן גענומען ווערן אַף אַ רעכענונג, און זייער צאָל וועט זיין גלייך אין פאַרהעלטעניש אָדער מיט דער צאָל בירגער פון שטאָט, אָדער מיט דער צאָל פון יענע, וועלכע וועלן זיי געברויכן. די פון די שאַפונגען, וועלכע ווערן ניט קאַליע, וועלן לויט דיזעלבע קלאָלים עפנטלעך פאַנאַנדערגעגעבן ווערן, און זייערע מויסרעס וועלן אָפּגעלייגט ווערן אין רעזערוו.

IX.

אויב די צאָל זאַכן נאָר פון פאַרגעניגן, וועלכע ווערן געברויכט פון אַלע אָדער פון אייניקע פערזאָנען, וועט אָפּקומען אַף אַזויפיל, אַז זי וועט זיך אַרויסווייזן פאַר ניט גענוג, און עס קאָן מעגלעך זיין, אז עס וועט אויספעלן, כאָטש מער ניט, ווי פאַר אייניינציקן בירגער, דאַן ווערט יעדע פאַנאַנדערטיילונג אָפּגעשטעלט, אָדער די פאַרזאָרגונג מיט דידאָזיקע זאַכן קומט פאָר אין אַ קלענערער מאָס ביז וואַנען דער מאַנגל וועט פאַרפולט ווערן. מען וועט, אָבער, זיך דאַרפן שטאַרק אָפּהיטן, אַז אַזעלכע פאַלן זאָלן ניט געשען בענויגייע זאַכן, וואָס זיינען נויטווענדיק פאַר אַלעמען.

X.

דער איבערפלוס אין רעזערוון פון יעדער שטאָט, יעדער פּראָווינץ וועלן אָפּגעשיקט ווערן אָדער אין יענע ערטער, וווּ זיי קענען זיך אַרויסווייזן פאַר ניט גענוג, אָדער וועלן באַהאַלטן ווערן אַף די שפּעטערדיקע באַדערפעניש.

XI.

לויט די ה יי ל י ק ע ג ע ז ע צ ן, וועט קיין זאַך ניט פאַרקויפט ווערן און ניט געטוישט ווערן צווישן די מיטבירגער. אַף אַזאַ אויפן, וועט, צ. ב. ש., יענער, וועלכער דאַרף האָבן וואָסער ניט איז גרינס, געמיזע אָדער פרוכטן, גיין נאָך דאָס, וואָס עס איז אים נויטיק בלויז אַף איין טאָג. אָפן געזעלשאַפטלעכן פלאַץ

וווּהין דיִדאָזיִקע זאַכן וועלן געבראַכט ווערן דורך די פּערזאָנען, וועלכע אַרבעטן דאָס אויס. אויב איינער האָט נויטיִק ברויט, וועט ער גיין, אַף צו פֿאַרזאָרגן זיִך דערמיט אַף אַ באַשטיִמטער צייט, צו יענעם, וועלכער עס באַקט עס, און יענער איִן זיין ריי וועט קריִגן איִן געזעלשאַפֿטלעכן מאַגאַזיִן די מאָס מעל, וועלכע עס איִז נויטיִק אַף ברויט, וואָס ער דאַרף אויסבאַקן אַף איינעם אָדער עטלעכע טעג. ווער עס וועט דאַרפֿן האָבן קליידונג, יענער וועט זי באַקומען באַ דעם, וועלכער נייט זי; דער שניידער וועט נעמען דעם נויטיִקן מאַטעריאַל באַ יענעם, ווער עס פֿאַבריִציִרט איִם, און דער לעצטער וועט באַקומען דעם נויטיִקן רוישטאָף פֿון מאַגאַזיִן, וווּהיִן עס ברענגען איִם די פּערזאָנען, וועלכע דערווערבן איִם. דיִזעלבע אָרדענונג וועט זיך פּראַקטיִקיִרן אויך בענויגייע אַנדערע זאַכן, וועלכע עס וועלן פֿאַנאַנדערגעגעבן ווערן יעדן פֿאַמיִליעפֿאָטער פֿאַר זיין אייגענעם געברויך אָדער פֿאַרן געברויך פֿון זיינע קיִנדער.

XII.

אויב אַ נאַציִע העלפֿט דער שכיינעסדיִקער אָדער אַ פֿרעמדער נאַציִע מיִט פּראָדוקטן פֿון איִר לאַנד, אָדער זי באַקומט אַזאַ היִלף פֿון זיי, וועט דערדאָזיִקער האַנדל פֿאָרקומען דורך אַן אויסטויש און מיִט דער פֿאַרמיִטלונג פֿון די בּיִרגער, וועלכע וועלן וועגן אַלץ אָפּגעבן אַן עפֿנטלעכן באַריִכט. דערבּיי אָבער וועלן אָנגענומען ווערן אַלע מיִטלען, אַז אַזאַ האַנדל זאָל ניִט ברענגען מיִט זיִך דאָס מיִנדסטע פּריִוואַטאייגנטום.

## אַגראַרגעזעצן.

I.

יעדע שטאָט וועט האָבן איִר טעריִטאָריִע, אַף וויִפֿל עס איִז מעגלעך איִן איין טכום און איִן אַ מער מעגלעכער ריִכטיִקער פֿאָרם, דערבּיי ניִט אַלס פּריִוואַטאייגנטום, נאָר איִן דער גרויס, וואָס זאָל זיין גענוּג אַף צו דערנערן אירע איינוואָינער און אַף צו געבן אַ באַשעפֿטיִקונג די פּערזאָנען, אַף וועלכע עס וועט אַרופֿגעלייגט ווערן דאָס באַאַרבעטן די ערד.

II.

אויב אַ שטאָט וועט זיִך געפֿיִנען אַף אַן אומפּרוכטבאַרן באָדן, וועט מען זיִך דאָרטן באַשעפֿטיִקן מיִט האַנטווערקעריי, און די שכיינעסדיִקע שטעט וועלן ליִפֿערן איִרע איינוואָינער פּראָוויִזיִע. דאָך וועט דיִדאָזיִקע שטאָט אומבאַדיִנגט האָבן, צוגלייך מיִט אַנדערע, איִר קאָרפּאָראַציִע פֿון ע ר ד אַ ר ב ע ט ע ר, — אָדער אַף אַרויסציִען פֿון איִר טעריִטאָריִע אַלץ, וואָס עס איִז נאָר מעגלעך, אָדער אַף העלפֿן באַם באַאַרבעטן די ערד פֿון די שכיינעסדיִקע שטעט.

III.

יעדער בּיִרגער אָן אויסנאַם וועט זיין פֿאַרפֿליִכטעט איִן עלטער פֿון 20 בּיִז 25 יאָר צו באַשעפֿטיִקן זיִך מיִט ערדאַרבעט, סיידן איִם וועט באַפֿרייען דערפֿון אַ וועלכע עס איִז שוואַכקייט.

IV.

איִן יעדער שטאָט וועט דערדאָזיִקער קאָרפּוּס יוגנט, וועלכער וועט באַשטיִמט זיין פֿאַר ערדאַרבעט, באַשטיין פֿון ערדאַקערער, גערטנער, פּאַסטוכער, האָלצהעקער, ערדגראָבער, טראַנספּאָרטיִרער מיִט פֿורן און אַפֿן וואַסער, בּויער, שטיינהאַקער, שמיִדן און אַנדערע פּראָפֿעסיִעס, וועלכע האָבן אַ שאַיכעס צו בויאַרבעט. די יונגע לייט, וועלכע וועלן איִן פֿאַרלויף פֿון דער באַשטיִמטער צייט זיִך באַשעפֿטיִקן מיִט איינעם פֿון די זעקס פֿאַכן, וועלכע זיינען דאָ דערמאָנט צום ערשטן, וועט געגעבן ווערן די מעגלעכקייט וואַרפֿן איִם, קעדיי צו נעמען זיִך פֿאַר דעם פֿאַך, אַף וועלכן זיי האָבן זיִך פֿריִער געלערנט, אָדע בלייבן באַ ערדאַרבעט, בּיִז וואַנען די קויכעס וועלן זיי עס דערלויבן.

---

אַזאַ שטעלט זיִך פֿאָר מאָרעללי יענע געזעלשאַפֿטלעכע אָרדענונג, ווו עס וועט ניִט זיין קיין פּריִוואַטאייגנטום אַף ערד. כאַראַקטעריִסטיִש איִז אָבער פֿאַר מאָרעללין, וואָס זיין פּלאַן איִז ניִט קיין רעזולטאַט פֿון וועלכע עס איִז היִסטאָריִשע פּראָצעסן איִן דער געזעלשאַפֿטלעכער אַנטוויִקלונג. זיין איִדעאַלער נאַטורקאָדעקס איִז אַ געזעצבוך, וואָס ליִגט איִן דער נאַטור און וואָס דער אַווטאָר האָט עס אויפֿגעכאַפּט און באַאַרבעט איִן פּאַראַגראַפֿן. דערדאָזיִקער פּלאַן—די אַנטפּלעקונג פֿון סייכל, קאָן פֿאַרוויִרקלעכט ווערן דורך דעם גוטן וויִלן פֿון אַ געזעצגעבער.

אַזאַ איִז איִן אַלגעמיין און אינגאַנצן געגומען דער געדאַנקענגאַנג פֿון דעם דריִטן, וועלכער האָט געהאַט דעם גרעסטן איינפֿלוס אַף דער געזעלשאַפֿט פֿון 18-טן יאָרהונדערט—דענקער מאַבּליִ. דער לעצטער, ווי די אַנדערע אַגראַריִקעס, האַלט, אַז דער הויפּטבייז איִז דאָס פּריִוואַטאייגנטום אַף ערד. ווי נאָר עס איִז לויט דעם וויִלן פֿון די שלעכטע איינגעשטעלט געוואָרן פּריוואַט ערדאייגנטום, אַזוי איִז אַנטשטאַנען די סיִבּע פֿון געזעלשאַפֿטלעכע אומגליִקן. „וויִלט איִר—פֿרעגט ער—וויִסן די סיִבּע פֿון אַזעלכע זאַכן, ווי קאַרגקייט, ערגייציִקייט און באַריִמעריי? זוכט איִן פּריִוואַטאייגנטום אַף ערד". ווו איִז דער אויסגאַנג? —פֿרעגט מאַבּליִ: „דאַרף מען פֿאָרלייגן צו איינפֿיִרן גלייכע פֿאַרמעגנס?" דאַכט זיִך, אַז אויב פּריִוואַטאייגנטום איִז שלעכט, דאַרף מען ענטפֿערן אַף דער פֿראַגע פּאָזיִטיִוו. גיִט אָבער מאַבּליִ אַ נעגאַטיִוון ענטפֿער.

דער בייז איִז צו אַלט—באַהויפּט מאַבּליִ—מען זאָל האָבן אַ האָפֿענונג צו אויסהיילן איִם. קעדיי איִן דעם עפּעס צו אויפֿטאָן, וואָלט מען געדאַרפֿט צושטערן פּריִוואַטאייגנטום איִן אַלע זיינע פֿאָרמען און, אַלזאָ, די גאַנצע געזעלשאַפֿט. נאָר אַף אַזאַ אויפֿן וואָלט צושטערט געוואָרן די פּערזענלעכע פֿרייהייט, „וועלכע עקזיסטיִרט גאַנץ גוט אָן פּריִוואַטאייגנטום אַף ערד און וועלכער ס'איִז דאָך גענוג אַף צו זיין דער פֿונדאַמענט פֿון דער געזעלשאַפֿט".

אַזוי האָט געאורטיילט די מערהייט אַגראַריִקעס-קאָמוניסטן פֿון XVIII י. ה. איינִיקע פֿון זיי זיינען אַריינגעפֿאַלן איִן פֿאַרצווייפֿלונג. זשאַן מעליע האָט פֿאַרענדיִקט מיִט זעלבסטמאָרד, אומברענגענדיִק זיִך דורך הונגער. כאַראַקטעריִסטיִש איִז, וואָס מיִט אָפּזאָגן זיִך פֿון פּראַקטיִשער טעטיִקייט צייכנט זיִך אויס דער גלענצנ-

דיקער פילאָזאָף פון XVIII י. ה. זשאַן זשאַק רוססאָ, דערדאָזיקער אידעאָלאָג פון דער קליינבורזשואַזיע, דער פאָטער פון אַלע „אויסגלייכער" אין דער צווייטער העלפט פון יאָרהונדערט. זש.-זש. רוססאָ האָט אויך איינגעזען דעם הויפטבייז אין פּריוואַטאייגנטום אַף ערד, אָבער עס איז ניטאָ קיין אויסגאַנג, און אַף וויפל דאָס פּריוואַטאייגנטום עקזיסטירט, דאַרף מען דערויף איינגיין. געוויינטלעך, זאָגן זיי אַלע, ווען עס וואָלט זיך געפונען אַ קלוגער געזעצגעבער און וואָלט אויסראָטן פּריוואַטאייגנטום, וואָלט אַלץ אַרויסגעקומען גרויסאַרטיק, נאָר, צום באַדויערן, באַווייזן זיך געניאַלע געזעצגעבער זייער זעלטן אין דער געשיכטע, און פּריוואַטאייגנטום אַף ערד בלייבט אומפאַרמיידלעך, צוזאַמען מיט אים בלייבט דאָס גאַנצע עקזיסטירנדיקע שלעכטס. דערביי האָבן די אַגראַרניקעס—קאָמוניסטן, מיטן אויסנאַם פון מעליע, וועלכער איז געווען אַ רעוואָלוציאָנער, צוזאַמענגעשטעלט פּראָיעקטן און פּראָגראַמען פון רעפאָרמען, וועלכע זיינען, נאָך אַלעמען, געווען ניט קיין באַדייטנדיקע און זיינען באַשטאַנען אין איינפירן שטייערן אַף די רייכע און אין קעמפן קעגן לוקסוס.

אָט אַזאַ איז אין לעצטן סאַכאַקל די פּראַקטישע הילפלאָזיקייט פון די אַגראַרניקעס-קאָמוניסטן פון XVIII י. ה.

צום שלוס וועלן מיר געבן אַ קורצע כאַראַקטעריסטיק נאָך פון איינעם אַן אַגראַרניק-קאָמוניסט, פון דעם ענגלענדער טאָמאַס ספּענס. ער איז געבוירן אין יאָר 1750, און אין זיין ווערק „די ווירקלעכע רעכט פון אַ מענטשן", וועלכע איז דערשינען אין יאָר 1803, מאַכט ער אַ פאַרזוך אַף אַ קאָמוניסטישן אויפן צו דערגיין אין אויסגעפינען די מעגלעכקייט צו אויסראָטן יענע סאָציאַלע ווידערשפּרוכן, וועלכע האָבן עקזיסטירט אין ענגלאַנד אין דער עפּאָכע פון אינדוסטריעלער איבערקערעניש. טאָמאַס ספּענס, ווי מעליע, מארעללי, מאַבלי און די אַלע אַגראַרניקעס, זעט דעם הויפטבייז אין דער עקזיסטענץ פון פּריוואַטאייגנטום אַף ערד. ער פאָרמולירט דאָס זייער שאַרף: „אויב מיר זאָלן אַ קוק טאָן אָפן אָנהויב פון די איצט עקזיסטירנדיקע נאַציעס, וועלן מיר זען, אַז די ערד מיט אַלץ, וואָס אַף איר איז, איז פאַרכאַפּט געוואָרן דורך אַ קליינער צאָל מענטשן, וועלכע האָבן זי צוטיילט צווישן זיך מיט אַזאַ רויִקן געוויסן, פּונקט ווי זיי וואָלטן זי פאַבריצירן אָדער זי וואָלט געווען אַ ווערק פון זייערע הענט". אַלץ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פּריוואַטאייגנטום: ערד, וואַסער, בערגפעלזן, סטעפּעס. מענטשן, אָפּגעבנדיק זייער אייגנס די רייכע, זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אי זייערע קנעכט, און די הערן, צאָלנדיק זיי גראָשנס פאַר זייער שווערער פּראַצע, האַלטן זיך נאָך פאַר זייערע באַלעטווועס. אָבער אויך באַ דעם ענגלענדער ספּענס האָבן מיר צוגלייך מיט דער גלענצנדיקער קריטיק אָרעמע פּראָיעקטן פון רעפאָרמען.

אַף וואָס פאַר אַ סאָציאַלן פונדאַמענט איז אַנטשטאַנען דער אַגראַרקאָמוניזם פון XVIII י. ה.? אַ פראַגע, וואָס מוז אונדז אינטערעסירן, קעדיי מיר זאָלן קאָנען ווייטער פאַרשטיין, ווי עס האָבן זיך געביטן די קאָמוניסטישע סיסטעמען, און דעם ניצאָכן פון דער וויסנשאַפט איבער דער אוטאָפּיע.

מיטן ניצאָכן פון קאַפּיטאַליזם איז אַלץ געוואָרן אַ סכוירע: סאַי מענטשן, סאַי זאַכן. אַזאַ איז געווען דער רעזולטאַט פונם ניצאָכן פון דער סכוירעווירטשאַפט פון קאַפּיטאַליזם, מיט וועלכן די דאָזיקע אַגראַרניקעס האָבן געהאַט צו טאָן אין XVIII י. ה. נאָר דאָס איז נאָך געווען האַנדלקאַפּיטאַליזם, ווען עס איז נאָך ניט געווען קיין פאַבריקאינדוסטריע, ניט געווען קיין אַרבעטערקלאַס און קיין מאַשינען. אין אַלגעמיין געזאָגט, זיינען די קאָמוניסטישע אידייען פון היינטיקער אייראָפּע אַ רעזולטאַט פון אַנטוויקלונג פון דער געלטווירטשאַפט. זיי האָבן אויפגעבליט אין דער עפּאָכע פון די פויערישע מילכאָמעס, ווען אַדאַנק דער אַנטוויקלונג פון האַנדלקאַפּיטאַליזם, זיינען ראַדיקאַל צושטערט געוואָרן די יעסוידעס פון דער נאַטורעלער ווירטשאַפט אין דאָרף. די קאָמוניסטישע אידייען האָבן אויפגעבליט צוזאַמען מיטן וווּקס פון פאָלקראַלעס אין דער עפּאָכע פון האַנדלקאַפּיטאַליזם (XV VIII י. ה.), די ערד איז געוואָרן פּריוואַטאייגנטום, אַ האַנדלזאַך. די פויערים ווערן אַראָפּגעטריבן פון זייערע ערד, די בורזשואַזיע וואַקסט אָפּן כעשבן פון צורויִנירטע מיליאָנען, די גוטבאַזיצער-סעניאָרן הערן ניט אויף צו ראַבירן, און אַלס אַן ענטפער דינט דער אַגראַרגעזעץ פון איינִיקע דענקער. דידאָזיקע סיסטעם איז אַ אַ פּויעליויצע פון קאַפּיטאַליזם, נאָר די אוטאָפּיסטן זעען נאָך ניט דעם קאַפּיטאַליזם, דער גאַנצער בייז איז, לויט זייער מיינונג, אין דעם עקזיסטירנדיקן פּריוואַטאייגנטום אַף ערד, אינם דאָזיקן ברעכן דעם געזעץ פון דער נאַטור מיצאַד די ביי־זוויליקע. זייערע בליקן זיינען געווענדעט אַף צוריק, צו דער עפּאָכע פון נאַטורעלער ווירטשאַפט, ווען עס איז ניט געווען קיין אויסטויש, ווען דער געמיינדישער ערדבאַזיץ און די געמיינדישע ערדבאַאַרבעטונג זיינען געווען דער פונדאַמענט פון דער געזעלשאַפט. די „גילדערנע עפּאָכע" איז באַ זיי אין דער פאַרגאַנגענהייט. פון דאַנען נעמט זיך די הילפלאָזיקייט און די רעאַקציאָנערישקייט פון 18-טן י. ה.

צווישן דער עפּאָכע פון אַגראַרקאָמוניזם און דער שפּעטערדיקער עפּאָכע פון 19-טן י. ה. דינט אַלס אָפּטיילגרענעץ די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע. מיר וועלן גאָרנישט ניט פאַרשטיין אין דער געשיכטע פון קאָמוניסטישער באַוועגונג אין 19-טן י. ה., אויב מיר וועלן ניט אויסנוצן די דערפאַרונג פון דער גרויסער רעוואָלוציע אַלס לאַבאָראַטאָריע פון סאָציאַלע אידייען. וואָס האָט די בורזשואַזיע רעוואָלוציע געגעבן דעם קאָמוניזם? קוידעמקאָל האָט זי אַרויסגערוקט, געשטעלט אין טאָגאָרדענונג פון קאָמוניזם די פּראָבלעם פון רעוואָלוציע. זאָל זיין, אַז די אוטאָפּיסטן פון 19-טן י. ה. – סען סימאָן, פוריע, אָווען א. א. זיינען געווען סאָנים פון רעוואָלוציע, זיי זיינען אָבער געצוווּנגען געווען צו שטעלן די דאָזיקע פראַגע און זי לייזן. פון דער גרויסער פראַנצויזישע רעוואָלוציע האָבן געצויגן די יעניקע די שפּעטערדיקע קאָמוניסטישע סיסטעמען. מיר וועלן דעריבער שענקען אַ ביסל אויפמערקזאַמקייט די דערפאַרונג פון דער רעוואָלוציע און די לעקציעס פון דער בורזשואַזער רעוואָלוציע פאַר די קומענדיקע דוירעס פון די פּראָלעטאַרישע אידעאָלאָגן.

די רעוואָלוציע אַליין האָט קיין שום געמיינזאַמקייט ניט געהאַט מיטן קאָמוניזם, אַפילע אין פּערזאָן פון די סאַמע עקסטרעמע לינקע יאַקאָבינער. דער עקסטרעמסטער פון די עקסטרעם-

לינקע, דער „וואנזיניקער״ זשאַק רו, איז געווען א סוינע דעם קאָמוניזם און דעם אַגראַרגעזעץ. עמעס, ער האָט טאַקע געקלערט וועגן קאַמף מיט די רייכע, אָבער וועגן קאָמוניזם איז גאָר קיין רייד ניט געווען. אָט איז אייגנטלעך די פילאָזאָפיע פון זשאַק רו: „עס איז ניטאָ וואָס צו מוירע האָבן פאַרן האַס מיצאַד די רייכע, ד. ה. די בייזוויליקע, מען דאַרף מיט אלץ אָפּפערן פאַרן גליק פון פאָלק״. זשאַק רו איז געווען אומצופרידן מיט דער דעמאָקראַטישער קאָנסטיטוציע פון 1793-טן יאָר, ווייל די געזעצגעבער האָבן ניט פאַרורטיילט דעם אַזשיאַטאַזש, זיי האָבן ניט אַרויסגעטראָגן קיין אורטייל קעגן די אויפקויפער און מאָנאָפּאָליסטן. אָבער ווייטער גייט ער ניט. קאַמף מיט די ספּעקוליאַנטן — דאָס איז דער סאָציאַלער אינהאַלט פון זיין פּראָטעסט: „ביז וואנען וועט איר דולדן, אַז די גוירים, די עגאָיסטן, זאָלן זיך אָנטרינקען פון באַגילדעטע בעכערס מיטן ריינסטן בלוט פון פאָלק?״.

נאָר זשאַק רו פאַרגעסט ניט דעם אונטערשייד צווישן פריוואַטן-האַנדל און מאַראָדיעריי. זשאַק רו דערווידערט ניט קעגן פריוואַטאייגנטום, נאָר דערווידערט קעגן אומערלעכן האַנדל, קעגן מאַראָדיעריי. ער איז גרייט צו אויפהענגען עטלעכע ספּעקוליאַנטן, נאָר ער האָט ניט בעדייע צו ברעכן דאָס הייליקע רעכט פון פריוואַטאייגנטום. אין פערזאָן פון די מער לינקע יאַקאָבינער האָבן מיר צו טאָן נאָר מיט אַ קאַמף קעגן די מיסברויכן פון קאַפּיטאַליזם. אַף אזאַ שטאַנדפונקט זיינען געשטאַנען די פירער פון דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע אין יענער עפּאָכע, צווישן זיי אויך מאַראַט, וועלכער האָט ניט ווייניק געגעבן דעם צוקונפטיקן רעוואָלוציאָנערן קאָמוניזם. קידעמקאָל איז מאַראַט, ווי זשאַק רו, בשום אויפן ניט קיין סוינע פון פריוואַטאייגנטום; ער איז מער ניט אַ סוינע די מיסברויכן אין האַנדל, אַ סוינע די בייזוויליקע גווירים. וועגן דעם רעט ער אין איינעם פון זיינע אַרטיקלען: „אַ ביטע צו די פאָטערס סענאַטאָרן, אָדער באַגרינדעטע פאָדערונגען פון די, וואָס האָבן גאָרניט, בא די, וואָס האָבן אַלץ״. ער האָט דערוויזן, אַז מיטן ניצאָכן פון דער בורזשואַזיע אין דער רעוואָלוציע האָבן די מאַסן גאָר ניט באַקומען. מאַראַט באַטראַכט די רעוואָלוציע, ווי אַ קאַמף פון קלאַסן און דערדאָזיקער געדאַנק איז פאַר אונדז אויסערגעוויינטלעך וויכטיק. אַזוי לעמאָשל, דערוויזט, מאַראַט אין אַן אַרטיקל — „אַ פּראָטעסט קעגן מיליטערישן געזעץ״, אַז, אין אַלגעמיין גענומען, קאָן די באַפרייונג פון די פאָלקמאַסן געמאָלט זיין נאָר אין רעזולטאַט פון א פאָלק-אויפשטאַנד,

דערדאָזיקער געדאַנק, וועלכן עס האָט נאָך אַרויסגערוקט מעליע, האָט באַקומען בא מאַראַטן אַן אויספירלעכע אנטוויקלונג. אונטערשטרייכנדיק דעם קלאַסנקאַמף אין דער געשיכטע פון דער גרויסער רעוואָלוציע, רעט מאַראַט ניט נאָר וועגן קאַמף פון דער בורזשואַזיע קעגן אַדל, נאָר באַהויפּט, אַז די רעוואָלוציע האָבן געמאַכט די נידעריקע קלאַסן—האַנטווערקער, אַרבעטער, קליינהענדלער און פויערים. דאָס איז די אָרעמקייט, וועלכע די רייכע רופן אָן הוליאַקעס און וועלכע די רוימער האָבן אַמאָל אָנגערופן פּראָלעטאַריאַט. די דאָזיקע מאַסע האָט געמאַכט די רעוואָלוציע.

מיר האָבן דאָ אַן אויסגעהאַלטענע קלאַסנכאַראַקטעריסטיק פון דער רעוואָלוציע. נאָר וועלכע שיכטן רופט אָן מאַראַט אַלס פּראָלעטאַריאַט? דאָס זיינען, לויט זיין מיינונג, האַנטווערקער-אַרבעטער, קליינהענדלער פויערים, מיט איין וואָרט—די נידעריקע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. מאַראַט איז אין זיינע אַרטיקלען בעשום אויפן ניט געווען קיין קאָמוניסט, נאָר ער האָט זיך געשטיצט אַפן מיטגעפיל מיצאַד די נידעריקע שיכטן פון די אַרבעטער, וועלכע האָבן אין יענער צייט נאָך ניט פאָרמולירט זייער טעאָריע, פון דעסטוועגן אָבער האָבן זיי געפילט דעם קלאַסנטהאָס צווישן זיך און דער בורזשואַזיע. מיר וועלן ציטירן איינעם פון די בריוו פון די אַרבעטער צו מאַראַטן. אין דעמדאָזיקן בריוו שרייבן זיי:

„מיר האָבן אויסגעשעפּט אונדזערע קויכעס, דינענדיק דער מעלוכע, מיר האָבן געהאַט צו אויסצושטיין פון אַ שלעכטע אויפירונג צו אונדז מיצאַד די עלטסטע, מיר זיינען אָפּגעשוואַכט געוואָרן פון הונגער און איבערגעמאַטערט, אונדז בלייבט אָפּט ניט קיין אַנדער אויסוועג, ווי צו דערלעבן דאָס רעשטל אונדזערע טעג אין אינוואַלידנהויז, אין דערזעלבער צייט אָבער וואוינען זיין אונדזערע וואַמפּירן אין פּאַלאַצן, טרינקען דעם איידלסטן וויין, זיצן אַף פּוכבעטן, פאָרן אַרום אין באַגילדעטע עקיפּאַזשן; אָפּגעבנדיק זיך פאַרגעניגנס, פאַרגעסן זיי אין דעם אַרומיקן לוקסוס אָן אונדזערע אומגליקן און אָפּט זאָגן זיי זיך אָפּ צו באַצאָלן דער פאַמיליע פון אַן אַרבעטער, וועלכער איז פאַרוואונדעט אָדער געהאַרגעט געוואָרן אין מיטן העלן טאָג, דעם אַרבעטלוין פאַר אַ טאָג״.

ווען אַן אַרבעטער באַטייליקט זיך אַף די באַריקאַדן אין קאַמף פאַר דער בורזשואַזער פרייהייט, פאַרגעסט דער אונטערנעמער צום סאָף טאָג צו באַצאָלן אים פאַר דעמדאָזיקן אַרבעטסטאָג, כאָטש דער אַרבעטער האָט געאַרבעט פאַר די אינטערעסן פון דער בורזשואַזיע — אַזוי דערקלערן די אַרבעטער אין זייער בריוו צו מאַראַטן.

דער קלאַסנאינסטינקט שלאָגט זיך דורך אַ וועג, געפינט אַפילע אַ פּרימיטיווע,—אָבער אַ קלאָרע פאָרמולירונג. עס איז נאָך ניטאָ קיין שום סאָציאַליסטישע אידעאָלאָגיע,—אָבער עס איז שוין ווירקלעך דאָ אַ סטיכישער קאַמף פון פּראָלעטאַריער קעגן די רייכע קלאַסן.

אַזוי האָבן זיך דורכגעשלאָגן אַ וועג אין דער עפּאָכע פון דער גרויסער רעוואָלוציע די קאָמוניסטישע פּראָלעטאַרישע אידייען. דער צוקונפטיקער וויסנשאַפטלעכער קאָמוניזם האָט געמוזט אויפנעמען די אידייען פון דער רעוואָלוציע, וועלכע האָבן זיך געלאָזן הערן אין די יאָרן 1789—1799 פון די יאַקאָבינער.

צוערשט נאָך זש. מעליע, קאָמוניסטן-אַגראַרניקעס און די יאַקאָבינער האָבן זיך די אידייען פון איבערבילדן קאָמוניסטיש די געזעלשאַפט און פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף פאַראייניקט אין אַן איינהייטלעכער סיסטעם בא ג. באַבעפן. אָט פאַרוואָס מיר האַלטן ג. באַבעפן פאַר אונדזער פאָרגענגער, ווייל טאַקע נאָר בא אים איז די דאָזיקע אידייע צוזאַמען מיט די אידייען פון אַגראַרקאָמוניזם (ווייל פאַקטיש איז ער געווען אַן אַגראַרניק און

האָט געהאַלטן פֿאַר נויטיִק אויסצוראָטן, קוידעמקאָל, פּריוויאַטאייגנטום אַף ערד)—באַ אים איז דידאָזיִקע אידייע צונויפֿגעפֿאָרט מיט דער אידעע פֿון רעוואָלוציאָנערן קאַמף, מיט דער אידייע פֿון שאַפֿן אַ רעוואָלוציאָנערע דיקטאַטור, אַלס אַ מיטל צו פֿאַרווירקלעכן דעם קאָמוניזם.

ג. באַבעף, איבערגעבנדיִק דעם מעהוס פֿון זיין דאָקטרינע, איז אַרויס פֿון דיזעלבע האַנאָכעס, וואָס זיינע פֿאָרגענגער. „דער ציל פֿון דער געזעלשאַפֿט—שיצן די גלייכקייט, וואָס די נאַטור האָט געשענקט. די אַרבעט און דער געברויך אין דער צוקונפֿטיקער געזעלשאַפֿט דאַרפֿן זיין אַלגעמיינע פֿאַר אַלע. קיינער קאָן ניט אַריינכאַפּן ערד אָדער אינדוסטריעאייגנטום אויסשליסלעך פֿאַר זיך, ניט באַגייענדיִק מיט דעם גופֿע אַ פֿאַרברעכן. אין אַן עמעסער געזעלשאַפֿט דאַרף ניט זיין ניט קיין רייכע, ניט קיין אָרעמע. די רעוואָלוציע איז נאָך ניט פֿאַרענדיקט, ווייל די רייכע פֿאַרכאַפּן אַלדאָסגוטס און די מאַכט איז אויסשליסלעך באַ זיי, אין דער צייט, ווען די אָרעמלייט האָרעווען ווי עמעסע קנעכט“...

פֿון דאַנען מאַכט באַבעף פֿאָלגנדיִקן אויספֿיר: נאָר די דעמאָקראַטישע קאָנסטיטוציע פֿון יאָר 1793 פֿאַרפֿליכט יעדן בירגער צו אופשטעלן און צו שיצן דעם ווילן און גליק פֿון פֿאָלק, זי דאַרף זיין דער מיטל און דער יעסאָד פֿון דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפֿט.

מעליע האָט געטרוימט וועגן קאַמף מיט די טיראַנען, און נאָר באַ באַבעפֿן, וועלכער האָט אַליין געזען די אַגראַראומרוען פֿון דער גרויסער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע, האָבן דידאָזיקע טרוימען אָנגענומען אַ כאַראַקטער פֿון אַן איינהייטלעכער פּראָגראַם. אין באַבעפֿס פֿאַרשווערונג האָבן זיך באַטייליקט צוויי גרופּן: די ראַדיקאַלן, יאַקאָבינער, אָנהענגער פֿון ראָבעספּיערן און די קאָמוניסטן-אָנהענגער פֿון באַבעפֿן, מאָרעשאַל, דאַרטע, דער וועבער אַרמאָנוויל. באַבעפֿס ניט געלונגענע פֿאַרשווערונג (1796) איז געווען די אַרבעט פֿון צוויי רעוואָלוציאָנערע גרופּן: פֿון יאַקאָבינער-דעמאָקראַטן און קאָמוניסטן. באַבעף האָט גרויסאַרטיק געוווסט, ווי אַזוי מען דאַרף פֿאַרכאַפּן די מאַכט, צו דעם צוועק איז ער אַריינגעטראָטן אין אַ בונד מיט די יאַקאָבינער. ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז די קאָמוניסטן אַליין קענען דערווייל גאָרניט ניט אופטאָן.

דער לאָזונג פֿון דער דעמאָקראַטישער קאָנסטיטוציע פֿון 1793 יאָר האָט געדאַרפֿט צוציען אַף דער קאָמוניסטישער זייט דיברייטע מאַסן פויערים, די ארבעטנדיקע און די קליינבירגערלעכע שטאָטישע מאַסן.

דעמדאָזיקן צוזאַמענהאַנג פֿון באַבעפֿס אידייען מיט דער גרויסער רעוואָלוציע קאָן מען זען פֿון זיין פֿאָלגנדיקן אַרטיקל.

„זאָלן מיר ניט פֿאַרמאַכן די אויגן צו קוקן אָפֿן אומבאַשטרייטבאַרן עמעס. וואָס שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ פּ אָ ל י ט י ש ע ר ע וו אָ ל ו צ י ע ביכלאַל, און וואָס שטעלט מיט זיך פֿאָר די פֿראַנצויזישע רעוואָלוציע ביפֿראַט?

דאָס איז אַן אָפֿענע מילכאָמע צווישן די פּאַטריציער און פּלעבעיער, צווישן די רייכע און די אָרעמע.

אַזוי ווערט אַוועקגעשטעלט די פֿראַגע אין דער אַלגעמייִנער פֿאָרם. זאָלן מיר איצט באַטראַכטן איינִיקע פֿון אירע דעטאַלן.

ווען די אומפֿאַרפֿולקאָמטע און די אומראַציאָנעלע אינסטיטוציעס פֿון אַ וועלכער ס'איז נאַציע האָבן געבראַכט דערצו, אַז די פֿאָלקמאַסע איז רויניִרט, דערנידעריקט און פֿאַרשמירט מיט אומדערטרעגלעכע קייטן; ווען די מערהייט איז דערפֿירט געוואָרן ביז אַן אומגעדולדיקער לאַגע,—דאַן ברויזט אויף געוויינטלעך אַן אופֿשטאַנד פֿון די אונטערדריקטע קעגן די אונטערדריקער. דער געפֿיל פֿון געדריקטקייט, וועלכער ווערט איבערגעלעבט אין אַזאַ לאַגע, ווערט די סיבע, וועלכע רופֿט אַרויס אַ באַוועגונג, אַן אופֿרעגונג און פּרוּוון צו אַרויסגיין פֿון דער געדריקטער לאַגע. די מאַסע הויבט זיך אָן, געוויינטלעך, צו פֿאַרטראַכטן איבער דער פֿראַגע פֿון די נאַטירלעכע רעכט פֿון אַ מענטשן. מען באַהאַנדלט זיי, מען שטעלט די פֿראַגע וועגן דעם, וואָס פֿאַר אַ כאַראַקטער האָבן דידאָזיקע רעכט געהאַט באַ אַ נאַטירלעכן מאַצעוו, און וואָס פֿאַר אַ כאַראַקטער דאַרפֿן זיי באַקומען באַם איבערגאַנג צו אַ סאָציאַלער אָרדענונג. מענטשן קומען גיך צו דער איבערצייגונג, אַז די נאַטור האָט באַשאַפֿן יעדן מענטשן אַ פֿאַרגלייכטן אין רעכט און אין באַדערפֿעניִשן מיט זיינע אַלע ברידער; אַז דידאָזיקע גלייכקייט דאַרף ניט געענדערט און ניט באַשטרייט ווערן; אַז די אינטערעסן פֿון אַ באַזונדער פּערזענלעכקייט באַם אַריינטרעטן אין געמיינזאַמען לעבן דאַרפֿן ניט ליידן קיין שאָדן; אַז די בירגערלעכע אַנשטאַלטן דאַרפֿן ניט נאָר ניט פֿאַרשווערן אַפֿן אַלגעמיינעם וואָלשטאַנד, וועלכער פֿאָדערט אומבאַדינגט עס זאָל אָפּגעהיט ווערן די גלייכקייט, נאָר זיי דאַרפֿן אויך גאַראַנטירן זיין אומבאַרירטקייט.

באַם באַטראַכטן די פֿראַגע וועגן דעם, וואָס עס דאַרף זיין, הויבן אָן מענטשן צו באַטראַכטן דאָס, וואָס עס איז.

און דאַן ווייזט זיך אַרויס, אַז די גרעסטע מערהייט מיט גלידער פֿון דער געזעלשאַפֿט איז באַרויבט אירע רעכט און לעבט איבער אַ מאַנגל אין קעגנשטאַנדן פֿון ערשטן געברויך. מען דאַרף לאַנג ניט ברעכן די קאָפּ אַף צו באַמערקן, אַז דער מאַנגל אין דעם, וואָס עס איז נויטיק, אַף וועלכן עס איז פֿאַרורטיילט דער סאַמע געזונטער, סאַמע אַרבעטזאַמער און סאַמע פֿילצאָליקער טייל פֿון פֿאָלק, איז בעשום אויפֿן ניט קיין באַדינג פֿון דער נאַטור, די לעצטע ווייזט קיינמאָל ניט אַרויס קיין אומדאַנקבאַרקייט, זי זאָגט זיך קיינמאָל ניט אָפּ מיט אַ פֿולער האַנט צו פֿאַרזאָרגן אירע אַלע קינדער מיט פּראָדוקטן, וועלכע זיינען נויטיק אַף צו עקזיסטירן. עס איז ניט איר שולד, וואָס זיי קענען ניט פֿאַנאַנדערטיילן צווישן זיך אירע גאָבן עס איז ניט איר שולד, אויב איינע פֿון זיי ווייזן זיך אַרויס אַזעלכע פֿאַרברעכער און אומפֿאַרשעמטע, אַז זיי ראַבירן, און די אַנדערע—אַזוי שוואַך אין כאַראַקטער און אַזוי פּרימיטיוו, אז זיי לאָזן זיך שערן.

אַף אַזאַ אויפֿן, ווייזט זיך גאַנץ בוילעט אַרויס, אַז די נויט באַ דער גרעסטער מערהייט דערקלערט זיך מיטן א י ב ע ר פֿ ל ו ס און מיט דער צ ו פֿ י ל רייכקייט פֿון אַן אומבאַדייטנדיקער מינדערהייט. אַלזאָ, אַ נישטיקע מינדערהייט בילדעט אין דער

מעלוכע אַ קאַסטע פֿון מאָנאָפּאָליסטן און אוזורפּאַטאָרן. די מיטגלידער פֿון דערדאָזיקער קאַסטע באַהויפּטן, אַז זיי האָבן דערגרייכט דאָס אָנגערויבטע באַ זייערע ברידער אַף אַ געזעצלעכן אויפֿן. נאָר דאָס פֿאָלק האָט זיך איינגיכן איבערגעצייגט, אַז דאָס איז פֿאָרגעקומען אַדאַנק די עקלהאַפֿטיקע אינסטיטוציעס, וועלכע זיינען געהייליקט דורך די רעגירונגען, דאַן הויבט זיך אָן אַ קריטיק איבער דער רעגירונג. דאָס פֿאָלק ווערט איבערגעצייגט, אַז די רעגירונג און די אָנגעזועענע מאָנאָפּאָליסטן זיינען צוזאַמענגעבונדן מיט אַן ענגער סאָלידאַרישקייט. איינגיכן ווערט, געוויינטלעך, קלאָר, אַז דאָס באַרויבן די מאַסן איז אַ פֿאַרוויקלטער רעזולטאַט פֿון די געזעצן, וועלכע זיינען געלייגט געוואָרן אַלס יעסאָד פֿון דער געזעלשאַפֿט; טאַקע זיי האָבן דאָס געגעבן די מעגלעכקייט דעם נישטיקן הייפֿל מענטשן אַרופֿלייגן זייער האַנט אַף אַלץ; אַף אַזאַ אויפֿן אָבער בילדן דידאָזיקע געזעצן אַ גרויזאַמען קאָדעקס פֿון רויבעריי: זיי באַרעכטיקן ניט אַף אַ האָר די קאָנצענטראַציע פֿון די קאָלעקטיווע רייכטימער אין די הענט פֿון גיריקע קאַמפּאַניעס, וועלכע האָבן זיי פֿאַרכאַפּט אויסשליסלעך פֿאַר זייער געברויך.

עס איז גענוג צו צוקוקן זיך צו די רעזולטאַטן, ניט אָנקומענדיק צו די סיבעס. עס אונטערליגט ניט קיין שום צווייפֿל, אַז אויב דער סאַמע נוצלעכער טייל פֿון אַ נאַציע איז עקספּראָפּריאירט, האָט זיך אַזאַ לאַגע געקאָנט שאַפֿן נאָר אין רעזולטאַט פֿון אַ געוויסער אויסרעכענונג, וואָס פּראַקטיש צו פֿאַרווירקלעכן זי ווערט מעגלעך אַדאַנק די ווירקלעך פֿאַראַנענע געזעצן, וועלכע באַגינסטיקן דער דורשטיקייט און דער מאַכטליבע. נאָר די ווירקונג פֿון דידאָזיקע געזעצן זיינען מערדעריש פֿאַר דער מענטשהייט; זיי צושטערן דעם עלעמענטאַרן געזעלשאַפֿטלעכן אָפּמאַך, וועלכער האָט ניט געקענט ניט גאַראַנטירן די אייביק ניט געענדערטע באַפֿרידיקונג פֿון באַדערפֿענישן פֿון אַלע געזעלשאַפֿט-מיטגלידער צוזאַמען און יעדן איינעם פֿון זיי באַזונדער. עס עקזיסטירן צוויי זאַכן, קעגן וועלכע מען דאַרף פּראָטעסטירן: קעגן די געזעצן, וועלכע הייליקן דאָס ברעכן דעם פֿונדאַמענטאַלן געזעלשאַפֿטלעכן אָפּמאַך און קעגן די רעזולטאַטן פֿון דעמדאָזיקן ברעכן. מען דאַרף איינריכטן הייליקע אינסטיטוציעס, וועלכע זאָלן אַף אייביק זיכערן יעדן מיטגליד פֿון דער גרויסער פֿאַמיליע זיינע פֿולע רעכט און די באַפֿרידיקונג פֿון זיינע באַדערפֿענישן.

אַזאַ איז, לויט אונדזער טיפֿער איבערצייגונג, דער פּינקטלעכער איינהאַלט פֿון מיליטערישן מאַניפֿעסט, וועלכער איז פּובליקירט געוואָרן אין פֿראַנקרייך אין 1789 יאָר. אָט דאָס איז די פֿייערלעכע מעלדונג פֿון די פּלעבעיער צו די פּאַטריציער און דער ערנסטער פֿאָרלאָג צום אופֿשטאַנד און רעוואָלוציע.

דידאָזיקע מילכאָמע צווישן די פּלעבעיער און די פּאַטריציער, אָדער צווישן די אָרעמע און רייכע, הויבט זיך אָן ניט נאָר פֿון יענעם מאָמענט, ווען זי איז אָפֿן דערקלערט געוואָרן. זי גייט אייביק: זי הויבט זיך אָן גלייך, ווי עס האָבן זיך באַוויזן די אינסטיטוטן, וועלכע שטרעבן צו איבערגעבן אַלע רייכטימער איינע און אָפּנעמען אַלץ באַ די צווייטע; און קאָלזמאַן עס איז ניט פּובליקירט דער מאַניפֿעסט וועגן מילכאָמע, ביז דאַן, ווייזט אויס, טראַכט ניט דער פּאַטריציאַט וועגן אָנעמען זיכערונגס-מיטלען קעגן דעם פּלעבעישן אופֿשטאַנד. די רייכע מיינען, אַז, אויסשפּילנדיק די ראָל פֿון מענטשן, וועלכע געפֿינען זיך אין פֿולער זיכערקייט, און באַמיענדיק זיך צו איבערציינגן די אָרעמע אין דער נאַטירלעכער אומאָפּווענדונג פֿון זייער לאַגע, שטעלן זיי אויף אַף אַזאַ אויפֿן, דעם סאַמע שטאַרקסטן באַריער קעגן די קאַוואַנעס פֿון דידאָזיקע לעצטע. ווען עס ווערט אָבער אויסגערופֿן אַן אָפֿענער אופֿשטאַנד און עס הויבט זיך אָן אַן אַנטשיידענער קאַמף, לאָזט אין גאַנג יעדע פֿון די צוויי פּאַרטייען אַלע צוטריטלעכע פֿאַר איר מיטלען, קעדיי איר זאַך זאָל טריומפֿירן.

דער פּלעבעי אַפּעלירט צו אַלע גוטע זײַטן: גערעכטיקייט, מענטשנליבע, אומאייגנוציקייט.

דער פּאַטריציאַט רופֿט צו הילף אַלע פֿאַרברעכן: פֿאַלשקייט, צוויעס, פֿאַראַט, דורשטיקייט, גאַיווע און באַרימערײַ.

באַ אַ גרויס פֿאָלק קענען פֿירן אַ גרויסן פּראָצעס צווישן אונטערדריקער און אונטערדריקטע נאָר אַדוואָקאַטן. אַזוי ווי די שטרייטנדיקע צדאָדים פֿאַרשטייען גאַנץ גוט, אַז פֿון דער מאָראַלישער אָנגעזעענקייט פֿון דידאָזיקע פֿאָרשטייער קאָן זיין אָפּהענגיק דער ניצאָכן פֿון דער אָדער יענער פּאַרטיי, שטרענגט אָן יעדע איינע פֿון זיי אין דער צייט פֿון די וואַלן אַלע קויכעס צו צוציען אַף איר זייט אַ מעגלעך גרעסערע צאָל פֿאַרטיידיקער, וועלכע זאָלן זיין פֿעיק צו ברענגען איר איניען צו אַ גוטן סאָף.

און אין עמעסן, אויב אין אַלגעמיינעם סאַכאַקל צוהענגען די פֿאָרשטייער פֿון וואָילטעטיקייט די פֿאָרשטייער פֿון אויסגעלאַסנקייט, דאַרף דאַן טריומפֿירן די גערעכטיקייט. די זאַך וועט זיין פֿאַרקערט, אויב דער קויעך פֿון פֿאַרברעכן וועט נעמען די אויבערהאַנט איבער דעם קויעך פֿון עמעס.

אָנווענדנדיק דידאָזיקע מאָטיוון צו דער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע, געפֿין איך דאָ אַ פֿולשטענדיקע היסטאָרישע אַנאַלאָגיע. די אַלע דעקלאַראַציעס פֿון רעכט, אויסער די דעקלאַראַציע פֿון יאָר 1795, הויבן זיך אָן מיטן סאַנקציאָנירן דעם ערשטן און וויכטיקסטן פּרינציפּ פֿון אייביקער גערעכטיקייט: דער ציל פֿון אַ געמיינזאַמלעבן איז אַלגעמיינער גליק. נאָכדעם איז טויזנט מאָל אַלס לאָגישער אויספֿיר פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן די פֿאָלגנדיקע צווייטע אַקסיאָמע: דער ציל פֿון רעוואָלוציע, וועלכע דאַרף פֿאַרווירקלעכן די עלעמענטאַרע אופֿגאַבע פֿון דער געזעלשאַפֿט, פֿון וועלכער די מענטשהייט האָט זיך אַרויסגעמאַכט, איז אויך אַלגעמיינער גליק. ביז אַ געוויסער צייט האָט פֿראַנקרייך מיט ברייטע און שנעלע טריט דערנעענטערט זיך צו דעמדאָזיקן ציל, פֿון דעמדאָזיקן מאָמענט אָבער האָט זיך אָנגעהויבן אַ צוריקקריכנדיקע באַוועגונג, וועלכע איז געווענדעט קעגן דעם ציל פֿון אַ געמיינזאַמלעבן, קעגן דעם ציל פֿון רעוואָלוציע, צום אַלגעמיינעם אומגליק און צום גליק פֿון דער נישטיקער מינדערהייט. זאָלן מיר אָנווייזן מיט באַשטימטקייט אַף דעמדאָזיקן אומגעקערטן מאָמענט. זאָלן מיר האָבן די דרייסטקייט צו דערקלערן, אַז די רעוואָלוציע, ניט געקוקט אַף אַלע שטערונגען און קעגנווירקונגען,

איִז געגאַנגען פֿאָרויס ביִזן 9-טן טערמיִדאָר, און פֿוּן דעמדאָזיִקן מאָמענט איִז זיִ געגאַנגען צוּריִק".

„טריִבוּן דע פעפל" נום. 34 פֿוּן 15-טן בריומער 4-טן י. (1796 יאָר).

באַבעף האָט זיִך פֿאָרגעשטעלט די זאַך אַזוי, אַז די רעוואָלוּציאָנערע מיִנדערהייט, פֿאַרכאַפּנדיִק די מאַכט, וועט דערקלערן אַ רעוואָלוּציאָנערע דיִקטאַטוּר, און די לעצטע וועט צוּציִען דאָס פֿאָלק אַף איִר זייט. אַף וואָס פֿאַר אַן אויפֿן? מיִט אַ גאַנצער סיִסטעם פֿוּן אוּמיִטלבאַרע פּראַקטיִשע מאָסמיִטלען. מען דאַרף טייקעף זאַט מאַכן די הוּנגעריִקע באַפֿעלקערוּנג, מען דאַרף אַרויסזעצן פֿוּן די וואָינוּנגען די רייכע און אַריינזעצן אַהיִן די אָרעמע א. א. וו. אָט איִז צוויי פּראָיעקטן פֿוּן דעקרעטן אַפֿן פֿאַל פֿוּן אַ ניִצאָכן.

## א) דעקרעט וועגן באַזאָרגן די סאנקיולאָטן מיִט וואָינוּנג און מעבל.

ג ל ײ כ ה ײ ט. פ ר ײ ה ײ ט.

א ל ג ע מ ײ נ ע ר װ א ָ י ל ש ט א נ ד.

אי נ ס ו ר ע ק צ י ע ק א ָ מ י ט ע ט *) פֿ ו ן א ל ג ע מ ײ נ ע ר ר ע ט ו נ ג.

נעמענדיִק איִן אַכט, וואָס מען האָט דאָס פֿאָלק פֿוּן אַ לאַנגער צייט געשפּייזט מיִט הוילע צוּזאָגן, און אַז עס איִז, סאָפֿקאָלסאָף, שוין געקוּמען די צייט, אַז מען זאָל אַף אַן עמעס זאָרגן וועגן זיין וואָילשטאַנד—דעמדאָזיִקן איינציִקן ציִל פֿוּן דער רעוואָלוּציע;

נעמענדיִק איִן אַכט, אַז דער איִצטיִקער אַלגעמיינער אוּפֿשטאַנד דאַרף אַף שטענדיִק מאַכן אַ סאָף צוּ דער נויט, דעמדאָזיִקן אוּמאוּפֿהערנדיִקן קוואַל פֿוּן יעדער אוּנטערדריִקוּנג, באַשטיִמט . . . . פֿאָלגנדיִקעס:

I.

ווי שנעל נאָר עס וועט זיִך פֿאַרענדיִקן דער אוּפשטאַנד, קערן זיִך ניִט אוּם יענע פֿוּן די אָרעמע בּיִרגער, וועמענס איִצטיִקע וואָינוּנגען עס זיינען ניִט באַפֿריִדיִקנדיִק, איִן זייערע אַלטע קוואַרטיִרן, נאָר זיי באַזעצן זיִך גלייך איִן די הייזער פֿוּן די פֿאַרשווערער.

II.

די מעבל פֿוּן די רייכע ווערן פֿאַרנוּצט אַף צוּ באַזאָרגן די סאַנקיוּלאטן מיִט אַ גענוּגנדיִקער מעבליִרוּנג.

*) אוּפֿשטאנדקאָמיטעט.

III.

„די רעוואָלוּציאָנערע קאָמיִטעטן פֿוּן פּאַריִזש ווערט באַוּפֿטראַגט צוּ אויסאַרבעטן די אַנטשפּרעכנדיִקע מאָסמיִטלען אַף אויספֿיִלן טייקעף און פּינקטלעך דיִדאָזיִקע באַשטיִמוּנגען".

## ב) דעקרעט וועגן קליידוּנג פאַר די אָרעמע.

פ ר ײ ה ײ ט. ג ל ײ כ ה ײ ט,

א ל ג ע מ ײ נ ע ר װ א ָ י ל ש ט א נ ד.

דער איִנסוּרעקציעקאָמיִטעט פֿוּן אַלגעמיינער רעטוּנג באַשטיִמט:

I.

די אָרעמסטע בּיִרגער, וועלכע זיינען באַרויבט דוּרך דער טיִראַנעריי קליידוּנג, ווערן אַפֿן פֿאָלגנדיִק טאָג אָנגעטאָן אַף די מיִטלען פֿוּן דער רעפּוּבליִק.

II.

צוּ דעמדאָזיִקן צוועק כאַסמענען אָפּ טייקעף די רעוואָלוּציאָנערע קאָמיִטעטן פֿוּן פּאַריִזש אַלע מאַגאַזיִנען און לאַגערן פֿוּן שטאָף, קליידוּנג, שוּכוואַרג און אַלק, וואָס געהערט צוּם אָנטאָן זיִך.

---

אַף אַזאַ אויפֿן, איִך כאַזער איִבער נאָכאַמאָל, איִז באַבעפֿס סיִסטעם איִנטערעסאַנט דערמיִט, וואָס בּאַ אים זיינען צוּערשט צוּנויפגעפּאָרט געוואָרן די איִדייע פֿוּן אַגראַרקאָמוּניִזם מיִט די איִדייען פֿוּן קאַמף פֿאַר פּאָליִטיִשער פֿרייהייט. דאָס האָט געהאַט אַ זיִן נאָר איִן רעזוּלטאַט פֿוּן דער גרויסער פֿראַנצויזיִשער רעוואָלוּציע, אָבער ניִט פֿריִער. באַבעף זוּכט פֿאַרבּיִנדוּנגען מיִט דער בּרייטער רעוואָלוּציאָנערער פֿאָלקבאַוועגוּנג. דאָך, פֿעלט ניִט איִן באַבעפֿס סיִסטעם קיין אוּטאָפּיִזם. ער האַלט פֿאַר מעגלעך צוּ איִבערצייגן די בּוּרזשוּאַזיע און איִבערציִען זי אַף זיין זייט טאַקע „איִן איִרע איִנטערעסן".

אָבער נאָך באַבעפֿס טויט (אַף אים איִז אויסגעפֿיִרט געוואָרן טויטשטראָף) האָט דער קאָמוּניִזם וויִדער אָנגעהויבן צוּ גיין אַף צוּריִק: עס איִז ניִט געווען קיין פּראָלעטאַריאַט, וועלכער זאָל קענען זיין דער פֿוּנדאַמענט און דער טרעגער פֿוּן רעוואָלוּציאָנערן קאָמוּניִזם. די בּרייטע רעוואָלוּציאָנערע באַוועגוּנג, די מאַסנבאַוועגוּנג, האָט זיִך צייטווייליִק אָפּגעשטעלט. בלויז נאָכדעם, ווי די אַרבעטערבאַוועגוּנג האָט זיִך באַנייט, האָט זיִך באַוויִזן אַ נייע באַזע פֿאַרן קאָמוּניִזם, עס האָט זיִך באַוויִזן די מעגלעכקייט צוּזאַמענפּאָרן די קאָמוּניִסטיִשע איִדייען מיִט אַ בּרייטער רעוואָלוּציאָנערער באַוועגוּנג.

---

ל. א. טשעסקיס.

# די נייע רעלאַטיוויטעט-טעאָריע פון איינשטיינען.

## ערשטער קאַפיטל.

### די צוגרייטונג פון דער טעאָריע.

די לעצטע צייט רעט מען זייער פיל אין די וויסנשאַפטלעכע ספערן און קרייזן וועגן איינשטיינס טעאָריע און ניט נאָר אין די ענגע קרייזן. איינשטיינס טעאָריע הויבט אָן צו ווערן פאָפולער צווישן די ברייטערע שיכטן. זי דרינגט אַריין אין די ברייטע מאַסן, וועלכע אינטערעסירן זיך מיט וויסנשאַפטלעכע פראַגן. די עצעם טעאָריע פון אַ טעאָרעטיש-ספעקולאַטיווער (ד. ה. אַ ריין קאָפ-זאַך) ווערט זי אַ פראַקטיש-ווירקנדיקע. און דערמיט דערקלערט זיך דער גרויסער אינטערעס, וואָס זי האָט די לעצטע צייט אַרויסגערופן און דער טריומף, וועלכן איינשטיין האָט אָפּגעהאַלטן אין דער וועלט פון געלערנטע.

איינע פון די גרויסע שוועריקייטן פון איינשטיינס טעאָריע, איז איר מאַטעמאַטישער כאַראַקטער. די טעאָריע איז אָנגעטאָן אין אַ קלייד פון מאַטעמאַטישע פאָרמולעס און פאַרגלייכונגען, וועלכע פאַרוואַנדלען זי אין אַ געהיימניספולער פערזאָן.

דער געוויינטלעכער לעזער, וועלכן ס'איז שווער אין זיי זיך צו פאַנאַנדערקלייבן, שרעקט זיך באַלד אָפּ, און ער לייגט דאָס בוך אַוועק אָן אַ זייט.

די צווייטע שוועריקייט פון אָט דער טעאָריע איז דאָס, וואָס זי רייסט מיט די אַלטע, פאַרפעסטיקטע און „פאַראייביקטע" באַגריפן אונדזערע. זי פאָדערט דעריבער אַ גרויסע אָנשטרענגונג פון דעם דענקען און אַ געוויסע בויגעוודיקע פאָרשטעלונג (דימיען). ניט אַלעמען גיט זיך איין אָט די צווייטע שוועריקייט בייצוקומען.

מיר וועלן זיך פרווון אין אונדזער איבערזיכט אָט די ביידע שוועריקייטן גרינגער צו זיין. מיר וועלן די פאָרמולעס און מאַטעמאַטישע פאַרגלייכונגען פאַרבייטן, אַף וויפל דאָס וועט נאָר זיין מעגלעך, מיט די רעאַלע באַציונגען, וועלכע זיי דאַרפן פאָרשטעלן.

צווייטנס, וועלן מיר פרווון דורך ביישפילן פאַרגרינגערן דעם דענקונגפּראָצעס פון דעם לייענער אין זיין פאָרשטעלונגס-מעגלעכקייט.

————

אונדזער גאַנצע וויסנשאַפט, אָנהויבנדיק פון אַריסטאָטעלן-איז געבויט אַף דער האַנאָכע, אַז ס'עקזיסטירט אַבסאָליוט צייט אין רוים: די צייט, לעמאָשל, וואָס איז פאַרבייגעגאַנגען צווישן צוויי דערשיינונגען, און דאָס אָרט, וואָס אַ געוויסער קערפער אַך) פאַרנעמט, זיינען אַבסאָליוטע, דיזעלביקע פאַר אַלעמען.

אין די ערשטע קאַפיטלעך וועלן מיר געבן אַף וויפל ס'איז נאָר מעגלעך אַ פאָפולערן „איבערזיכט" פון דער „ספעציפישער רעלאַטיוויטעט" (относительность) און פון דער „אַלגעמיינער רעלאַטיוויטעט", און מיר וועלן אָנווייזן אַף זייער באַדייטונג אין זין פון די רעזולטאַטן פאַר דער פראַקטישער אָנווענדונג. נאָכדעם וועלן מיר פרווון באַקאַנען אונדזערע לייענער מיט דער פאָלעמיק, וואָס פירט זיך אין אונדזער ליטעראַטור וועגן דער באַציונג פון איינשטיינס טעאָריע צו אונדזער מאַרקסיסטישער פילאָזאָפישער וועלטאַנשויונג, צום דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם.

לאָמיר איבערגיין צום עצעם איניען. ווי שטעלט זיך די פראַגע?

קיינער האָט נאָך ניט געצווייפלט, אַז די צייט, וואָס טיילט אָפּ איין געשעעניש ביז דער צווייטער—לאָמיר זאָגן איין ליקעכאַמע פון דער צווייטער,—זאָל ניט זיין איינע און דיזעלביקע, פאַר אַ באַאָבאַכטער אף דער ערד און פאר אַ באַאָבאַכטער אַף אַן אַנדער פלאַנעטע. אומעטום—דוכט זיך—דאַרף אַ באַשטימטער מעשעך צייט בלייבן איינער און דערזעלביקער. קיינער האָט דאָסגלייכן ניט געצווייפלט, אַז אַ באַשטימטער שטעטך רוים בלייבט דערזעלביקער, ווו דער קערפער זאָל זיך ניט געפינען. די ווייטקייט פון דער ערד פון דער זון אין אַ געוויסן מאָמענט פון איר באַוועגן זיך, קומט אויס, איז איינע און דיזעלביקע, פון וואַנעט מע זאָל דידאָזיקע ווייטקייט ניט מעסטן און באשטימען צי פון דער ערד, צי פון שטערן סיריוס, צום ביישפיל.

„די אַבסאָליוטע צייט—זאָגט ניוטאָן, איינער פון די שעפער פון דער קלאַסישער מעכאַניק,—די עמעסע מאַטעמאַטישע צ יי ט, גענומען פאַר זיך, אָן באַציונג צו אַן אויסנווייניק קעגנשטאַנד, פליסט איינפאָרמיק לויט איר אייגענער טעווע... דער אבסאָליוטער ר ו י ם , פון דער אַנדער זייט, איז לויט זיין טעווע ניט אָפּהענגיק, פון יעדער באַציונג צו אויסנווייניקסטע קעגנשטאַנדן, בלייבט שטענדיק אומבאַוועגלעך און ב יי ט ז י ך נ י ט".

אין דעמדאָזיקן עמעס, אַז אַ שאָ איז אומעטום און שטענדיק אַ שאָ, אַ מעטער איז אומעטום און שטענדיק אַ מעטער—דעריבן האָט מען נאָך קיינמאָל ניט געצווייפלט, נאָר אַ געוויסער פאַקט האָט מיט אַ מאָל אויפגעהויבן די פראַגע וועגן דער אַבסאָליוטקייט פון צייט און רוים, און האָט געפאָדערט, אַז די מיינונג וועגן דער אבסאָליוטקייט זאָל אַפּסניי געווי איבערגעקוקט ווערן.

און אָט איז דער פאַקט, וואָס האָט די אבסאָליוטקייט פון צייט אין רוים געשטעלט אונטער אַ פראַגעצייכן. לויט דער אָנגענומענער טעאָריע פון ליכט ווייסן מיר, אַז די ליכטשטראַלן פאַרשפרייטן זיך מיט אַ גיכקייט פון 300.000 קילאָמעטער אַ סעקונדע אין אַ סוויווע, וועלכע די געלערנטע האָבן אָנגערופן מיטן נאָמען „עפיר". די ערד דרייט זיך אַרום דער זון אין אַ יאַם פון עפיר מיט אַ גיכקייט פון 30 קילאָמעטער אַ סעקונדע. דערדאָזיקער יאַם פון עפיר—ווי עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן ווערט ניט צוגעצויגן צו דער ערד אין איר באַוועגונג און פאַרבלייבט לעגאַבע דער ערד אומבאַוועגלעך.

און אויב די ערד באַוועגט זיך אין דעם עפיר, וועלכער בלייבט אומבאַוועגלעך, דאַן דאַרף מען קאָנען געפינען די גיכקייט

פון דער ערד אין באַצוג צום 'עפּיר. מיר ווייסן, אַז די ערד באַוועגט זיך אין דער ריכטונג צו מיזרעך אַרום זיך און אַרום דער זון מיט אַ גיכקייט פון 30 קילאָמעטער אַ סעקונדע. וועלן מיר שיקן אַ שטראַל איינצייטיק פון צוויי ערטער, פון מאַירעוו צו מיזרעך, און פון מיזרעך צו מאַירעוו, דאַרף זיך באַקומען, אַז דער, וואָס באַקומט דעם שטראַל פון מאַירעוו און געפינט זיך אין מיזרעך דאַרף באַ אים אויסקומען, אַז די גיכקייט פון שטראַל איז אַף דרייסיק קילאָמעטער אַ סעקונדע ווייניקער, ווייל ער האָט זיך פאַר דער צייט אָפּגעטראָגן אַף 30 קילאָמעטער, דאַקעגן דער, וואָס געפינט זיך אין מאַירעוו און באַקומט דעם שטראַל פון מיזרעך, פאַרקערט—באַ אים דאַרף זיך אַרויסווייזן, אַז די גיכקייט איז אַף 30 קילאָמעטער גרעסער, ווייל ער האָט זיך אַף די 30 קילאָמעטער דערנעענטערט צום שטראַל (צו דער זון). אַזוי האָט באַדאַרפט זיין לויט אַלע געזעצן פון מעכאַניק.

ווייזט זיך אָבער אָרויס, אַז „לאַי האָיאָ וועלאָי ניוורע". דער פיזיקער מאַיקלסאָן האָט געפונען אַ מעגלעכקייט אויסצומעסטן מיט אַ וווּנדערבאַרער פּינקטלעכקייט די גיכקייטן און האָט פעסטגעשטעלט, אַז זיי זיינען שטענדיק די זעלביקע.

ווי פאַרענטפערט מען די פראַגע, אַזאַ גרויסע סתירע צו די אָנגענומענע געזעצן פון מעכאַניק?

קעדיי צו דערלייזן אָט די רעטעניש האָבן די געלערנטע געזוכט די לעצטע צייט פאַרשידענע האַנאָכעס, פון וועלכע די מער אינטערעסאַנטסטע איז געווען די האַנאָכע פון דעם האָלענדישן מאַטעמאַטיקער לאָרענץ. אַ קערפער — זאָגט לאָרענץ, וועלכער באַוועגט זיך, ווערט פאַרקירצט (איינגעשרומפן) אין דער ריכטונג פון זיין באַוועגונג, אומאָפּהענגיק פון זיין שטאָף. די פאַרקירצונג איז אַזעלכע, אַז זי דעקט צו די פאַרלענגערונג פון דעם וועג, וואָס די ליכטשטראַלן מאַכן דורך. אַזוי ווי מעסטן די גיכקייט קען מען נאָר מיט אַן אַפּאַראַט, וועט די טעווע זיינע צו פאַרקירצן זיך אין דער ריכטונג פון דער באַוועגונג ניט לאָזן אויפדעקן די פאַרלענגערונג פון די ליכטשטראַלן, ווייל וואָס גיכער עס וועט זיין די באַוועגונג פון דעם אַפּאַראַט, אַלץ גרעסער וועט זיין זיין פאַרקירצן זיך, זיין איינגעשרומפן ווערן.

לאָרענץ האָט אַפילע געפונען אַן אַלגעמיינע פאָרמול, וועלכע דריקט אויס די פאַרקירצונג פון יעדן קערפער און באַוועגונג אין באַציִונג צו דער גיכקייט פון דער באַוועגונג. אויב מיר וועלן באַצייכענען מיט אַ v די גיכקייט פון קערפער, מיט c די גיכקייט פון דעם ליכשטראַל, וועלן מיר האָבן אַזאַ באַציִונג. די פאַרקירצערונג וועט זיין גלייך צו דער באַציִונג פון 131 $\sqrt{1-\frac{v^2}{c^2}}$

ד.ה. צו דעם קוואַדראַטוואָרצל פון 1 מינוס קוואַדראַט פון דער גיכקייט פון דעם קערפער געטיילט אַף דעם קוואַדראַט פון דער גיכקייט פון דעם ליכטשטראַל.

ווען מיר נעמען פאַר אַ ביישפּיל די ערד, געפינען מיר, אַז זי פאַרקירצט זיך אַף אַ צוויי הונדערט מיליאָנטייל פון דעם ערדישן דיאַמעטער, ד.ה. אַף זעקס מיט אַ האַלבן סאַנטימעטער.

## צווייטער קאַפּיטל.

די האַנאָכע פון לאָרענץ—די ספּעציפישע רעלאַטיוויקייט—איז אָבער פון דידאָזיקע טעזיסן, וואָס קאָנען אין דער פּראַקטיק ניט דערוויזן ווערן. די פאַרקירצערונג קאָן פון קיין באַאָבאַכטער, וועלכער געפינט זיך אַליין אויך אין באַוועגונג ניט באַמערקט ווערן, ווייל ערשטנס פאַרקירצט זיך אויך אין דערזעלבער פּראָפּאָרציע דער אַרשין מיט וועלכן דער באַאָבאַכטער וועט מעסטן, און צווייטנס וועט זיין אויג זיך אויך פּראָפּאָרציאָנעל פאַרקירצן.

נאָך אַ מאָמענט. לויט דער פאָרמול פון לאָרענץ מוז די גיכקייט פון דער באַוועגונג, קעדיי דידאָזיקע פאַרקירצונג זאָל זיך לאָזן פילן, זיין זייער אַ גרויסע (איבער הונדערט טויזנט קילאָמעטער אַ סעקונדע). די גיכקייט אָבער, וועלכע מיר באַאָבאַכטן באַ אונדז אַף דער ערד זיינען זייער קליינע און איבערדעם ווייזט זיך אונדז אויס, אַז די פאָרם פון די סאָלידע זאַכן בייט זיך ניט, ווי גיך זיי זאָלן זיך ניט באַוועגן (דער שנעלסטער אַעראָפּלאַן מאַכט סאַכאַקל 100 מעטער. אַ צענטל קילאָמעטער אַ סעקונדע *).

לאָרענצס האַנאָכע האָט אַרויסגערופן געוויסע דערווידערונגען. פון איין זייט האָט מען געזאָגט—איז שווער צו דערלאָזן, אַז די פאַרקירצונג זאָל פאָרקומען בלויז לויט דער גיכקייט און אומאָפּהענגיק אינגאַנצן פון דעם שטאָף, פון וועלכן די באַוועגנדיקע זאַך באַשטייט. פון דער צווייטער זייט קומט אויס, אַז נאָר די אומבאַוועגלעכע זאַכן אין דעם עפּיר האָבן זייער עמעסן אויסזיכט (פאָרם); הייבן זיי נאָר אָן זיך צו באַוועגן, באַלד ווערן זיי דעפאָרמירט. און אַזוי ווי מיר קאָנען ניט געפינען די גיכקייט פון זאַכן אין באַציִונג צום עפּיר, קומט אויס, אַז מיר קאָנען ניט וויסן, וועלכע זאַכן זעען מיר אין דער נאַטור אַזוי, ווי זיי זיינען, און וועלכע פון זיי זעען מיר דעפאָרמירט.

אָט די אַלע שווערקייטן, פאַר וועלכע די וויסנשאַפט האָט זיך געפונען אַדאַנק מאַיקלסאָנס עקספּערימענט, האָט איינשטיין בייגעקומען אַדאַנק זיין געניאַלער האַמצאָע.

די גאַנצע צייט האָט מען גערעט פון געוויסע גיכקייטן אין באַציִונג צום עפּיר. די גיכקייטן האָבן אָבער ניט געקאָנט באַשטימט ווערן, דערוויזן ווערן. לאָמיר דעריבער פרוון אַוועקלייגן אָן אַ זייט אָט דעם עפּיר, וואָס דינט אונדז צו קיין צוועק ניט. לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אַז די ליכטשטראַלן פאַרשפּרייטן זיך מיט דערזעלבער גיכקייט פון מאַירעוו קיין מיזרעך (אין דער ריכטונג פון דער באַוועגונג פון דער ערד אַרום דער זון) ווי פון מיזרעך קיין מאַירעוו (אין דער קעגנזעצלעכער ריכטונג). לאָמיר זיך פאָרשטעלן צוויי האַרמאַטן, וועלכע שיסן אין אַ שטילן וועטער, איינער פון מיזרעך קיין מאַירעוו, דער צווייטער פון מאַירעוו קיין מיזרעך. ס'איז קלאָר, אַזביידע קוילן וועלן אין אַ גליי-

---

*) באַ אַזאַ שנעלקייט וועט זיך יעדער מעטער פון אַעראָפּלאַן איינקירצן אַף... דער באַציִונג פון 1 צו $\sqrt{1-\frac{(0,1)^2}{(300000)^2}}$ ; ד. ה. אַף דער באַציִונג פון 1 צו $\sqrt{\frac{8,999\,999\,999\,999}{9,000\,000\,000\,000}}$ : פאַר יעדן איז קלאָר, אַז אַזאַ „פאַרקירצונג" איז אומעגלעך צו טרעפן זיין.

כער צייט דורכמאַכן אַ גלייכע שטרעקע. די ליכטשטראַלן פֿירן זיך אַזוי ווי די קוילן פֿון די האַרמאַטן.

לאָמיר איצט זיך פֿאָרשטעלן, אַז די קויל ווערט געריכטעט אין אַ ציל. לאָמיר רעכענען, אַז די גיכקייט פֿון דער קויל ווען זי גרייכט דעם ציל איז 50 אַרשין אַ סעקונדע, און דער ציל אַליין איז ניט אומבאַוועגלעך, נאָר ער געפֿינט זיך אַף אַ טראַקטאָר. אויב דער טראַקטאָר מיטן ציל באַוועגן זיך אין דער ריכטונג פֿון דעם האַרמאַט מיט אַ גיכקייט פֿון 10 מעטער אַ סעקונדע, דאַן וועט די גיכקייט פֿון דער קויל בעשאַס זי דערגרייכט דעם ציל זיין ניט 50 אַרשין אַ סעקונדע, נאָר 10+50 ד. ה. 60. ווען זיי באַוועגן זיך אין אַ קעגנזעצלעכער ריכטונג, דאַן איז די גיכקייט גלייך צו 10–50. ד. ה. 40 אַרשין אַ סעקונדע.

איצט ווען די באַוועגונג פֿון די ליכטשטראַלן זאָל פֿאָרקומען אַזוי ווי די באַוועגונג פֿון אַ קויל, וואָלט די גיכקייט זייערע באַדאַרפֿט גרעסער זיין, ווען מען גייט זיי אַנטקעגן. און פֿאַרקערט, זיין קלענער, ווען מען לויפֿט פֿון זיי אַוועק. ווייזט זיך אָבער אַרויס, אַז די גיכקייט פֿון די ליכטשטראַלן בלייבט דיזעלבע קעסיידער, סאַי ווען מיר לויפֿן זיי אַנטקעגן, סאַי ווען מיר יאָגן זיך אַוועק פֿון זיי. ביז איצט האָט מען קיינמאָל ניט געקאָנט געפֿינען קיין צופֿאַל, ווען די ליכטשטראַלן זאָלן זיך פֿאַרשפּרייטן מיט אַ גרעסערער אָדער מיט אַ קלענערער גיכקייט, זי בלייבט שטענדיק דיזעלבע. די גיכקייט איז שטענדיק דריי הונדערט טויזנט קילאָמעטער אַ סעקונדע: ווען מיר לויפֿן איר אַנטקעגן אָדער אַנטלויפֿן פֿון איר מיט אַ גיכקייט פֿון צענדליקער טויזנטער קילאָמעטער.

די געזעצן, וועלכע רעגולירן די מעכאַנישע דערשיינונגען און די אָפּטישע, זיינען, ווי עס ווייזט אויס, ניט דיזעלבע. און לאָרענץ מיט זיין האַנאָכע האָט געוואָלט שאָלעם מאַכן מיט די פֿאַרשיידענע געזעצן.

ווי אַזוי זשע קען מען פֿאָרט די דערשיינונגען דערקלערן? ווי אַזוי האָט איינשטיין זיי דערקלערט?

לאָמיר נעמען אַ ווירע צום ביישפּיל. ווי אַזוי ווערט פֿאַר אונדז באַשטימט די לענג אירע? אַף אונדזער רעטינע באַקומט זיך אַ צורע פֿון דער ווירע באַגרענעצט מיט צוויי ליכטשטראַלן, וואָס קומען איינציטיק פֿון די צוויי עקן צו אונדזער שוואַרצאַפּל (רעטינע) פֿון אויג. ביז איצט האָט די קלאַסישע וויסנשאַפֿט גערעכנט, אז די צורע פֿון אַ זאַך, וועלכע ווערט ניט דעפֿאָרמירט, איז שטענדיק דיזעלבע און הענגט ניט אָפּ פֿון דער גיכקייט, מיט וועלכער עס באַוועגט זיך די זאַך אָדער איר באַאָבאַכטער. דאָס וואָלט פֿאָרגעקומען נאָר דאַן, ווען די ליכטשטראַלן זאָלן זיך צושפּרייטן מיט אַן אומענדלעכער גיכקייט. אין דער ווירקלעכקייט באַשטייט די זאַך אָבער אַנדערש.

אין דער עמעסן: שטעלט זיך פֿאַר אַן אייזנבאַנוועג, אַף וועלכער עס שטייט אַ גרויסער צוג. צי האָט דער צוג פֿאַר מיר דיזעלבע לענג, ווען ער שטייט אומבאַוועגלעך, ווי ווען ער פֿאָרט מיט אַ גרויס שנעלקייט? ביז איינשטיינען האָט מען געענטפֿערט יאָ, איינשטיין זאָגט ניין, און דערווייזט עס זייער קלאָר און פּאָשעט.

לאָמיר אַוועקשטעלן באַביידע עקן פֿון דעם צוג צוויי פּיקעטן, אַ בלאָען און א רויטן, דעם בלאָען פֿון פֿאָרנט און דעם רויטן פֿון הינטן, און זאָל זיך אַוועקשטעלן עמיצער אַנטקעגן דעם צוג פּונקט אינמיטן. לאָמיר לאָזן דעם צוג לויפֿן מיט גרויס שנעלקייט.

וואָס וועלן מיר זען? דער ליכטשטראַל, וואָס קומט פֿון דעם פֿאָרנטן עק פֿון צוג פֿאַלט צונויף מיט דעם ליכטשטראַל, וואָס קומט פֿון דעם בלאָען פּיקעט אין דער צייט, ווען יענער דערווייטערט זיך פֿון מיין אויג. די שטראַלן קומען צו מיין אויג פֿון ביידע עקן מיט דערזעלבער גיכקייט (ווי עס דערווייזט מאַקסלאָנס דערפֿאַרונג) הייסט עס דעריבער, אַז די לענג פֿון דעם וואַגאָן, וואָס לויפֿט מיט א גרויס שנעלקייט, האָט זיך פֿאַרקירצט און איז קלענער געוואָרן פֿון דער שטרעקע, וועלכע ס'געפֿינט זיך צווישן די צוויי פּונקטן, אָדער אַנדערש געזאָגט, פֿון דער לענג פֿון דעם צוג ווען ער שטייט אָן באַוועגונג. וועלן מיר פֿאַרקערט אַוועקשטעלן אונדזער באַאָבאַכטער אין צוג, וואָס לויפֿט. דאַן וועט פֿאַר אים די שטרעקע צווישן די צוויי פּונקטן זיין קירצער ווי ווען ער שטייט אומבאַוועגלעך.

אַזו קומט אויס, אַז יעדער זאַך אין באַוועגונג ווערט פֿאַרקירצט אין דער ריכטונג פֿון דער גיכקייט רעלאַטיוו צו דעם באַאָבאַכטער. אַלע זאַכן (קעגנשטאַנדן) ווערן דעפֿאָרמירט אין דער ריכטונג פֿון זייער באַוועגונג. די פֿאָרם זייערע הענגט אָפּ פֿון זייער גיכקייט אין באַציונג צום באַאָבאַכטער און ניט פֿון דער מאַטעריע, פֿון וועלכער זיי באַשטייען.

דאָס איז איינשטיינס טעאָריע פֿון דער „ספּעציעלער רעלאַטיווקייט".

ביז איינשטיינען האָט מען געוווּסט, אַז די באַציונג צווישן געוויסע ערטער, וואָס זאַכן פֿאַרנעמען, די באַציונג צווישן די מאַסן איז אַ ר ע א ל ע, אַ ש ט ע נ ד י ק ע. איינשטיין האָט דערוויזן, אַז די באַציונג אַליין זיינען אויך ר ע ל אַ ט י ו, ווייל זיי הענגען אָפּ פֿון דער גיכקייט פֿון דער באַוועגונג פֿון די זאַכן און זייער באַציונג איינע צו די אַנדערע.

אַזוי קומט אויס, אַז, ווען אַ מענטש זאָל ווערן פֿעיק זיך צו באַוועגן צווישן אַלע אַנדערע מענטשן מיט אַ גיכקייט פֿון 260 טויזנט קילאָמעטער אַ סעקונדע, וואָלט ער געפֿונען, אז אַלע אַנדערע מענטשן זיינען האַלב די גרויס, ווי ער, זיינען קאַרליקעס אין פֿאַרגלייך מיט אים. די איבעריקע מענטשן וואָלטן אָבער פֿאַרקערט געפֿונען, אַז ער איז דער קאַרליק, און זיי זיינען צוויי מאָל אַזוי גרויס ווי ער.

דאָס אייגענע איז מיט דער צייט לויט איינשטיינען. פֿאַר די, וועלכע פֿאָרן אין צוג, איז די צייט, וואָס גדויערט פֿון איין סטאַנציע צו דער צווייטער, קירצער, אַלס פֿאַר די, וועלכע קוקן ווי זיי פֿאָרן. *) פֿאַר דעם, וואָס לעבט, ווייזט זיך דאָס לעבן אויס דאָס קירצער, וואָס גיכער און אינטענסיווער איז דאָס לעבן אַליין. פֿאַר דעם, וואָס באַאָבאַכטעט נאָר און קוקט ווי יענער לעבט, וועט,

---

*) מען דאַרף געדענקען, אַז די צייט קאָן באַשטימט ווערן נאָר דורך דער באַוועגונג. אַ סעקונדע, דאָס איז די צייט, וואָס אַ שטראַל דאַרף האָבן, קעדיי דורכצולויפֿן 300 טויזנט קילאָמעטער.

פֿאַרקערט, דאָס לעבן פֿון ד'ם צווייטן אויסווייזן וואָס לענגער. דאָס לעבן, וואָס איז אָן באַוועגונג, אָן אַקטיוויקייט, אָן לעבנגיכקייט, איז לאַנגווײליק.

נאָר פֿון דעם אַלעם דרינגט ארויס נאָך אַ נייס און זייער אַ וויכטיקע.

ביז דער לעצטער צייט האָט מען גערעכנט, אז די מאָס פֿון א זאַך ווערט באַשטימט מיט דער לענג, ברייט און הויך אירער. דאָס זיינען די דריי מאָסן פֿון דעם רוים. זייערע אייגנשאַפֿטן לערנט אויס די געאָמעטריע. ווייזט זיך אָבער ארויס פֿון אונדזער פֿריערדיקער דעמאָנסטראַציע, אז די פֿאָרם פֿון א זאך ווערט אַ כוץ דעם באשטימט דורך דער גיכקייט, מיט וועלכע די זאך באוועגט זיך אין באצִיונג צום באַאָבאַכטער, ד. ה., אז אכוץ די דריי מאָסן האָבן מיר נאך א פֿערטע, די גיכקייט, ד. ה. די צייט. באשטימען רוים אן צייט ווערט אומעגלעך. מען קען זאגן, אז די רוים (דאָס ארט), אין וועלכער מיר לעבן, האט פֿיר מאסן. די פֿערטע איז די צייט.

מיר האָבן שוין געזעען, אַז די גיכקייט פֿאַרקירצט די לענג פֿון די זאַכן (קעגנשטאַגדן) אין דער ריכטונג פֿון דער באַוועגונג און אַז זי פֿאַרקירצט אויך די לענג פֿון דער צייט. פֿאַר דעם באַאָבאַכטער אין צוג איז די שטרעקע פֿון איין סטאַנציע צו דער צווייטער קירצער, ווי פֿאַר דעם באַאָבאַכטער פֿון דרויסן, וועלכער שטייט אומבאַוועגלעך בײַ דער זייט פֿון באַנוועג. פֿאַר דעמזעלבן באַאָבאַכטער איז די צייט, וואָס דויערט דאָס פֿאָרן פֿון איין סטאַנציע צו דער צווייטער אויך קירצער.

אַף אַזאַ אויפֿן האָט די גיכקייט אַזאַ מין צווייזייטיקן צוים, מיט וועלכן זי פֿאַרקירצט די לענג און פֿאַרהאַלט די צייט. ביידע הענגען אָפּ פֿון דער גיכקייט.

צו איז אונדז מעגלעך זיך פֿאָרצושטעלן די 4 מאָסיקע רוים? ווי עס ווייזט אויס, איז דאָס אונדז זייער שווער. נאָר אַ מענטש מיט איין אויג, אָן באַוועגונג וואָלט געזען אַלע זאַכן אין זייער לענג און ברייט אזוי ווי אַף דעם טעאַטערפֿאָן, ד. ה. ער וואָלט געהאַט אַ פֿאָרשטעלונג נאָר פֿון צוויי מאָסן. פֿון דער צווייטער זייט זעט אַ קונציקער שאַכמאַטיסט די זאַכן ניט נאָר אין רוים, נאָר אויך אין דער צייט, ד. ה. ער זעט מיטאַמאָל די אַלע ווייטערדיקע גענג פֿון די פֿאַרטניאָרן אַף דעם שאַכברעטל.

———

מיר האָבן דערווייל געענדיקט מיט איינשטיינס טעאָריע פֿון דער „ספּעציעלער רעלאַטיוויקייט“. איידער מיר ווילן איבערגיין צו זיין טעאָריע פֿון דער פֿאַראַלגעמיינטער רעלאַטיוויקייט און צו זיין נייער מעכאַניק, ווילן מיר אָנווייזן אין קורצן, וואָס פֿאַר א רעוואָלוציע זיין טעאָריע האָט שוין געמאַכט אין די מויכעס פֿון די פֿיזיקער און פֿילאָזאָפֿן. מיר ווילן זעען שפּעטער, וואָס פֿאַר אַ גרויסע פּערספּעקטיוון זי עפֿנט פֿאַר דער וויסנשאַפֿט אין דעם זין פֿון נייע אויפֿדעקונגען און נייע מעגלעכקייטן צו באַהערשן די קרעפֿטן פֿון דער נאַטור.

די איינציקע פֿעסטע רעאַלע פֿאָרמען, אַף וועלכער מיר האָבן געבויט אונדזער אַלגעמיינע שוועמדיקע פֿאָרשטעלונג פֿון דער רעאַלער וועלט, זייגען געוועזן די צייט און רוים. זיי זיינען געוועזן אַזעלכע מינים פֿעסטע טשוועקעס. סאָליד אריינגעקלאַפּט אין דער וואַנט, אונטער וועלכער עס געפֿינט זיך די רעאַליטעט. אַף זיי האָבן מיר אויפֿגעהאַנגען, אזוי ווי מען הענגט אויף קליידער אַף דער וואַנט, אונדזערע וואַקלענדיקע באַגריפֿן פֿון דער אויסעווייניקסטער וועלט. איצט ליגן די טשוועקעס אַרויסגעריסן און אויסגעקרימט איניינעם מיט די שיימעס פֿון די אַלטע אָפּגעלעבטע טעאָריעס, אונטער דער ווירקונג פֿון דעם האַמערקלאַפּ פֿון דער נייער פֿיזיק.

ניוטאָנס אַבסאָליוטע רוים און צייט זיינען פֿאַרשוווּנדן געוואָרן. קאַנטס אַלגעמיינע פֿאָרמען פֿון אונדזער פֿאָרשטעלונג האָבן זייער שטייפֿקייט פֿאַרלאָרן. בערגסאָנס באַשטימונג פֿון דער פּסיכאָלאָגישער צייט (דויערונג) און דער כילעק, וואָס ער האָט געמאַכט פֿון דער מאַטעמאַטישער צייט און פֿון דער פּסיכאָלאָגישער, מוזן איבעראַנייס איבערגעקוקט ווערן. נאָר די באַדייטונג, וואָס איינשטיינס טעאָריעס האָבן אין דעם געביט פֿון דער פּראַקטיק, פֿון דער וויסנשאַפֿטלעכער אָנווענדונג, זיינען נאָך גרעסער און וויכטיקער.

דריטער קאַפּיטל.

## איינשטיינס מעכאַניק און איר באַדייטונג.

די מעכאַניק איז געוויס איינע פֿון די פֿונדאַמענטאַלסטע וויסנשאַפֿטן. וואָס פֿאַר אַ מין נאַטורדערשיינונג מיר זאָלן ניט נעמען, געפֿינען מיר אין אים אַ עלעמענט, וועלכער איז אונטערגעוואָרפֿן די געזעצן פֿון מעכאַניק. די געזעצן פֿון מעכאַניק זיינען די מער אַלגעמיינע, מער איינפֿאַכע און מער באַשטימטע פֿון אַלע אַנדערע געזעצן, וואָס זיינען דער אָביעקט פֿון אַנדערע וויסנשאַפֿטן. איינשטיינס טעאָריע פֿון דער ספּעציעלער רעלאַטיוויקייט האָט געמאכט אַ גאַנצע רעוואָלוציע אין אָט דער וויסנשאַפֿט.

מאַיקלסאָנס דערפֿאַרונג האָט דערוויזן, אַז מ'קאָן ניט רעאַליזירן אַ גרעסערע גיכקייט, ווי די גיכקייט פֿון די ליכטשטראַלן (300 טויזנט קילאָמעטער אַ סעקונדע). מיר האָבן געזען, ווי אַזוי איינשטיין דערקלערט דעם פֿאַקט.

איינער פֿון די פּרינציפּן, אַף וועלכן ס'זיינען געגרינדעט די געזעצן פֿון דער קלאַסישער מעכאַניק, איז דער פּרינציפּ פֿון דער קאָמפּאָזיציע (צונויפֿלייגונג) פֿון גיכקייטן. אויב אַ שיף, לאָמיר זאָגן, באַוועגט זיך אין א טייך מיט א גיכקייט פֿון 10 קילאָמעטער אַ שא און דער שטראָם מיט וועלכן די שיף גייט, איז, לאָמיר זאָגן, 5 קילאָמעטער אַ שאָ, וועט די גיכקייט פֿון דער שיף, אין דער באַציִונג צום ברעג, וועלכער בלייבט אומבאַוועגלעך, זיין 15 קילאָמעטער אַ שאָ.

לאָמיר נעמען דעם פּרינציפּ, ווי אַזוי ער דריקט זיך אויס אין אַ מער אַלגעמיינער פֿאָרם. ווען אַ קערפּער קומט אין באַוועגונג אַ דאַנק אַ געוויסער קראַפֿט, וואָס ווירקט אַף אים און באַקומט אַ געוויסע גיכקייט אין דער ערשטער סעקונדע, דאַן וועט ער די צווייטע סעקונדע קריגן אַ גרעסערע גיכקייט, די דריטע נאָך אַ גרעסערע א. א. וו. ווען די קראַפֿט ווירקט שטענדיק, דאַן וואַקסט די גיכקייט אָן אַ סאָף. אַזוי קומט אויס, לויט דער קלאַ-

סישער מעכאַניק. לויט איינשטיינס מעכאַניק קומט אַזוי ניט אויס, ווייל די גיכקייט קאָן קיינמאָל ניט איבערשטייגן די גיכקייט פֿון אַ ליכטשטראַל.

לויט דער קלאַסישער מעכאַניק קומט אויס, אַז אונטער דער ווירקונג פֿון דערזעלבער קראַפֿט קריגט דער קערפער שטענדיק דיזעלבע פֿאַרגיכערונג, ווי גרויס ס'זאָל ניט זיין די ערשטע גיכקייט זיינע. לויט דער נייער מעכאַניק קומט אויס אַנדערש: די גיכקייט פֿון דער באַוועגונג פֿון אַ קערפער וואַקסט אַלץ וויניקער וואָס גרעסער עס איז געווען די לעכאַטכילעדיקע גיכקייט.

לאָמיר נעמען אַ מאָביל (באַוועגער), וואָס באַוועגט זיך אין באַציונג צו מיר מיט אַ גיכקייט פֿון 200,000 טויזנט קילאָמעטער אַ סעקונדע צום ביישפּיל. לאָמיר אַוועקשטעלן אַף דעם „מאָביל" אַ באַאָבאַכטער, וועלכער וואַרפֿט אַ צווייטן „מאָביל" מיט אַ גיכקייט פֿון 200 טויזנט קילאָמעטער אין באַציונג צו אים. די גיכקייט פֿון דעם צווייטן „מאָביל" אין באַציונג צו אונדז וועט זיין ניט 400 טויזנט קילאָמעטער אַ סעקונדע, נאָר ווי איינשטיין האָט מאַטעמאַטיש אויסגערעכנט 227 טויזנט קילאָמעטער אַ סעקונדע (לויט לאָרענצ'ס פֿאָרמול, וועלכע מיר האָבן געגעבן אין אונדזער ערשטן אַרטיקל).

פֿאַרוואָס? ווייל דאָס, וואָס פֿאַר דעם באַאָבאַכטער אין באַוועגונג איז 200 טויזנט קילאָמעטער, איז פֿאַר אונדז ניט מער ווי 77 טויזנט. זיין מעטער, וועלכער באַוועגט זיך מיט אים מיט אַ גיכקייט פֿון 200 טויזנט קילאָמעטער אַ סעקונדע, איז מער ווי אַ האַלב קלענער פֿון אונדזער מעטער, וועלכער געפֿינט זיך אין רו. ווען מ'האָט צו טאָן מיט קליינע גיכקייטן, איז דער כילעק אַ קליינער און אומבאַמערקבאַרער. דעריבער איז פֿאַר אונדזער ערדישער דערפֿאַרונג די קלאַסישע מעכאַניק אַ באַפֿרידיקנדיקע. ווען מ'האָט צו טאָן מיט אַסטראָנאָמישע גיכקייטן, איז נאָר איינשטיינס מעכאַניק ריכטיק. פֿאַקטן, וועלכע זיינען געבליבן רעטענישן פֿאַר ניוטאָנס און גאַליליייס מעכאַניק, דערקלערן זיך אויסשעפּנדיק מיט איינשטיינס מעכאַניק. דער נייער געזעץ פֿון דער צונויפֿלייגונג פֿון גיכקייטן גיט אונדז אַ נייעם קוק אַף דער פֿראַגע וועגן דער מאַסע, וואָג, מאַטעריע.

אַלע ווייסן, אַז די מאַטעריע ווערט כאַראַקטעריזירט אין מעכאַניק דורך דער אינערציע. ווען אַ קערפער געפֿינט זיך אין רו, דאַרף מען האָבן אַ קראַפֿט, קעדיי אים צו לאָזן אין באַוועגונג. פֿאַרקערט, אַ באַוועגנדיקן קערפער קאָן נאָר אַ געוויסע קראַפֿט אָפּשטעלן. פֿאַרגרעסערן די פֿאַרגיכערונג, אָפּנייגן זי אין אַ זייט, דאָס אַלץ פֿאָדערט אַ קראַפֿט. אין אַלגעמיין די אייגנשאַפֿט פֿון דער מאַטעריע (קערפערס) אַרויסצוּווייזן אַ ווידערשטאַנדקראַפֿט יעדער קראַפֿט, וואָס וויל מאָדיפֿיצירן איר צושטאַנד, רופֿט מען אָן א י נ ע ר צ י ע.

פֿאַרשיידענע קערפער ווייזן אַרויס אַ פֿאַרשיידענע ווידערשטאַנדקראַפֿט. קעדיי צו שלעפּן אַן אָנגעלאָדענעם וואָגן דאַרף מען אַ גרעסערע קראַפֿט ווי אַ ליידיקן. אַ שווערע זאַך פֿאָדערט אַ גרעסערע קראַפֿט זי אָפּצושטעלן, ווען זי באַוועגט זיך ווי אַ גרינגע א. א. וו. די אינערציע (ווידערשטאַנדקראַפֿט) פֿון יעדער קערפער ווערט באַשטימט דורך דער מ אַ ס ע זיינער. וואָס גרעסער די מאַסע, דאָס גרעסער די אינערציע. ווען קעדיי צו לאָזן אין באַוועגונג אַ געוויסן קערפער דאַרף מען 2 מאָל אַ גרעסערע קראַפֿט, ווי צו לאָזן אין באַוועגונג אַ צווייטן קערפער, הייסט עס, אַז די מ אַ ס ע פֿון דעם ערשטן קערפער איז 2 מאָל אַזוי גרויס ווי די מ אַ ס ע פֿון דעם צווייטן. דאָס איז די איינציקע דעפֿיניציע, וואָס מיר קאָנען געבן פֿון דער מ אַ ס ע, דער איינציקער וויסנשאַפֿטלעכער באַגריף, וואָס מיר קאָנען האָבן פֿון איר.

די מ אַ ס ע, לויט דער קלאַסישער מעכאַניק, איז אַ שטענדיקע. ווי גיך עס זאָל זיך ניט באַוועגן אַ קערפער, די מאַסע זיינע בלייבט שטענדיק דיזעלבע. אַזוי האָט געמיינט די מעכאַניק פֿון ניוטאָנען. נאָר אויב אַזוי, וואָלט אַ קערפער, וועלכער באַוועגט זיך אונטער דער ווירקונג פֿון אַ געוויסער קראַפֿט, באַדאַרפֿט וואַקסן אין אַן אַריפֿמעטישער פּראָפּאָרציע איינינעם מיט דער צייט, ד. ה. ווען אַ קערפער, צום ביישפּיל, האָט זיך אָנגעהויבן צו באַוועגן אונטער דער ווירקונג פֿון אַ שטענדיקער קראַפֿט מיט אַ גיכקייט פֿון 10 מעטער די ערשטע סעקונדע, וועט ער די צווייטע סעקונדע זיך באַוועגן מיט אַ גיכקייט פֿון 20 מעטער, די דריטע 30, די פֿערטע 40 א.א.וו.

מיר ווייסן אָבער שוין, אַז די גיכקייט וואַקסט וויניקער אין דער צווייטער סעקונדע, ווי אין דער ערשטער, אין דער דריטער וויניקער ווי אין דער צווייטער א. א. וו. און אַז ווען די גיכקייט פֿון דעם באַוועגנדיקן קערפער דערגרייכט די גיכקייט פֿון אַ ליכטשטראַל, הערט זי אויף צו וואַקסן, ווי גרויס ס' זאָל ניט זיין די קראַפֿט, וואָס ווירקט אף דעם קערפער. וואָס הייסט דאָס? דאָס הייסט, אַז אויב די 2-טע סעקונדע וואַקסט די גיכקייט וויניקער ווי די ערשטע, קומט עס פֿאָר, ווייל די ווידערשטאַנדקראַפֿט פֿון דעם קערפער ווערט גרעסער, ד. ה. אין אַנדערע ווערטער, לויט דער דעפֿיניציע, וואָס מיר האָבן געגעבן פֿון דער מ אַ ס ע, די מאַסע זיינע ווערט גרעסער. די מאַסע פֿון אַ קערפער איז אַף אַזאַ אופֿן שוין ניט קיין שטענדיקע. זי וואַקסט מיט דער גיכקייט פֿון אַ ליכטשטראַל—דאַן ווערט די מאַסע אומענדלעך גרויס.

מ'האָט אַזוי אויסגערעכנט, זיך באַנוצנדיק מיט לאָרענצ'ס פֿאָרמול, אַז אַ מאַסע פֿון 1000 גראַם וועגט מיט 2 סאַנטיגראַם מער, אַז זי באַוועגט זיך מיט אַ גיכקייט פֿון 1000 קילאָמעטער אַ סעקונדע, איידער דאַן, ווען זי געפֿינט זיך אין רו. און ווען זי באַוועגט זיך מיט אַ גיכקייט פֿון 290 טויזנט קילאָמעטער אַ סעקונדע, וועגט זי 3,905 גראַם!

צי קאָן מען אָבער דאָס דערווייזן? צי קאָן אונדז די דערפֿאַרונג פֿעסטשטעלן די ריכטיקייט פֿון די מאַטעמאַטישע כעשבוינעס? ווו נעמט מען אַזוינע גרויסע גיכקייטן, קעדיי צו קאָנטראָלירן די האַנאָכעס?

ביז דער לעצטער צייט וואָלט אַזאַ מין קאָנטראָל געווען אומעגלעך. מיר האָבן אין אונדזער דערפֿאַרונג געהאַט צו טאָן מיט גיכקייטן פֿון 1 קילאָמעטער אַ סעקונדע מאַקסימום. אַפֿילע די פּלאַנעטן האָבן באַהערשט מיט אַ צו קליינער גיכקייט (די גיכסטע פּלאַנעטע „מערקור" באַוועגט זיך מיט אַ גיכקייט פֿון 100 קילאָמעטער אַ סעקונדע), קעדיי מע זאָל קענען קאָנטראָלירן די האַנאָכעס.

נאָר די לעצטע צייט, אַדאַנק דער אויפֿדעקונג פֿון די קאַטאָדישע שטראַלן און פֿון די „בעטאַ-שטראַלן", האָבן מיר

שוין פאַר אונדז אַזעלכע גיכקייטן, וואָס דערלויבן אונדז צו דערוויזן די ריכטיקייט פון די כעשבוינעס, וועלכע מיר האָבן געמאַכט. די קאַטאָדישע שטראַלן גיבן אונדז אַ גיכקייט פון 150 טויזנט קילאָמעטער אַ סעקונדע און די „בעטאַ-שטראַלן" דערגרייכן קימאַט די גיכקייט פון אַ ליכטשטראַל (מער פון 290 טויזנט קילאָמעטער אַ סעקונדע).

אַ גאַנצע ריי דערפאַרונגען, וועלכע מיר קענען דאָ ניט באַשרייבן, נאָר וועלכע זיינען מיט גרויס קענטעניש געמאַכט געוואָרן און איבערגעכאַזערט געוואָרן פון פאַרשיידענע פיזיקער, האָבן דערוויזן מיט אַ גרויס קלאָרקייט, אַז די מאַסע וואַקסט מיט דער גיכקייט און פונקט לויט די געזעצן, וועלכע זיינען פעסטגעשטעלט אין איינשטיינס מעכאַניק.

אַזוי פאַרלירט אויך די מ אַ ס ע איר שטענדיקייט און אַבסאָליוטקייט. זי געפינט זיך אין אַ שטענדיקער באַציאונג צו דער גיכקייט. וואַקסט איר גיכקייט, אָדער וואַקסט די גיכקייט פון דעם, וועלכער באַאָבאַכטעט איר, וואַקסט זי אויך. לאָמיר, דערעכאַגעוו, באַמערקן, אַז אַ צווייטער באַאָבאַכטער, וועלכער געפינט זיך אין רו אינאיינעם מיט דעם קערפער, וועט קיינמאָל ניט קענען קאָנסטאַטירן אָט דעם וווקס. ווען מיר וועלן נעמען אַ ווירע, צום ביישפיל, וואָס באַוועגט זיך מיט אַ גיכקייט פון 260 טויזנט קילאָמעטער אַ סעקונדע, וועט זי ניט נאָר פאַרקירצט ווערן 2 מאָל אַזוי פיל, נאָר זי וועט אויך שווערער ווערן צוויי מאָל אַזוי פיל. איר דאַנסיטעט (די באַציונג פון דער מאַסע צום באַנעם) וועט ווערן פיר מאָל גרעסער, ווי ווען זי געפינט זיך אין רו.

נאָך אַ ריי דערפאַרונגען האָבן דערוויזן די ריכטיקייט פון איינשטיינס פאָרמולעס. סאַי דערשיינונגען, וועלכע ס'האָט אויסגעלערנט די ספעקטראָסקאָפיע, סאַי די דערשיינונגען פון X שטראַלן, וועלכע זיינען פריער געווען ניט פאַרשטענדלעך און האָבן ניט געקענט דערקלערט ווערן—ווערן אינגאַנצן פאַרשטענדלעך און דערקלערט דורך דער נייער מעכאַניק. אַזוי האָט די דערפאַרונג אין פאַרשיידענע געביטן דערוויזן די ווונדערלעכע טעאָריע פון דער ספעציפישער רעלאַטיווקייט.

ס'איז דאָ נאָך אַ פונדאַמענטאַלער באַגריף אין דער מעכאַניק, וועלכער באַקומט גאָר אַן אַנדער אינהאַלט און אויסזיכט אַדאַנק איינשטיינס טעאָריע, דאָס איז דער באַגריף פון ע נ ע ר ג י ע.

די דערפאַרונג דערווייזט אונדז, אַז אַ קערפער, וועלכער איז אָנגעלאָדן מיט עלעקטריציטעט און געפינט זיך אין באַוועגונג, ווייזט אַרויס אַ געוויסן ווידערשטאַנד, ווען מע וויל געבן אַן אַנדער ריכטונג זיין באַוועגונג. דאָס דערקלערט מען מיט דעם, וואָס די עלעקטריציטעט באַהערשט אַ געוויסע אינערציע, וועלכע איז באַוווּסט אונטער דעם נאָמען פון „זעלבסטאינדוקציע". די דערפאַרונג דערווייזט ווייטער, אַז ווען אַ קערפער, וואָס איז אָנגעלאָדן מיט עלעקטריציטעט פאַרקלענערט זיך אין מאָס און די עלעקטריציטעט בלייבט דיזעלבע, וואַקסט די עלעקטרישע אינערציע. אַ גאַנצע ריי געלערנטע זיינען געקומען, אַדאַנק אַסאַך עקספערימענטן און אַ געוויסן סוואָרעס גאַנג, צו דער האַנאַכע, אַז די אינערציע אין אַלגעמיין איז אַן עלעקטראָמאַגנעטישע. נאָר אויב די אינערציע (ווידערשטאַנדקראַפט) איז אין אַלגעמיין אַן עלעקטראָמאַגנעטישע, הייסט עס, אַז די אינערציע פון אַלע אַטאָמען, וואָס שאַפן דעם קערפער, איז אויך אַן עלעקטראָמאַגנעטישע. נאָר דאָס הייסט, אַז די מאַטעריע אין אַלגעמיין (ווייל זי באַשטייט פון די אַטאָמען) איז אַן אַרויסווייזונג (проявление) פון עלעקטראָמאַגנעטיזם, די מאַטעריע ווערט, אַזוי אַרום, פאַרוואַנדלט אין עלעקטראָמאַגנעטישער ענערגיע.

איינשטיין האָט מיט געוויסע רעכענונגען און זייער עלעגאַנטע סוואָרעס פעסטגעשטעלט, אַז מ אַ ס ע און ענערגיע זיינען דיזעלבע זאַך, אָדער צוויי פענימער פון דערזעלבער מאַטבייע. די מ אַ ס ע פון די קערפער שטעלט מיט זיך פאָר אַן אינעווייניקסטע, פאַרבאַהאַלטענע און גרויס קאָנצענטרירטע ענערגיע. אָט די ענערגיע זעען מיר צו צוזייען אין די ראַדיאָאַקטיווע קערפער.

נאָר אויב מאַסע און ענערגיע זיינען איינס און דאָסזעלבע, דאַרף די ענערגיע באַזיצן געוויסע אייגנשאַפטן פון דער מ אַ ס ע. אינדערעמעסן האָט ליכט אַ געוויסע וואָג. געוויסע דערפאַרונגען האָבן דערוויזן, אַז אַ ליכטשטראַל, וועלכער פאַלט אַף אַ „זאַך", דריקט אַף איר און די גרויס פון דעם דרוק קאָן אויסגעמאָסטן ווערן. מ'האָט אַפילע אויסגערעכנט, אַז די וואָג פון דער ליכט, וועלכע די זון שיקט דער ערד, איז גלייך אין אַ יאָר צייט צו 58 טויזנט טאָן.

ווען מע זאָל וועלן באַוואַרעמען און באַלייכטן די ערד מיט קוילן, וואָלט מען געדאַרפט מיליאַרדן טאָנען. פון וואַנען נעמט זיך דער כילעק?

ס'איז קלאָר, אַז דער כילעק נעמט זיך פון דעם, וואָס בעשאַס מיר וואַרעמען זיך מיט אַ געוויסער צאָל קוילן, נוצן מיר אויס אַ נישטיקן טייל פון זייער פרייער ענערגיע, זייער כ י מ י ש ע ע נ ע ר ג י ע. די אינעווייניק אַטאָמישע ענערגיע (די מאַסע, ווי מיר האָבן געזען) בלייבט פאַר אונדז דערווייל אומצוטריטבאַר. ווען מיר וועלן זיך אויסלערנען אויסנוצן אָט די אינעווייניקסטע באַהאַלטענע ענערגיע, וועלן מיר קאָנען מיט אַ פאָר צענדליק גראַם קוילן וואַרעמען אַ גאַנץ יאָר אַלע שטעט און אַלע פאַבריקן און זאַוואָדן פון גאַנץ סאָוועטנפאַרבאַנד.

וואָס פאַר אַ גיגאַנטישע אויפגאַבן עס שטעלן זיך פאַר דער וויסנשאַפט! וואָס פאַר אַ גלענצנדיקע פערספעקטיוון עס עפענען זיך פאַר דער מענטשהייט! ווי מיר זעען, וועט די אָנווענדונג פון איינשטיינס מעכאַניק מאַכן אַפילע איבערקערענישן אין דער גאַנצער פראַקטיק אונדזערער.

די ריכטיקייט פון יעדער טעאָריע באַשטעטיקט זיך אַדאַנק איר פראַקטישע רעזולטאַטן. קעדיי זיך צו איבערצייגן, אַז דער שליסל, מיט וועלכן מ'וויל עפענען אַ טיר איז אַ גוטער, דאַרף מען פרווון עפענען מיט אים. עפנט ער בעסער ווי אַנדערע, איז ער דער ריכטיקער. מאַרקס און ענגעלס האָבן שוין לאַנג פעסטגעשטעלט אָט דעם פרינציפ. „דער באַווייז פון דעם פודינג איז אינם עסן", זאָגט ענגעלס. איינשטיינס טעאָריעס ווערן באַשטעטיקט, אַ דאַנק דער אָנווענדונג, וואָס מען מאַכט פון זיי.

לאָמיר איצט איבערגיין צו זיין טעאָריע פון דער אַלגעמיינער רעלאַטיווקייט.

ש. טאָמסינסקי.

# פּויערים-אויפֿשטאַנדן.

אין 1925-טן יאָר איז געוואָרן 400 יאָר זינט דעם גרויסן פּויערים-אויפֿשטאַנד אין דייטשלאַנד און 50 יאָר זינט דעם פּוגאַטשאָוו-אויפֿשטאַנד אין רוסלאַנד. די אויפֿשטאַנדן האָבן געהאַט אַזאַ וויכטיקע באַדייטונג אין דער געשיכטע און האָבן געגעבן אַזוי פֿיל מאַטעריאַל צו פֿאַרשטיין דעם אינהאַלט פֿון קלאַסנקאַמפֿן, אַז ס'איז אומבאַדינגט נויטיק אָפּצושטעלן זיך אָט אויף די ביידע געשעענישן.

## דער פּויערים-אויפֿשטאַנד אין דייטשלאַנד.

(1525—1925).

1.

צום סאָף פֿונם 16-טן י. ה. האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען אין דייטשלאַנד די געלטווירטשאַפֿט. די פֿעאָדאַלע געזעלשאַפֿט האָט אָנגעהויבן פֿאַנאַנדערצופֿאַלן.

דער אויפֿבלי פֿון האַנדל און אינדוסטריע האָט אין ענגלאַנד און פֿראַנקרייך געבראַכט צו אַ פּאָליטישער און עקאָנאָמישער צענטראַליזירונג. אין דייטשלאַנד האָט עס געבראַכט צו אַ פּאָליטישער צושפּליטערונג, ווייל דאָס לאַנד איז געוואָרן אָפּגעריסן פֿון דעם וועלטהאַנדל. דאָס פֿאַנאַנדערפֿאַלן פֿון פעאָדאַליזם האָט געווירקט, אַז ס'זאָלן געשאַפֿן ווערן נייע קלאַסן און אַז ס'זאָל זיך ענדערן די לאַגע פֿון די אַלטע קלאַסן.

וועלכע קלאַסן האָבן אָנגעהויבן אונטערצוגיין?

1) די אָרימע ריטער, 2) די גייסטלעכע.

מיט דער אַנטוויקלונג פֿון דער מיליטערטעכניק, מיט דעם פּראָגרעס פֿון דער פּעכאָטע און פֿייערגעווער איז, געוואָרן קלאָר די באַדייטונג פֿון די פֿאַראָרעמטע ריטער, וועלכע האָבן געדינט בלויז אין דער קאַוואַלעריע. זיי זיינען געבליבן אָן אַרבעט.

דאָס איז גראָד צונויפגעפֿאַלן מיטן אויפֿקום פֿון דער אינדוסטריע. דידאָזיקע אַרויסגעשטויסענע פֿון דער קאַלייע ריטער האָבן זיך פֿאַרנומען מיט דעם, וואָס זיי האָבן גערויבירט אַפֿן „גרויסן וועג" די פּויערים און סאָכרים.

נאָך מער האָבן געליטן פֿון דער נייער אָרדענונג די גייסטלעכע. די נייע פּראָדוקציע האָט זיך שוין ניט גענויטיקט אין דעם קלויסטער, ווי אין אַ לערער און אָנפֿירער. דער קאַפּיטאַל האָט אָנגעהויבן צו שאַפֿן אייגענע געלערנטע און אייגענע אַנשטאַלטן פֿון זעלבסטפֿאַרוואַלטונג. ס'זיינען געוואָרן איבעריק די מאָנאַסטירן, ווי לאַנדווירטשאַפֿטלעכע אַנשטאַלטן. זיי האָבן געשפּייזט טויזנטער לײדיקגייער-מאָנאַכן אָנשטאָט אַרויסצוטרייבן זיי אַף אַרבעט. אַפֿילע די דאָרפֿישע גאַלאָכים, וואָס האָבן געלעבט אָרעם, זיינען געווען ניט צופֿרידן מיט די באַלעבאַטים פֿון קלויסטער. דער רוימישער פּויפּסט איז אויך געוואָרן איבעריק. ער האָט שוין פֿאַרענדיקט זיין היסטאָרישע אויפֿגאַבע מיט דעם, וואָס ער פֿלעגט פֿאַרטיידיקן די קריסטן פֿון די „אומגלויביקע טערקן". די קרייצצוגן האָבן זיך געענדיקט, און פֿון אַזיע האָט שוין מער ניט געדראָט קיין געפֿאַר. די מאַכט פֿון פּויפּסט האָט עקספּלואַטירט די אייראָפּעישע פֿעלקער. די עקספּלואַטאַציע איז געוואַקסן מיט דער אַנטוויקלונג פֿון קאַפּיטאַל. אין דער עפּאָכע פֿון האַנדלקאַפּיטאַל האָט דער פּויפּסט דערזען, אַז האַנדל איז דער בעסטער מיטל צו גאַזלענען און גאַנווענען. דער פּויפּסט איז געוואָרן דער שטאַרקסטער פּרעס פֿון עקספּלואַטאַציע און רויב. דייטשלאַנד האָט געמוזט צאָלן גרויסע סומען געלט די פֿירשטן, די באַאַמטע, דעם אַדל, די גאַלאָכים און די שטאָטבורזשואַזיע—אַלע הערשנדע קלאַסן—האָבן געזויגט דעם פּויער, ווי פּיאַווקעס.

אַלעמען אַפֿן וועג איז געשטאַנען דער „פּויפּסט". גאָט אַרומגערינגלט מיט מאַלאָכים—דאָס זיינען געווען די פעאָדאַלן פֿון הימל. דער „פּויפּסט" און דער קלויסטער, ווי גאָטס וואַסאַלן אַף דער ערד, האָבן געוועלטיקט איבער אַלע ערדישע שיכטן און קלאַסן. אָט איז דאָס בילד פֿון דער פעאָדאַלער געזעלשאַפֿט, וועלכע האָט זיך אויסגעצייכנט מיט דעם שרעקלעכסטן באַרבאַריזם און מיט דעם גלויבן אין דער האַרמאָניע פֿון אַזאַ אומגעלומפּערטער וועלט.

דער ניי-געבאָרענער בורזשואַזיע איז געוואָרן ענג אין די ראַמען פֿון דער פֿעאָדאַלער סיסטעם. דער שטאָטישער הענדלער האָט זיך געמוזט לערנען אַליין שמידן זיין גורל. דער סוחער האָט זיך געריסן פֿון דידאָזיקע ענגע ראַמען.

די קריטיק פֿון דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג האָט געמוזט געפֿינען אַ הייסן אָפּקלאַנג צווישן אַלע גרופּן, וואָס האָבן געליטן פֿון פעאָדאַליזם: צווישן די באַלמעלאָכעס, וואָס האָבן נאָך דערצו געהאַט אויסצושטיין פֿון אָנשטייענדיקן קאַפּיטאַליזם צווישן די אַרבעטער און געזעלן, וואָס זיינען ערשט אַריינגעצויגן געוואָרן אין קלאַסנקאַמף, צווישן די ברייטע שיכטן פֿון שטאָטישן פּראָלעטאַריאַט, צווישן פֿאַראָרעמטן אַדלטום און פּויערטום, וועלכער האָט שוין מערניט געקענט ליידן דעם יאָך פֿון דעם פֿעאָדאַל, וועלכער האָט אָנגעהויבן צו ווערן אַ הענדלער. מיט באַגייסטערונג האָבן אַלע קלאַסן באַגעגנט די קריטיק פֿון דעם מאָנאַך ליוטער, וואָס איז אַרויסגעטראָטן אין 1517-טן יאָר.

ער האָט קריטיקירט די קאַטוילישע לערער וועגן ווידוי און פֿאַרגעבן אַוויירעס. (די גאַלאָכים, ווי מיר'ן ווייטער זען, פֿלעגן דערפֿאַר באַקומען געצאָלט). ער איז אַרויסגעטראָטן קעגן טפֿילעס אַף דער אומבאַקאַנטער לאַטיינישער שפּראַך און קעגן דעם גאַלאָכים-צעליבאַט*). די פּויערים זיינען אַרויסגעטראָטן מיט נאָך „גרעסערע" פֿאָדערונגען, מ'זאָל לייענען אַף דער מוטער שפּראַך ניט נאָר די טפֿילעס, נאָר אויך די ביבל, און מ'זאָל פריי טייטשן די יעוואַנגעליע. די בערגער און טעקסטילער האָבן אָנגעהויבן צו ברענען די געטשקעס און האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו טויפֿן די קינדער און א. וו.

די רוימישע קירכע האָט דורכויס געגאַזלט. די קאַנצעלאַריע פֿון דעם פּויפּסט האָט איינגעשטעלט אַ מעקעך, פֿאַר וועלכן

---

*) целибат—דאָס פֿאַרווערן גאַלאָכים כאַסענע האָבן.

דער גאַלעך האָט געקענט פאַרגעבן די סאַמע שרעקלעכסטע פאַרברעכן. פאַר געלט האָט מען געקענט באַפרייט ווערן פון שטראָף פאַר האַרגענען עלטערן און קינדער. פאַר 10 טשערוואָנצעס פלעגט מען דערלויבן גאַלאָכים נויעפן און גאַזלענען.

איין פאָרשטייער פון פויפסט האָט אַף אַזאַ אויפן, פון דער קליינטשינקער דענעמאַרק אויסגעזויגן מער ווי צוויי מיליאָן רובל פאַר פאַרגעבן אַוויירעס. דער באַרימטער פויפסט לעוו דער צענטער פלעגט אָפגעבן אין אַרענדע פאַר גרויסע געלט דעמדאָזיקן האַנדל מיט זינד.

יעדער אַרכיעפיסקאָפּ פלעגט איינלאַדן וואָיאַזשאָרן צו פאַרשפרייטן די „אינדולגענציעס״*). אזאַ וואָיאַזשאָר איז געווען דער מאָנאַך טעצעל, וואָס פלעגט אומפאָרן איבער מערק און פלעגט אויסשרייען: „אויב איר וועט געבן געלט, וועט זיך אייער נעשאָמע ניט בראָטןאין גענעם״! ער פלעגט פאַרגעבן זינד גיט נאָר שוין באַגאַנגענע, נאָר אויך די צוקונפטיקע. ס׳איז ניט געווען קיין אַוויירע, קיין כעט, וואָס טעצעל זאָל ניט מויכל זיין. פאַר געלט וואָלט ער אַפילע דערלויבט שלאָפן מיט „גאָטס מוטער״ און צושטעלן איר אַ בייכל.

אַז מ׳טרינקט אַ סאַך, דאַרף מען נאָך מער פרעסן. קעדיי מ׳זאָל באַקומען אַ פאָרשטעלונג וועגן דעם, ווי די גאַלאָכים פלעגן פרעסן, וועלן מיר ברענגען אַ רעשימע פון דעם, וואָס מ׳האָט אויפגעפרעסן אַף אַ קליינעם באַל באַ דעם יעפּיסקאָפּ געאָרג ניוליס. אַף דעם „באַל״ האָט מען אויפגעפרעסן 300 מאָס וויין, 300 פעסער אייל, 104 פעסער ווין, 80 אָקסן, 6 בויוואָלן, 1004 שעפסן, 300 כאַזיירים, 300 קעלבער, 3000 גענדז, 3000 ענטלעך, 300 יונגע כאַזיירים, 100 פּאַווליינען, 200 בושלס, 200 בעק, 2000 הינדלעך, 4000 טויבן, 4000 קראָליקעס, 4000 ענטלעך, 200 פאַזאַנעס, 500 ריאַבטשיקעס, 4000 וואַלדשנעפן, 500קוראָפּאַטקעס, 100 דראָזדן, 300 העכט, 300 לעטשן, 8 טיולענען און 400 טאָרטן **) אַף דעם באַל האָט מען אַרויסגעפּאָדערט 62 קעכן און 1515 דינסטן.—און דאָס אַלץ אַף דער רעכענונג פון די פויערים.

ליוטער, וועלכער האָט דאַן אויסגעדריקט דעם ווילן פון גאַנצן פאָלק, האָט געשריבן: „מיר שטראָפן דאָך גאַנאָווים, גאַזלאָנים און אַפּיקאָרסים! פאַרוואָס שטראָפן מיר ניט דעם פויפסט, די יעפּיסקאָפן, און אַלע מיטגלידער פון גאַלאָכישן סדוים? פאַרוואָס שווענקען מיר ניט אונדזערע הענט אין זייער בלוט? דער פויפסט פאַרלאַנגט, אַז די דייטשן זאָלן אים אייביק שיקן רענדלעך. באַ אַזעלכע ווערטער האָבן פאַרוואַנדלט דעם מאָנאַך ליוטער—אין די אויגן פון די מאַסן אין אַ פאָלקהעלד, וואָס פאַרטיידיקט אַלע אונטערדריקטע.

די אָרימע ריטער און די פויערים זיינען געווען מיט ליוטערן. אין זייער ליטעראַטור ווערט געשריבן וועגן איין זאַך, ווי מען דאַרף און מען מוז פּאָטער ווערן פון דעם פויפסט׳ס יאָך. אַף די אַגיטפּלאַקאַטן פלעגט מען מאָלן בילדער, ווי דער פויפסט שטורמט דעם הימל מיט די לאָזונגען: „וואָס מער פאַרנאָסע״ און „וואָס מער פראַכטפולע ווייבער״.

*) Индульгенция—דערלויבענישן פאַר געלט אַף שענקען אַוויירעס.

**) Корвин—зеркало папизма— „Атеист“· 1924.

אויך אולריך הוטע איז אַרויסגעטראָטן קעגן קלויסטער. „ווער איז דער פויפסט?—האָט געפרעגט דעם פירער פון די אָרעמע און געפאַלענע אַדללייט—א וואָרעם, וועלכער זויגט דאָס בלוט פון דייטשישן פאָלק. נידער מיט דעם פויפסט און זאָל לעבן די פרייהייט״!

טאָמאַס מינצער, דער פאָרשטייער פון די באַרגאַרבעטער, האָט באַגריסט ליוטערן, ווי„ גאָטס שעליעך״ ער האָט געשריבן: „גאָט האָט דערהערט דעם אומגליק פון די פויערים און ס׳איז געקומען דער שכיטעטאָג פאַר די שלאַנגען, וועלף, פאַר די אָפּגעפרעסענע כאַזיירים-מאָנאַכן״.

די פאָלקמאַסן האָבן באַגריסט ליוטערן, ווי „מאָשיעכן, ווי דעם אָדלער, וועלכער זינגט וועגן פרייהייט״.

„אויב ס׳הויבט זיך אָן אַ קאַמף קעגן רעליגיע, הייסט עס, אַז אין דער עמעסן קומט פאָר אַ קאַמף קעגן דער אָרדענונג, ווייל די רעליגיע איז דער גייסטיקער רייעך פון דער אָרדענונג.

די קריטיק פון דער רעליגיע איז די קריטיק פון די קוואַלן צאָרעס, ווייל די רעליגיע איז דער באַשטראַלטער קראַנץ פון דעם מענטשלעכן פיין. די קריטיק פון דעם הימל ווערט פאַרוואַנדלט אין דער קריטיק פון דער ערד. די קריטיק פון רעליגיע ווערט פאַרוואַנדלט אין דער קריטיק פון געזעץ און פּאָליטיק״*)

ס׳זיינען אָבער גלייך קלאָר געוואָרן די פאַרשיידענע פאָדערונגען פון באַזונדערע קלאַסן, וועלכע זיינען אַריינגעטראָטן אין דער רעוואָלוציע. די ערשטע זיינען אַרויסגעטראָטן די פאַראָרעמטע ריטער, וואָס האָבן אויך געוואָלט רויבן דעם פאַרמעגן פון די קלויסטערס. זיי האָבן געבעטן הילף באַ ליוטערן. דער לעצטער האָט געענטפערט: „מיט געווער טאָר מען ניט אַרויסטרעטן דאַן, ווען מע פאָדערט יוישער אין נאָמען פון עוואַנגעליום״. דאַן האָבן זיך די אָרעמע ריטער געווענדעט צו די פירשטן. זיי האָבן געשריבן זייער פאָרשלאַג אַף לאַטיין, „קעדיי דאָס פראָסטע פאָלק זאָל ניט פאַרשטיין וועגן וואָס ס׳האַנדלט זיך״. די פירשטן האָט אָבער ניט געלוינט צו מאַכן שותפעס מיט די ריטער. דאַן האָבן זיך די ריטער געווענדעט צום דייטשישן פאָלק אַף פראָסט מאַמעלאָשן. „מיט דריי זאַכן—האָבן זיי געשריבן—שפייזן זיך די אָרעמע לייט—מיט גראָז, ציבעלע און קנאָבל, מיט דריי זאַכן שפייזן זיך די רייכע—מיט שוויס פון אָרעמאַן, מיט רויב און וואָכער״.

די פויערים זיינען אויך ניט געגאַנגען מיט דעם אָרעמען אַדל. זיי האָבן גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, וואָס באַטייט די גוטסקייט פון די געפאַלענע פריצים. גאָר ניט לאַנג האָט דערדאָזיקער אַדל געזונגען: „ריטער, אויב דו ביסט אַ יונגער פאָרעץ, דאַן גיי אין וואַלד, ווּהין פויערים פאָרן נאָך האָלץ, נעם אָפּ באַ דעם פויער זיין פערד. און אויב דער פויער האָט ניט קיין געלט, האַרגע אים״.

אויך די שטאָטישע בורזשואַזיע איז ניט געגאַנגען מיט די ריטער. די שטעט האָבן ניט געוואָלט, אַז דער פאַראָרעמטער אַדל זאָל זיך ווייטער אויפהויבן. זיי האָבן גאַנץ גוט געוווּסט, אַז

*) קאַרל מאַרקס— „צו דער קריטיק פון העגעלס פילאָסאָפיע וועגן רעכט״.

דער אַדל האָט זיי שרעקלעך פּיינט. די ריטער זיינען אַזוי אָרום געבליבן אָן הילף. די אָפּשטאַרבנדיקע פּאַראַזיטישע גרופּע איז געווען פאַרמישפּעט צום טויט.

ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער פּויערים און אַרבעטער-אופשטאַנד, דאַן זיינען די ריטער אַוועק צו זייערע נעכטיקע סאָנים—צו די פירשטן. זיי האָבן בעסער געוואָלט מאַכן שוטפעס מיט די סראָרעס, איידער גיין צוזאַמען מיט די פּויערים.

.2

די אַרבעטער און פּוים-עריאופשטאַנדן האָבן זיך אָנגעהויבן אין פרילינג 1525-טן יאָר. אין אופשטאַנד האָבן זיך באַטייליקט לייבפּויערים, די פּויערים-אַרענדאַרן, וואָס האָבן אָנגעוואָרן זייער פרייהייט, די פרייע פּויערים, וואָס האָבן געליטן פון די גרויסע שטייערן, די שטאָטישע לומפּנפּראָלעטאַריער, די רעכטלאָזע שטאָטישע איינוואָינער, די באַלמעלאָכעס און געזעלן, די טרעגער, וועבער און בערגאַרבעטער.

די מעסיקע פּויערים זיינען אַרויס מיט די באַרימטע 12 פאָדערונגען. די מוירדים דערוויזן, אַז זיי זיינען ניט קיין רעוואָלוציאָנערן, זיי פאָדערן מער ניט, אַז מ'זאָל זיי דערלויבן דאַוונען אַף דער מוטערשפּראַך. דער רייכערער טייל פון די פּויערים באַנוגנט זיך מיט קלענערע פאָדערונגען, אָבער די אָרעמערע פּויערים פאָדערן: „נידער מיט דעם לייבאייגנטום, מיט אַלע שטייערן, לעבן זאָל די פּאָליטישע גלייכבאַרעכטיקונג פון די פּויערים און די פאַרניכטונג פון די פריצים„! פון דעם עוואַנגעליום קומען זיי צום אויספיר: דער פּויפּסט איז אַן „אַנטי-קריסט”, דער קייסער מיט די פריצים זיינען ניט בעסער פאַר דעם פּויפּסט, די געלערנטע זיינען שווינדלער, די סאָכרים—וואָכערניקעס, די יוריסטן—איינפאַכע רויבער. דער פּאָשעטער פּויער פאַרשטייט „גאָטס וואָרט” בעסער, ווי דער פּאָרעץ.

די בערגאַרבעטער און וועבער זיינען אַרויס מיט קאָמוניסטישע פאָדערונגען. די בערגאַרבעטער האָבן זיך געפונען אין די ערשטע קאַמפּרייען. דער דערפאָלג פון די קאָמוניסטן איז געווען זייער גרויס. „די אַרבעטער זיינען געלאָפן פון די ווערקשטאַטן—דערציילט דער כראָניקשרייבער,—די פּויערים—פון דעם אַקער, די שניידער מיט זייערע קאָסעס. זיי פלעגן רופן איינער דעם אַנדערן „ברודער” אָדער „שוועסטער”. זיי פלעגן פאַרניכטן די געטשקעס און ניט טויפן זייערע קינדער.

טאָמאַס מיונצער, דער אָנפירער פון די אַרבעטער, האָט געשריבן: „ליבע ברידער! ווי לאַנג וועט איר נאָך שלאָפן?! גאָט וועט זיך מער ניט באַווייזן פאַר אונדז, זייט אַליין פעסט באַזיך. פאַלט באַ זיך ניט אַראָפּ, קעמפט, האָט ניט ראַכמאָנעס אַף די סאָנים. גאָט אַליין האָט געהייסן פאַרניכטן און פאַרטיליקן די פריצים. זאָלן אייערע שווערדן ניט אָפּקילן פון זייער זודיקן בלוט. רעט ניט וועגן גאָט, ביז וואַנען מע באַגייט זיך מיט אייך, ווי מיט הינט. שלאָגט די פריצים, וועלכע פרעסן און נויעפן מער וויהינט”.

די לערע פון ט. מיונצער האָט אָפּגעלייקנט דאָס קריסטנטום. ער איז געווען אַן אָנהענגער פון פּאַנטעיזם (דאָס איז די נאַטור), וואָס גרענעצט מיטן אַטעיזם. ער האָט גערופן די אַרבעטער, אַז זיי זאָלן טייקעף פאַרווירקלעכן „גאָטס מעלוכע”. „גאָטס מעלוכע” דאָס איז די געזעלשאַפט, ווו ס'וועלן ניט עקזיסטירן קיין קלאַסן, אייגנטום און מעלוכעאָרגאַנען. מערנישט ווי דורך אַ רעוואָלוציע קאָן מען פאַרטיידיקן „גאָטס מעלוכע”. כדי דעם מוז מען שאַפן אַן אינטערנאַציאָנאַל—אַ „ברודערבונד פון פעלקער”. דער קראָאַט, די באָהעמער, דער אַרמענער און אַנדערע—האָט ער געשריבן-דאַוונען אַף זייער לאָשן, די רוסישע אַף זייער שפּראַך, פונדעסטוועגן זיינען זיי מענטשן און ניט קיין שיידים. ווי בלינד מיר זיינען, ווען מיר מיינען, אַז מיר, קריסטן, אַליין זיינען מענטשן”.

די קאָמוניסטישע באַוועגונג צווישן די אַרבעטער איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז אין 1534 יאָר האָבן זיי פאַרכאַפּט די שטאָט מיונסטער, אין וועלכער זיי האבן זיך געהאַלטן 16 כאַדאָשים. זיי האָבן קאָנפיסקירט דאָס בורזשואַזע פּריוואַטאייגנטום און פאַרניכטעט די קלויסטערס מיט די מאָנאַסטירן. די קאָמוניסטן פלעגן אַרויסשיקן פון שטאָט מיונסטער יענע, וועלכע פלעגן זיך ניט ווילן נאָך אַ מאָל טויפן און זיי האבן געפאָדערט, אַז קינדער זאָל מען ניט טויפן.

וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָט עס געהאַט?

טויפן זיך אין דער קאַטוילישער געזעלשאַפט איז געווען דער סימען פון דעם, אַז ס'ווערט אנערקענט די הערשנדיקע אָרדענונג. אויב מ'גייט קעגן דער אָרדענונג—מוז מען אויך גיין קעגן די מינהאָגים. טויפן קינדער טאָר מען ניט, ווייל א קינד איז אומבאַוווסטזיניק. זאָל עס טאָן אַ דערוואַקסענער. און די דערוואַקסענע זיינען געווען קעגן טויפן זיך, ווייל זיי האָבן ניט אנערקענט די הערשנדיקע קאַטוילישע מאַכט.

וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט זייער קאָמוניזם? זיי האָבן געפּריידיקט דעם געברויכקאָמוניזם. זיי חאָבן געמיינט, אז מ'קען פאַרניכטן די ניטגלייכהייט מיט דעם, וואָס מ'וועט פאַרניכטן די ניטגלייכהייט פון דער פאַנאַנדערטיילונג. דער מיטלאַלטערישער כאַראַקטער פון דער אינדוסטריע האָט פאַרשמעלט זייערע באגריפן און פאָרשטעלונגען. זיי האָבן דאַן ניט פאַרשטאַנען, אַז די הויפּטסיבע פון דער ניטגלייכהייט באשטייט אין דעם, וואָס די פּראָדוקציעמיטלען געפינען זיך אין פּריוואַטע הענט.

פ. ענגעלס ווייזט אָן אין „אַנטי-דיורינג”, אַז די פּראָלעטאַרישע פאָדערונג פון גלייכהייט איז געווען אַ רעאַקציע קעגן די שרעקלעכע סאָציאַלע קאָנטראַסטן, וואָם האָבן געהערשט אין מיטלאַלטער.

3.

די רעוואָלוציע האָט געליטן אַ מאָפּאָלע. ביז דעם 15-טן י.ה. איז דייטשלאַנד געווען אַ פאַרמיטלערן אין מיטלאייראָפּעישן האַנדל. די הויפּט האַנדלוועגן האבן געפירט דורך ווענעדיק, מילאַן, גענוע, נירענבערג און ווייטער דורך מיטלדייטשלאנד.

נאָר, ווי מ'האָט אנטדעקט דעם יאמוועג אין אָסטאינדיע דורך פּאָרטוגאל, האבן זיך די האנדלוועגן אָפּגעקערט פון דייטשלאנד

צו פאָרטוגאל. דער דייטשישער האנדל האָט אנגעהויבן צו פאלן. דאס פאלן פון האנדל האָט ווידער פאַרשטאַרקט די פעאָדאַלן. די ערדווירטשאַפט האָט אָנגעהויבן רעגרעסירן. די נאַטורעלע ווירטשאַפט האָט ווידער גענומען אַרויסשטויסן דאָס געלט. די האַנדלצענטרען זיינען אַוועק צו אַנדערע לענדער. „דערפאַר האבן געמוזט ליידן אַ מאַפּאָלע די ערשטע פרווון פון אַרבעטערקלאַס, דערפאַר, וואָס דער אַרבעטערקלאס אַליין איז נאָך ניט געווען אַנטוויקלט, ווייל די בורזשואַזע געזעלשאפט איז נאָך געווען שוואַך*).

פון דער באוועגונג האבן געווונען די פירשטן, וועלכע האָבן קאָנפיסקירט דעם פאַרמעגן פון די קלויסטערס. די ערדקאָנפיסקאַציעס האבן צושטערט די מיטלאלטערישע פאַרהעלטענישן און האָבן געבראכט צו דעם, אז ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען די אַבסאָליוטע מאַכט. דער קלויסטער האט זיך געמוזט אונטערוואַרפן דער מלוכע. דער פירשט איז געוואָרן דער פולשטענדיקער באלעבאס. דער „רעליגיעזער שאָלעם“ איז געווען געבויט אַף דעם פרינציפ: „וועמען ס׳געהערט די ערד, יענער האט דאָס רעכט אָנצובינדן די אונטערטעניקע אַ רעליגיע“. דער קאפיטאַל האָט זיך גענויטיקט אין דער הילף פון די קייסארימלעך, וועלכע זאָלן אים פאַרטיידיקן.

די רעפאָרמאַציע (אַזוי הייסט די באוועגונג) האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ רויבערישער מילכאָמע פון די דייטשישע קליינע פעאָדאַלן. די פירשטן האבן באגעגנט אַן איבערגעגעבענעם באהעלפער אין ליוטערס פערזאָן.

דער „אָפגעפרעסענער מאָנאַך“ (אַזוי האבן די רעוואָלוציאָנערן גערופן ליוטערן) האט געשריבן: „שלאָגט, שנייט, שטעכט די פויערים, ווער ס׳קען נאָר און וויל“. ווען די קאָמוניסטן האָבן פאַרכאַפּט מיונסטער—דאַן האבן זיך אלע קלאסן פאַרייניקט קעגן די אַרבעטער און פויערים.

ליוטער איז דאַן אַרויס מיט אַ גאַנצער לערע. ליוטער האָט אָפגעלייקנט די ווירקונג פון סייכל. דאָס וויכטיקסטע איז נאָר דאס בלינדע גלויבן. ער האָט געשריבן: „דער סייכל איז דעם שעדס א כאַפּקע“. דאָס געזינד, דאָס אייגנטום און די מעלוכע זיינען הייליק. ער איז אַרויסגעטראָטן קעגן צעליבאַט. „זאָלן די גאַלאָכים כאַסענע האָבן! שטענדיקע טאַנייסים זיינען קעגן גאָטס ווילן“. „דאָס האָט די בורזשואזיע דערקלערט דעם עוואַנגעליום פון דער וועלט, זי האָט פאַרביטן די טאַנוגים פון דעם עוואַנגעליום, מיט דעם טאַינעג פון טאָגטעגלעכן לעבן“ (מאַרקס).

„מען דאַרף אַרבעטן“—דאָס איז געווען דער לאָזונג פון ליוטעראַנישן פוריטאַניזם. „אַרבעט, קעדיי צו ארבעטן פאַר גאָט. וואָס מער איר וועט פאַרדינען—איז אלץ בעסער פאַר גאָט“. אין ליוטערס טוירע איז שארף אויסגעדריקט די אידעאָלאָגיע פון אינדיווידואַליזם. זי לייקנט אָפ פאַרמיטלער צווישן גאָט און פערזענלעכקייט. דאָס האט דער סויכער דערפילט זיין קויעך. זיין רייכע קעשענע, פאַרגלייכט אים אין רעכט מיט דעם פאָרעץ און גאַלעך.

דער מאַרק ווערט ברייטער און פאַרייניקט פאַרשיידענע לענדער און געגנטן. דערפאַר מוז מען האבן איין פאַרשטענדלעכע שפראַך. פון דאַנען שטאמט דער לאָזונג: „דאַוונען אַף דער מוטערשפראַך“. ליוטער האָט איבערגעזעצט די ביבל אַף דייטש. דאָס אַליין האט באוויזן, ווי שטאַרק ס׳האָט זיך אנטוויקלט דער נאַציאָנאַלער זעלבסטבאוווסטזיין פון דער בורזשואזיע.

דער פרינציפ פון ליוטערס לערע שאַפט אַ פעסטן באָדן פאַר אַן אַבסאָליוטע מאָנאַרכיע. „דער קייסער קען געפינען לייטזעליקייט בײַ גאָט מיט זיינע מילכאָמעס, מער ווי פּאָשעטע מענטשן מיט זייערע טפילעס“.—אַזוי האָט געשריבן ליוטער. „אַ רעגירונג דאַרף דאָס פאָלק פאַרפאָלגן, טרייבן, שלאָגן, ברענען, הענגען. דאַן וועט דאס פאָלק זיין געהאָרכזאַם. דער פראָלעטאַריאַט דאַרף גלויבן אַפילע דאַן, ווען זיין רעגירונג זאָגט אים, אַז 8=5×2. דאָס פראָסטע פאָלק דאַרף ניט האָבן קיין רעכט צו טייטשן די ביבל. פאַרן מאַכן פרייע פירושים דאַרף מען ברענען. אויב דאָס פראָסטע פאָלק וועט ניט גיין אין קלויסטער, דאַרף מען אים אָפן האַלדז אָנטאָן אַ קייט“. „לייענט דעם הייליקן פּיאָטר,—שרייבט ליוטער—וועט איר וויסן, ווי מ׳דאַרף זיך באַגיין מיט קנעכט. די פויערים טאָר מען ניט באַפרייען פון לייבאייגנטום. ליידן צאָרעס—דאָס איז דער אורטייל פון האַמוין; קעדיי צו רעטן די נעשאָמע פון אָרעמע פאָלק, מוז מען עס איינשפאַנען אין שווערער אַרבעט. גאָט איז קעגן נייע געדאַנקען און דערפינדונגען. ווען ליוטער האָט זיך דערוווּסט וועגן קאפערניקס לערע, איז ער אַרויסגעטראָטן קעגן, „ווייל יעשוע האָט אָפגעשטעלט די זון און ניט די ערד“. ליוטער איז אויך אַרויסגעטראָטן קעגן יידן. „יידן זיינען פרעמדע און מ׳דאַרף זיי אַרויסיאָגן פון דייטשלאַנד! און בײַ די ראַבאָנים דאַרף מען אויסשניידן די צונג“ ס׳איז קלאָר. די האַנדלבורזשואַזיע האָט ניט געוואָלט האָבן יידישע קאָנקורענטן.

צו וואָס פאַר אַסאַכאַקל האָט געבראַכט דער פויערים-אופשטאַנד? ער האָט פאַרניכטעט דעם עקאָנאָמישן באָדן פון דעם פויפסט׳ס הערשאַפט. דער קלויסטער האָט קימאַט אָנגעוואָרן זיין וועלטלעכע מאַכט אין דייטשלאַנד. דער שטאַרקער קלויסטער איז געווען צו שוואַך צו געבן אַ ווידערשטאַנד די פויערים-מילכאָמעס. דער קאָלאָסאַלער קאַפּיטאַל פון קלויסטער—די מאָנאַסטירן, געביידעס, אַנשטאַלטן, זיינע דערנערונגרעזערוון, וויינלאַגערן, זיינע פי, פאַרשיידענע פאַבריקאַטן, ווערקצייג, גאָלדענע און זילבערנע כפייצים, קונסטווערק—אַלץ, אַלץ איז צושווומען איבער די פויערשע הענט. די פויערשע פאַרטיזאַנעס פלעגן אַלץ פאַרניכטן. אַפילע פון די טייכן פלעגן זיי אויספּאַנגען די פיש. דער וועג פון די פויערישע אופשטאַנדן איז געווען באַלויכטן מיט סרייפעס. די פויערשע מאַכנעס האָס מען צושלאָגן—אָבער דער מיטלאַלטערישער קלויסטער איז געבליבן בלוטלאָז. ניט מאַרטין ליוטער האָט צושטערט דעם מיטלאַלטערישן דייטשישן קאַטוילישן קלויסטער, נאָר די פויערישע רעוואָלוציע אין 1525-טן יאָר.

די מאַכט איז אָבער אַריבערגעגאַנגען צום האַנדלקאַפּיטאַל. די האַנדלבורזשואַזיע האָט געשאַפן ליוטערן, איר אייגענעם טרייען אידעאָלאָג. די האַנדלבורזשואַזיע האָט זיך געווענדעט דורך ליוטערן צום גאַנצן פאָלק דאַן, ווען מ׳האָט געמוזט

*) מארקס—„דער קאמוניסטישער מאניפעסט“.

צושלאָגן דעם אַלגעמיינעם פֿײַנט. אָבער ווען מ'האָט שוין צוראַבעוועט דעם קלויסטער, דאַן זײַנען די דאָרפֿפּריצים מיט דער שטאָטישער בורזשואַזיע און אַפֿילו מיט די גאַלאָכים באַפֿאַלן די אַרבעטער און פּויערים און דערטרונקען זייער אויפֿשטאַנד אין טײַכן בלוט.

די גרויסע פּויערישע מילכאָמע האָט ניט געקענט זיגן. די עקאָנאָמיק פֿון לאַנד איז נאָך ניט דערוואַקסן פֿאַר אַזאַ זיג. נאָר די פּויערים וואָלטן האָבן אַ גרעסערן דערפֿאָלג, ווען מיט דעם קאַמף וואָלט אָנגעפֿירט אַן אײנהייטלעכער צענטער פֿון אַ שטאַרקן אַרבעטערקלאַס.

די רייכע געשיכטע פֿון דעם פּויערימקריג קען ווען אַ מוסטערהאַפֿטער בײַשפּיל פֿאַר דעם דײַטשישן אַרבעטערקלאַס. דער גרויסער פּויערים-אויפֿשטאַנד ווײַזט נאָך אַמאָל, אַז אָן דער הילף פֿון דעם אַרבעטערקלאַס וועט דער פּויער קיין מאָל ניט זיגן.

---

מ. ווײַנגער.

# וועגן דעם ייִדישן אַלעפּבייז, אויסלייג און שפּראַכגעברויך.

(צו דער פֿילאָלאָגישער קאָנפֿערענץ בײַ דער ייִדשפּראַכקאָמיסיע פֿון „אינווייסקולט" ווערט געדרוקט אַף דיסקוסיעסוידעס.).

## די גרונטפּרינציפּן אין דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג פֿון דעם ייִד. שרײַבסיסטעם און שפּראַכגעברויך.

אין דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג פֿון דעם ייִדישן שרײַבסיסטעם און שפּראַכגעברויך מערקן זיך פֿאָלגנדיקע גרונטפּרינציפּן:

1) אַנשטאָט דעם סעמיטישן כאַראַקטער פֿונעם אַלעפּבייז, וואָס פֿאַרמאָגט ניט קין סימאָנים פֿאַר וואָקאַלן, צוגעבן דעם אַלעפּבייז אַן אייראָפּעיִשן כאַראַקטער: שאַפֿן באַזונדערע אויסעס פֿאַר וואָקאַלן און קאָנסאָנאַנטן. די פֿונקציעס פֿון וואָקאַלן באַקומען די אויסעס: א, ע, ו, י.

2) באַזײַטיקן פֿון אַלעפּבייז אַזעלכע אויסעס, וואָס זײַנען צוליב די אַרער יענע סיבעס געוואָרן דובליקאַטן. אַזוי איז אָפּגעפֿאַלן ת, וואָס איז געוואָרן דער דובליקאַט צום ס, ווײַל ביידע קלאַנגען, וואָס זײַנען פֿאַרצייכנט דורך די דאָזיקע בוכשטאַבן, זײַנען צונויפֿגעפֿאַלן. דאָסזעלבע מיטן ת (=ט), מיט שׂ (=ס), מיט כּ (=ק), ח (=כ).

3) אויסגעפֿינען נײַע מיטלען אַף צו פֿאַרצייכענען די קלאַנגען, וואָס זײַנען דער העברעיִשער און אַראַמישער שפּראַך פּרעמד און וואָס זײַנען אַרײַנגעבראַכט אין ייִדיש דורך די גערמאַנישע, סלאַווישע און אַנד. עלעמענטן. דאָס האָבן מיר, צ. ב., אין די סימאָנים טש, זש.

4) אײַנשטעלן פֿאַרן באַשטימטן קלאַנג זײַן פֿעסטפֿיקסירטן סימען, אויסמײַדנדיק צווײדײַטיקייט פֿון אויסעס. דערפֿאַר ווערט געברויכט דער צוויייענדיקער ו פֿאַרן w צום אונטערשייד פֿון ו, דער פּ פֿאַרן p—אַפֿילו צום סאָף—צום אונטערשייד פֿון פֿ=f.

5) פֿאַרצייכענען די צונויפֿגעזעצטע וואָקאַלן—דיפֿטאָנגען—דורך די אײנצלנע קלאַנגען, פֿון וועלכע די דיפֿטאָנגען באַשטייען.

דערפֿאַר שרײַבט מען מאַיסע, סאַי ווי סאַי, ניקאָלאַי, מאַי, באַיקאָט.

6) באַזײַטיקן די נעקודעס און אַנדערע הילפֿסימאָנים, וואָס האָבן פֿאַרלאָרן זייער באַטײַטונג: דעם סעגל, כוילעם; די דאָגעשן א.א.וו.

7) אינעם ליטעראַרישן ש פּ ר אַ כ ג ע ב ר ו י ך קומט פֿאָר אין פֿאַרלויף פֿון די לעצטע צענדליק יאָר אַלץ אַ גרעסערע דערנענטערונג צו דער מאַסנשפּראַך (ריק, שאָמער—מענדעלע, שאָלעמאַלייכעם). דער פֿאָנעטישער, לעקסישער און מאָרפֿאָלאָגישער באַשטאַנד פֿונעם ליטעראַרישן ייִדיש איז אין אַ גרויסער מאָס אַ סינטעז פֿון דיאַלעקטישע באַזונדערקייטן, דערבײַ ווערן אָבער אויסגעמיטן שמאָלע פּראָווינציאַליזמען.

8) דערפֿאַר איז ניט ריכטיק צו ריידן וועגן דעם א י נ ט ע ר ד י אַ ל ע ק ט י ש ן פּרינציפּ אינעם אויסלייג. דער אויסלייג דאַרף זײַן צוגעפּאַסט צו דער אָפּגערעטערקאָנווענציאָנעלער ליטעראַרישער שפּראַך און ניט צו די אײנצלנע דיאַלעקטן. עס ווערט אָפּגעוואָרפֿן די אידייע צו שאַפֿן אַ שרײַבסיסטעם, וואָס זאָל גלײַכצײַטיק באַפֿרידיקן עטלעכע דיאַלעקטן, ווי אַ פּראַקטיש אומויספֿירבאַרער. פּאַראַלעל מיטן אָנגעוויזענעם אין פּ. 7 פּראָצעס אינעם שפּראַכגעברויך קומט פֿאָר די דערנענטערונג פֿון דעם א ו י ס ל ײ ג צום ר ײ ד ן. עס באַקומט אַ ברייטע אָנווענדונג דער פֿ אָ נ ע ט י ש ע ר פּרינציפּ אינעם אויסלייג. צוזאַמען מיט דעם דאָזיקן פּרינציפּ קען ניט אויסגעמיטן ווערן דער מ אָ ר פֿ אָ ל אָ ג י ש ע ר פּרינציפּ. ס'איז נייטיק אײַנשטעלן די געהעריקע אָנווענדונג פֿון ביידע פּרינציפּן, ניט פּעטישיזירנדיק קיין איינעם פֿון זיי.

9) וואָס נענטער די ברייטע מאַסן קומען צום אַקטיוון אַנטייל אינעם געזעלשאַפֿטלעכן לעבן, אַלץ שטאַרקער ווײַזט זיך אַרויס דער דראַנג צו דערנענטערן די ליטעראַרישע שפּראַך צו דער מאַסנשפּראַך, צו פֿאַרייפֿאַכן—אַלזאָ, ראַציאָנאַליזירן—דעם אַלעפּבייז, פֿאָנעטיזירן דעם אויסלייג. די דאָזיקע טענדענצן זײַנען שוואַכער פֿאַרוויקלעכט אין די לענדער, ווו די רעוואָלוציע האָט געבראַכט בלויז צו בורזשואַזער דעמאָקראַטיע און פֿיל שטאַרקער אין ראַטנפֿאַרבאַנד. דער העכסטער פּונקט פֿון די דאָזיקע טענדענצן אין אויסלייג פֿאַר די לעצטע יאָרן איז די ייִדישיזירונג פֿונעם אויסלייגן די העברעיזמען.

10) צו ווײַטערדיקער ראַציאָנאַליזאַציע און וויסנשאַפֿטלעכער באַגרינדונג פֿון דער ייִדישער שפּראַכגעברויך און שרײַבסיסטעם קומען אין ראַטנפֿאַרבאַנד. בײַ אונדז זײַנען מיר, אויסער דער אָרפֿאָגראַפֿישער ייִדישיזירונג פֿון די העברעיִזמען געוועזן הינטערשטעליק אַקעגן דער רעפֿאָרמבאַוועגונג. מיר מוזן אויך דאָ זײַן אין דער שפּיץ. דאָס איז ניט בלויז אַ קולטורעלע, נאָר אויך אַ פּאָליטישע אויפֿגאַבע. מוירע צו פֿאַרגרעסערן די וואַנט צווישן ראַטנפֿאַרבאַנד און אַנדערע לענדער פֿאַר ייִדישן ייִשעוו איז ניט באַגרינדעט. אונדזערע אויסגאַבן ווערן ניט דערלאָזן אין די ראַטנגרענעצן ניט צוליבן אויסלייג, נאָר צוליב זייער אידעאָלאָגיע. און די פּרינציפּן פֿון דער רעפֿאָרם זײַנען אין די אויסלענדישע ייִדישע מאַסן פּאָפּולערער ווי בײַ אונדז.

די שוועריקייטן באַם בײַטן די אַלטע אײַנגעוואָנטקייטן זײַנען אומפֿאַרמײַדלעך בײַ יעדער ענדערונג אין געזעלשאַפֿטלעכן לעבן און טאָרן ניט זײַן קיין אָפּהאַלט אין דער ראַציאָנאַליזירונג פֿון דעם שרײַבסיסטעם.

11) די מאָטיוון פֿאַר ווײַטערדיקע רעפֿאָרמעס:

א) די פֿאַרווירקלעכונג פֿון די היסטאָרישע אַנטוויקלונגטענדענצן.

ב) די פֿאַרבילּיקונג פֿון דעם בוך: אַ ייִדישע איבערזעצונג פֿון רוסיש גיט אַ סך נימום אַף 25 פּראָצ. מער בוכשטאַבן ניט בלויז צוליב די לינגוויסטישע באַזונדערקייטן פֿון ייִדיש (צונויפֿגעזעצטע פֿאַרגאַנגענהייט—בין געפֿאָרן, האָב געריסן, ехал, рвал. באַשטימטער און אומבאַשטימטער אַרטיקל, שטענדיק צונויפֿגעזעצטע קומענהייט און אַנד.), נאָר אויך צוליב אַ גרויסער צאָל אויסעס, וואָס האָבן קיין קלאַנגבאַטײַטונג ניט, צוליב דובליקאַטן פֿון בוכשטאַבן און אַנד.

ג) די פּעדאַגאָגישע צוועקמעסיקייט: די אײנהייטלעכקייט און אײנפֿאַכקייט אין די באַציִונגען צווישן קלאַנג און אָס.

אַפֿם גרונט פֿון די אָנגעוויזענע גרונטפּרינציפּן אין דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג פֿון דעם ייִדישן שרײַבסיסטעם און שפּראַכגעברויך דאַרף מען 1) אײַ-

שטעלן דעם געאײַניקטן געבּרויך אין באַצוג צו יענע שוין עקזיסטירנדיקע נאָרמעס אין דעם שרייבּסיסטעם און שפּראַכגעבּרויך, וואָס ווייזן זיך אַרויס פֿאַר צוועקמעסיקע. 2) דורכפֿירן נייע ענדערונגען, וואָס האָבּן דעם צוועק ראַציאָנאַליזירן דעם אַלעפֿבייז, אויסלייג און שפּראַכגעבּרויך.

.I

# דער אַלעפֿבייז.

1) סע דאַרף בּײַן סאָף דערפֿירט ווערן דאָס באַזייטיקן די אויסעס—דובּלעטן. מע דאַרף אָפּוואַרפֿן די ענדבּוכשטאַבּן— ך, ם, ן, ף, ץ.

2) דער א, וואָס איז אַן אוניווערסאַלער בּוכשטאַבּ פֿאַר a, o און וואָס איז אויך אַ צייכן אָן קיין שום באַדייטונג—דער שטומער א,—דאַרף דיפֿערענצירט ווערן.

דער אַ (אַ מיטן פּאַסעך)=a

דער אָ (אַ מיטן קאָמעץ)=o

דער שטומער א, קאָלזמאַן ער ווערט נאָך אָפּגעהיט, דאַרף ער געבּרויכט ווערן אָן קיין שום נעקודע.

3) פֿאַרן u (ר. y) דאַרף **שטענדיק** געשריבּן ווערן אַ וואָוו מיט אַ מעלופֿן—וּ.

4) דער צייכן פֿאַרן i (רוס. и) דאַרף אָפּגעטיילט ווערן פֿונעם j פֿאַרן ערשטן—שטענדיק געבּרויכן אַ יוד מיט אַ כירעק: יִ=i (רוס. и). פֿאַרן צווייטן—שטענדיק דעם בּלויזן יוד: י=j (й).

5) צום אונטערשייד פֿון p (רוס. п) בּיז f (רוס. ф) דאַרף דער צווייטער פֿאַרצייכנט ווערן שטענדיק דורכן פּ מיט אַ האָריזאָנטאַלן שטריכל איבּער אים: פֿ=f (רוס. ф). דער פּ=p (רוס. п) איז דער פּ אָן קיין שום צוגאַבּסימאָנים.

6) אַף צו פֿאַרצייכענען די ווייכקייט פֿון די קאָנסאָנאַנטן, דאַרף אײַנגעפֿירט ווערן דער האַלבּרונדער אַפּאָסטראָף איבּערן בּוכשטאַבּ. דער גראַדער אַפּאָסטראָף בּלײַבּט אַף אָפּצוטיילן ווערטער, וואָס גיסן זיך בּאַם ריידן צוזאַמען. דעם ווייכקייטאַפּאָסטראָף געבּרויכן אין אַזעלכע פֿאַלן:

א. בּאַ קאָנסאָנאַנטן **פֿאַר** וואָקאַלן, ווו ס'ווערט יעצט געוויינטלעך געשריבּן דער י אַף צו פֿאַרצייכענען די ווייכקייט (דער „עמעס״ האָט דעם יוד אַרויסגעוואָרפֿן און קיין סימען פֿון ווייכקייט ניט אײַנגעפֿירט) **רעוואָליוציע, רעזאָליוציע, ליוציפֿער, ליעסין, פּליעסקען, פּליאַטקע, ליאָך. ניאַמע ניאַניע,, אָקטיאַבּער,, סענטיאַבּער, טיאָכקען,** קאָסטיום, רעזיומע.

פֿאַרן י איז ניט נייטיק צו פֿאַרצייכענען די ווייכקייט, וואָרום פֿאַר דעמדאָזיקן וואָקאַל, איז דער קאָנסאָנאַנט געוויינטלעך ווייך (אויסער אייניקע דיאַלעקטן): **ניסן, ליבּע, ליד.**

ב. בּאַ קאָנסאָנאַנטן, וואָס האָבּן נאָך זיך קיין וואָקאַלן ניט, ווו יעצט האָבּן מיר קיין שום מיטל ניט צו פֿאַרצייכענען די ווייכקייט: אָסען, קאָזאָן, פּאַליטאָ, בּוליבּע, קוזיניע, קעליניע, קוליטור, פּאַסאָלי, ראַלי, נאַלי.

7) די דיפֿטאָנגען דאַרפֿן געשריבּן ווערן דורך די אײַנצלנע בּוכשטאַבּן—סימאָנים פֿון די באַשטאַנדטיילן פֿון די דיפֿטאָנגען. aj=אַי. oj=אָי. ej=עי. uj—וי. ניט בּלויז **מאַיסע,** נאָר אויך **ראַיסן, בּאַיסן.** ניט בּלויז **בּאָיקאָט,** נאָר אויך **לאָיפֿן, שאָיבּ.** ניט בּלויז **פּאַרטעיִש,** נאָר אויך **עיל מעידל.** דעמאָלט ווערט מעגלעך צו פֿאַרצייכענען דעם דיפֿטאָנג uj—באָבּרויסק.

בּאַמערקונג.

אויבּ סע וועט ניט אָנגענומען ווערן דער אָנגעוויזענער אַרט שרייבּן די דיפֿטאָנגען, מוז מען דאָך דורכפֿירן אַזאַ שרייבּן אין פֿאַלן, ווען סע וואָלט בּאַם אַלטן אויסלייג אויסקומען געבּרויכן דעם שטומען א. וואָיל, געשוואָירן, וואָינונג, העבּרעיִש, פּאַרטעיִש, פּאַליצעיִש, בּלאָיקער.

8) דעם קלאַנג w (ר. в) פֿאַרצייכענען דורך איין וואָוו, וואָס וועט זיך גענוג אונטערשיידן פֿונעם וואָוו מיטן מעלופֿן—דעם סימען פֿאַר u (ר. y).

9. די קלאַנגען ej, oj, aj, i, u, שרייבּן אָן דער הילף פֿון דעם שטומען א: **ונדז, יִר, אַילן, אָיך, עידער.**

10) סע דאַרף אָפּגעוואָרפֿן ווערן דער שטומער **א** אין אַלע פֿאַלן, ווען ער געפֿינט זיך אינעווייניק אין וואָרט.

**ווו, טווע, פּרווון, דערציִונג, רויִק, אַנטשטייִונג, בּויִונג.**

11) באַפֿרייען די בּוכשטאַבּן פֿון נעקודעס, און אַנד. סימאָנים, ווו זיי זײַנען ניט נייטיק, צ. בּ. אין בּ, כּ, ע, פּ, י. (מיט אַ דאָגעש) און אַנד.

12) צוליבּ פֿאַרשיידענע פּראַקטישע צוועקן (צ. בּ., לעקסיקאָלאָגישע) דאַרף אײַנגעשטעלט ווערן די אָרדענונג פֿון די בּוכשטאַבּן אינעם יידישן אַלעפֿבייז. סע ווערט פֿאָרגעלייגט אַזאַ סיידער.

א (שטומער אַלעף, קאָלזמאַן ער עקזיסטירט), אַ, אָ, ו, י, ע, בּ, ג, ד, ה, וו, ז, זש, ט, טש, י, כ, ל, מ, נ, ס, פּ, פֿ, צ, ק, ר, ש, ׳(ווייכקייטאַפּאָסטראָף).

# דער סיידער פֿון די רעפֿאָרמען אין דער גראַפֿיק.

אויבּ מע זאָל מיטאַמאָל דורכפֿירן די רעפֿאָרמפֿאָרשלאָגן אינעם אַלעפֿבייז, וואָס זײַנען געמאַכט געוואָרן, וואָלט עס מיטאַמאָל שטאַרק געענדערט דאָס אויסערלעכע אויסזעען פֿון דער שריפֿט און צופֿיל פֿאַרשווערט דאָס לייענען. דערפֿאַר ווערט פֿאָרגעלייגט אַזאַ סיידער באַם דורכפֿירן די ענדערונגען.

די גאַנצע רעפֿאָרם דורכפֿירן אין פֿאַרלויף פֿון **צוויי** יאָר.

אין פֿאַרלויף פֿון ערשטן יאָר דורכפֿירן אַלע פֿאָרשלאָגן (ווייכקייט אַפּאָסטראָף. אָפּוואַרפֿן די ענדאויסעס, און אַנד. ווייניקער וויכטיקע:—וּ, יִ, און א, וו,. אַכוץ דעם אויסלייגן די דיפֿטאָנגען דורך די אײַנצלנע בּוכשטאַבּן און אָפּוואַרפֿן דעם שטומען אַ אין אָנהייבּ.

די לעצטע פֿאָרשלאָגן ווען דורכגעפֿירט ווערן אין פֿאַרלויף פֿון צווייטן יאָר.

.II

# אויסלייג און שפּראַכגעבּרויך.

## וואָקאַלן פֿון באַטאָנטן טראַף.

1) די קלאַנגענגרופּע—ענג,—ענק, שרייבּן שטענדיק דורכן ע, די גרופּע—**אַנג—אַנק**—דורכן **אַ: בּענק, לענג; בּאַנק לאַנג.**

2) ניט צונויפֿמישן יענעם ליטווישן ej, וואָס בּלײַבּט אין די אוקראַינישע דיאַלעקטן אויך ej און אין די פּוילישע aj (מעינען—מאַינען) — דערדאָזיקער ej ווערט אין דער ליטעראַרישער שפּראַך פֿאַרצייכנט ווי אַ ej — מיט יענעם ליטווישן ej, וואָס אין די אוקראַינישע און פּוילישע דיאַלעקטן איז ער oj — דערדאָזיקער ליטווישער ej ווערט דורך דער ליטעראַרישער שפּראַך ניט אויפֿגענומען סע ווערט פֿאַרצייכנט אין דעם פֿאַל דער פּויליש-אוקראַינישער oj: לויפֿן קויפֿן.

דאָס צוזאַמענפֿאַלן פֿון דידאָזיקע בּיידע קלאַנגען אין די ליטווישע אויסשפּראַכן נעמט באַם ליטווישן מעכאַבּער צייטנווייז אָפּ די מעגלעכקייט אונטערצושיידן, ווען מע דאַרף שרייבּן oj און ווען ej. דערפֿאַר טרעפֿן זיך אין די ליטוויש-ווייסרוסישע אויסגאַבּן אַזעלכע גרייזן (ג ר יי ז ן פֿון שטאַנדפּונקט פֿון דער ליטעראַרישער שפּראַך). ווי: **אויבּיק—אייבּיק, אויגל — אייגל אויל** — אייל, הויון—הייון, מוילע—מיילע. דעם ej דאַרף מען שרייבּן אין אַזעלכע ווערטער, וואָס ווערן אַלגעמיין געשריבּן ניטריכטיק (היסטאָריש גענומען).

**געוויינלעך** אָבּער **געוואָינהייט** — Gewöhnlich Gewohnheit

**נייטיק** אָבּער **נויט.**—Nötig· not

**הייבּן** אָבּער **געהויבּן**—heben· gehoben

**בּייגן,** בּויגן פּאַפּיר — פּויליש: בּאַיגן, בּויגן.

**רייכערן** אָבּער **רויך** — פּויליש: ראַיכערן, ראַיך.

**שטייסל — שטויסן** פּויליש: שטאַיסל, שטויס.

**נייגן זיך** — פּויליש: נאַיגן זיך.

**אייבּערשטער** — פּויליש: אַיבּערשטער.

## וואָקאַלן פון שוואַכבאַטאָנטן טראַף.

1) עס דאַרף דורכגעפירט ווערן דער גרונטגעזעץ פאַר די שוואַכבאַטאָנטע וואָ-קאַלן. דער טיפּישער קלאַנג אין דעם שוואַכבאַטאָנטן טראַף איז **ע**, זשאַבע — жаба בלאָטע — blotь· ודוי — ווידע גבאי — גאַבע א. אי וו.

דערפאַר דאַרף מען שרייבן: דאָקטער, פּראָפעסער, רעדאַקטער, доктор, профессор, редактор·

3. דעמדאָזיקן טיפּישן **ע** דאַרף מען פאַרן ליטעראַרישן יידיש אָפּגעבן די אויבערהאַנט. אויב אין די איינצלנע דיאַלעקטן הערט זיך ניט אַפילע קיין **ע**.

דערפאַר: **גוילעם, כוילעם, בעסוילעם, בוידעם, פּאָדעם.**

דערפאַר — **עך** ניט **אַך**: **גאַלעך, ליילעך, פייסעך, טישלעך, קעפלעך.**

דערפאַר אויך — באָרן זעך, שלאָגן זעך אָבער: **זיך** — ניט יענעם—ענען, מיט א י, ווייל דעררעאָזיקער ; j איז אַקצענטירט.

4. אָבער דער פרעמדשפּראַכיקער קלאַנג j שטרעבט צו פאַרטרייבן אויך אין ליטעראַרישן יידיש י, כאָטש לויט איינצלנע דיאַלעקטן ווערט ער אויך דאָ **ע**.

**ערדיש, היילִיק, פויערים, טאָמיד, בגאָדים, מאַגיד, מאַזיק, פּאָריק, טאַ ,י, ראַגינסקי,** פאַרן ק׳ באַמערקט זיך אַ שטרעבן אויך אַנדערע וואָקאַלן אַריבערפירן אין י, דערפאַר דאַרף מען שרייבן:

**זונטיק, מאָנטיק, וויטיק,** א. א. וו. אַזוי ווי היילִיק פאַבריק א. א. וו.

בלויז אין איינצלנע פאַלן איז אויך דער פרעמדשפּראַכיקער י — אין יידישע: כאַזער, **טאַלעס, טאַכלעס** — חזיר, טלית תכלית.

5. אויך דער וואָקאַל, וואָס געפינט זיך פ אַ ר ן אַקצענטירטן טראַף, שטרעבט אַריבערגיין אין **ע**.

דערפאַר דאַרף מען שרייבן:

**בעסוילעם** ניט **בייסוילעם.**

**בענעגייע** ניט **בענויגייע.**

**העצאָע** נים **הויצאָע.**

**העסאָפע** ניט **הויסאָפע.**

6) דער שוואַכבאַטאָנטער וואָקאַל קען ניט בלויז פאַרוואַנדלט ווערן אין **ע**, נאָר ער קען אויך אינגאַנצן אַרויספאַלן (קרוין — דייטש krone) פּראַקטיש איז זייער וויכטיק איינצושטעלן ווען דער שוואָ ווערט אין אידיש אַ **ע** און ווען פאַלט ער אינגאַנצן אַרויס.

דער שוואָ ווערט אין יידיש **ע** אין אַזעלכע פאַלן **שטענדיק** נאָך **י, ל, מ, נ, ר,**

**יערִיד, יעדִיע. יעסאָד.**

**לעוואָנע, לעוואַיע, האַלעוואַי, לעהאַוודל.**

**מענוירע, מעלוכע, מעכאַיע, מעכוטן.**

**נעשאָמע, נעוווּע, נעקאָמע.**

**רעשימע, רעגילעס, רעוויִיס, רעוואָכים.**

**ניט שטענדיק** נאָך **ג** אין די ווערטער: **געמאָרע, גערולע, גע-ניווע.**

**אָבער: גמאַר, גזאַר, גמילעסכעסעד, גזיירע.**

נאָך פ פאַר ג: **פּעגימע, פּעגירע.**

**אָבער: פשאָרע, פנימע, פניעס.**

דער שוואָ ווערט איבערגעגעבן דורכן **ע** אין די ווערטלעך ב=אין, ד=של, ו=און, כ=ווי.

בעקאָוועד, בענעגייע, בעראָש (אויסער דעם פאַל דאַרף מען אין וואָרט **בעהיימע** אָפּהיטן דעם **ע**).

בריסק דעליטע.

ווּעכאָל מאָמינים.

מע דאַרף אָבער אין זינען האָבן, אַז אין די אַלע אויסגערעכנטע פאַלן, ווען דער שוואָ איז אין יידיש ע, ווערט ער פונדערסטוועגן שטום, אויב עס קומט אים אויס צו שטיין **פאַר אַ וואָקאַל.**

**לעסאָטע** — לעת... **בייסמייסע** — בעת...

**לעג-בוימער** — ל״ג בעומר, **לאָילעם וואָעד** — לעולם.

**נילע** — נעילה, **רווּון** — ראובן, **ריע** — ראיה, **גולע** — גאולה פולע, סודע, **שאָר יעראָקעס.** א. א. וו.

נאָך אַנדערע קאָנסאָנאַנטן, אַכוץ די אויבנאויסגערעכנטע ווערט דער שוואָ שטום: **דוואָירע, זמירעס, טפילע, סוואָרע שמירע** א. א. וו.

7) ניט ריכטיק איז אַרויסגעלאָזט דער **ע** אין די ווערטער **אינעם**=אין דעם· **פונעם**=פון דעם. **אָנעם**=אָן דעם. דער ד פון דעם באַשטימטן אַרטיקל איז אין די אַנגערופענע ווערטער אַסימילירט צום פאָרגייענדיקן נ און צווישן צוויי נאַזאַלקלאַנגען — אין אונדזער פאַל נ און מ ווערט דער ע ניט שטום. אנאַלאָגיש אין **נעמען, ברעמען,** קעגן **טרייבן, טושן.**

פאַרקערט, אומבאַגרינדעט ווערט אָפּגעהיט דער דיפטאָנג אין וואָרט **קיי**= נ ד׳ אין (פאַרן קין וואַרשע) און אין **קיין**=פאַרניינונג (ניטאָ **קיין** געלט) בעשאָס אַף זיי פאַלט ניט אין זאַץ קין אַקצענט.

(די שוואַכאַקצענטירטע וואָקאַלן אין אַ גאַנצן זאַץ פאַלן אונטער דעמזעלבן געזעץ, וואָס די שוואַכבאַטאָנטע וואָקאַלן אין איינצלנעם וואָרט — זיי ווערן אָפּגעשוואַכט).

אויב אַף דער פאַרניינונג פאַלט דער אַקצענט, בלייבט זי מיטן דיפטאָנג· **קיין** שום מענטש.

## דער ע בא פלייציקע קאָנסאָנאַנטן ל, מ, נ, ר,

אין פאַרגלייך מיט דער היינטיקער ליטעראַרישער דייטשישער שפּראַך— אין אייניקע פאַלן—אויך מיט אַנדערע, שפּראַכן—ווו די אויבנאָנגעוויזענע דערשיינונג איז ניטאָ, אַנטוויקלט זיך אין יידיש אַ צוגאַב—**ע** צווישן די פלייציקע ל, מ, נ, ר· פאָרגייענדיקע קאָנסאָנאַנטן.

דערפאַר דאַרף מען שרייבן.

**טעאַטער, מעטער, צענטער, קאָנטער** — אין רוסיש צ. ב. театр, метр, центр, контр·

**סענטיאַבער, אָקטיאַבער, דעקאַבער.** сентябрь октябрь א. א. וו.

**אָרדענונג, איינאָרדענוען, האָפענונג, וואָרענונג, באַדערפעניש, באַוואָפענונג, פאַרצייכענונג. באַגעגעניש, וואַרעם, וואָרעם, שטורעם, אָרעם** (באַדערפטיק) **אָרעם** (האַנט) **גרענעץ** —

Ordnung, Hofnung ...
Grenze, warm, arm...

## קאָנסאָנאַנטן.

1) באַם שרייבן די ווערטער **ייִד, יינגל, ייכעס, יישעוו,** — און ניט **איִד, איִנגל,** א. א. וו. — האָט די אויבערהאַנט דער היסטאָרישער פּרינציפּ און די מערהייט (פוילן, אוקראַינע)·

2) דורכפירן דאָס פאַנעטישע שרייבן פון דער אַליידישער אויסשפּראַך.

**אונדז, גאַנדז, האַלדז.**

**פינצטער, פענצטער.**

**מענטש, ווינטשן.**

3) דורכפירן די אַסימילאַציע אין די העברעישע ווערטער. אין יענע פאַלן, ווען דער קאָנסאָנאַנט וואָס ווערט אַסימילירט, ווערט ניט צוריק אומגעשטעלט באַ דער בויגונג.

**כעזשבן, דאַפקע, יאָנטעוו, בעזדן. העגדעש, בעסאמיג־דעש.**

4) אָבער **גאַנעוון** ניט **גאַנעף,** ווייל באַ דער בויגונג ווערט אין דער מערצאָל אומגעשטעלט דער וו: גאַנאָווים. דוואָרים **בטיילים** ניט **פּטיילים,** ווייל אין דער איינצאָל ווערט אָפּגעשטעלט דער ב: **באָטל.**

5) אַפילע אין אַ גליד פון בויגסיסטעם דורכפירן די אַסימיליאַציע, אויב זי איז **אַ פולע**, ווען איין קאָנסאָנאַנט ווערט אינגאַנצן פאַרענלעכט צום צווייטן.

דאָס קומט פאָר א) אין דער דריטער פערזאָן איינצאָל און אין דער צווייטער —מערצאָל פון צייטווערטער, וואָס דער שטאַם זייערער ענדיקט זיך אַף ד, וועלכער ווערט פאַרענלעכט צום ט פון דער ענדונג.

**ער, איר—רעט. בינט, באַט, שאַט; ס'איז געוועגט, אָפּ-געשייט.**

אין די צייטווערטער, וואָס זייער שטאַם ענדיקט זיך אַף ט, ווערט דערדאָ-זיקער ט שוין לאַנג ניט געשריבן.

**ער—בעט, קנעט, טרעט, גלעט.**

ב) אין דער צווייטער פערזאָן איינצאָל פון צייטווערטער, וואָס ענדיקן זייער שטאַם אַף א ז, וועלכער ווערט אַסימילירט צום ס פאַר דער ענדונג סט.

**דו—ריי(ז)סט, ווײַ(ז)סט, ברוי(ז)סט·**

אין די צייטווערטער, וואָס זייער שטאַם ענדיקט-זיך אַף ס, איז דער צווייטער ס שוין לאַנג אָפּגעוואָרפן.

**דו—ביי(ס)סט, גי(ס)סט, .ווײַ(ס)סט.**

6) אַ שמאָלן פראָווינציאַליזם שטעלט פאָר דאָס שרייבן **אָפּן** שטאָט אָפּם. דאָ האָבן מיר צום סאָף דעם דאַטיוו פון באַשטימטן אַרטיקל, אַזוי ווי אין **באָם, צום**. דער **נ** נאָכן פּ (אויך וו, ב, פּ) קומט פאָר בלויז אין איינציקע ליטווישע דיאַלעקטן, ווו מע זאָגט: **היינון, לויפּן,** ניט הייום לויפּם.

7) באַצ צונויפזעצן פּרעפיקסן מיט אַנדערע ווערטער, בייס עס טרעפן זיך צוויי גלייכע קאָנסאָנאַנטן, שרייבן איינעם פון זיי:

**פאַרייכערן, אומעגלעך, אַוועקויפן, צונויפאָרן זעך, אָפּאַקן.**

8) אַנאַלאָגיש מיט אַזעלכע ווערטער, ווי **אָרעמאַן** (אָרעם+מאַן) **פאַראַכטאָגן** (פאַר+אַכט+טאָגן), **שלימאַזל** (שלים+מאַזל), ווו ס'איז שוין אָנגענומען שרייבן איין קאָנסאָנאַנט, שטרעבן באַם צונויפזעצן ניט בלויז מיט פּרעפיקסן, נאָר אויך מיט זעלבשטענדיקע ווערטער שרייבן איינעם פון די גלייכע קאָנסאָנאַנטן, אויב עס קומט דערביי ניט אויף קיין צווײַדייטיקייט און אומקלאָרקייט.

אַזוי קען מען שרייבן, צ. ב. אַזעלכע ווערטער:

**אַרבעטע(ר)ראַט, אַרבע(ט)טאָג, זומע(ר)רעגן, האַרבס(ט)טאָג, אָקטיאַבע(ר)רעוואָלוציע.**

ניט גלייכאַרטיקע קאָנסאָנאַנטן, כאָטש זיי ווערן געשריבן מיט דעמזעלבן אָס, דאַרפן ניט צונויפגעגאָסן ווערן.

צו אַזעלכע קאָנסאָנאַנטן געהערן.

דער טראָפבילדנדיקער ל, ג, וואָס שטייט באַ דעם געוויינטלעכן ל, ג.

**איידלליט, הימלליכט, שטעטללערער.**

**אייגנאָמען, צווישנאַציאָנאַל.**

אָדער אַ האַרטער מיט דעמזעלבן ווייכן קאָנסאָנאַנט.

**שוּלליטעראַטור'**

9) שרייבן—: **באַ** — (ריידן, רייסן).

**גע**—(שטאָכן).

**אום**—(ברענגען).

**אוּפ**—(נעמען).

סאַי באַטאָנט, סאַי אומבאַטאָנט שרייבן צו: צו בייסן און צובייסן.

אַנאַלאָגיש מיט — צוּ גאַסט, צוּפרידן, צוּ רעכטמאַכן, צוּלעצט, צוּזאַמען — שרייבן אויך צוּוואָרפן, צוּקלאַפן, צוּברעכן א. א. וו. פאָנעטיש זיינען דאָ גלייכע קלאַנגען.

אויב דער דאָרעמדיקער אָדער פוילישער ייִד רעט דאָ אַרויס אַ y, איז דאָס דערפאַר, ווייל דעם ליטווישן u(ר. y) אַנטשפּרעכט אין די ביידע אַנגע-רופענע דיאַלעקטן ביכלאַל y (אָדער i: מyטער, קישן—מוטער קושן).

שרייבן: (איינציק)—**ווײַן** ניט **ווייס**, (געזונטער)—**הייט** ניט **הייד**

**דער**—(קלערן) ניט—**ער.**

10) אין גענעטיוו—דאַטיוו—אַקוזאַטיוו איינצאָל פון מענלעכן אייגנשאַפטוואָרט שרייבן צום סאָף - **עם**, אויב פאַר דערדאָזיקער ענדונג געפינט זיך אַ וואָקאַל אָדער אַ נ: דעם **פרייעם, ריינעם.**

אין די איבעריקע פאַלן—**ען**: דעם **פרומען, רויטן, פיינערן.**

11) דעם ווייבלעכן גענעטיוו—דאַטיוו איינצאָל, שטענדיק ענדיקן אַף—**ער**: אין, פון, צו—אַ **בעסערער** צייט, גוטער שאָ; פון דער **טייערער** מוטערס וועגן,

12) נאָך איבערגייענדיקע צייטווערטער געברויכן דאָס וואָרט, וואָס איז פונם צייט-וואָרט אָפּהענגיק, אין **אַקוזאַטיוו**, ניט אין דאַטיוו.

איך זע—**דיך, די** מוטער, ניט **דיר, דער** מוטער.

13) ווייבלעכע הויפּטווערטער אַף **ע,** וואָס באַטייטן אַ לעבעדיקע זאַך·—**מאַמע, באָבע,**—שרייבן אין דאַטיוו מיט דער ענדונג—**ען,** אין אַקוזאַטיוו—גלייך מיטן נאָמינאַטיוו.

איך גיי צו דער מאַמען, באָבען.

איך זע די מאַמע, באָבע.

דערלאָזן די טאָפּעלע בילדונג פון דער מערצאָל אין די ווערטער, וואָס ענ-דיקן זיך אַף ר מיט אַ ס אָדער אָן אים צום סאָף.

**שרייבער** און **שרייבערס,** מעסער—ס טעלער—ס.

14) פאַריִדישן די פאָרמען פון מערצאָל אין די ווערטער אַף **ע,** וואָס זיינען אַנטליִען פון היינטיקן דייטש.

פראַגע—פראַגעס,

אויסגאַבע—עס,

אופגאַבע—עס.

15) דעם פאַרגאַנגענעם פאַרטיציפּ בילדן מיטן פּרעפיקס **גע;**—אונטער**גע**דריקט, איבער**גע**צייגט (איבערגעצייגטקייט), איבער**גע**פוילט.

**אָבער** אין די צייטווערטער אַף **ירן,** ווערט דער פאַרטיציפּ געבילדעט אָן דעם גע.

מע האָט—**נאַציאָנאַליזירט, טעלעפאָנירט, אַסימילירט.**

16) פאַריִדישן די פאָנעטיק פון איינצלנע ווערטער. צ. ב. דאָס וואָרט drohen אַנטהאַלט אַ לאַנגן o, וואָס אין יִדיש אַנטשפּרעכט אים oj. (קרוין—krone, טויט—tot).

דערפאַר דאַרף דאָסדאָזיקע וואָרט קלינגען אין יִדיש—דרויען: איך דרוי, דו דרויסט, ער דרויט א. א. וו.

17) אין אַזעלכע ווערטער ווי **איבערצייגן, אונטערדריקן,** ווו דער אַקצענט איז אין יִדיש אַפּם ערשטן זילב (אין דייטש איז ער אַפּם דריטן), דאַרף מען אין דער יעצטיקער צייט אָפּטיילן דעם פּרעפיקס און שטעלן אים נאָכן צייטוואָרט. מיר **דריקן אונטער,** ניט: מיר אונטערדריקן. מיר **צייגן איבער,** ניט: מיר איבערצייגן.

18) אָפּהיטן דעם מיטעלן געשלעכט, ניט איבערטרייבנדיק דערביי די צאָל ווער-טער, וואָס געהערן צו דעמדאָזיקן מין.

צום מיטעלן געשלעכט געהערן אומבאַדינגט:

א. דער אינפיניטיוו, וואָס ווערט געברויכט ווי אַ הויפּטוואָרט: **דאָס**—לעבן, לויפן, עסן.

ב. הויפּטווערטער מיטן פאַרקלענערסופיקס—ל, עלע, כן: **דאָס**—שטעטל, טישעלע, מילכן. מיילעכן.

ג. די פאָרם פון אייגנשאַפטוואָרט אַף **ס,** וואָס ווערט געברויכט ווי אַ הויפּטוואָרט: **דאָס**—גוטס, שלעכטס, פעטס.

ד. שטאָפנעמען: דאָס גאָלד, זילבער, אייזן, וואַסער, בלוט א. א. וו.

ה. ברוכצאָלן אַף—ל. **דאָס** דריטל, דאָס פערטל, צוואַנציקסטל.

ו. פאָלגנדיקע איינצלנע ווערטער: קינד, האַרץ, אויג, הויז, מיסט, אָרט, פלייש, בילד, וואָרט, ליד, מויל, פאָלק, פעלד.

צום מענלעכן, — און ניט צו אַנדערע—געהערן פאָלגנדיקע איינצלנע ווערטער:

ווײַן, בייטש, קאָפּ, פוס, נאָז, פרייז, פיש, גלאָק, צונג, לאָך, ראָר, באַרג.

## דער אויסלייג פון צונויפגעזעצטע ווערטער.

1) אין באַצוג צו צוויי שטאַמען, וואָס בילדן **איין** צונויפגעזעצט וואָרט און דריקן אויס **איין באַגריף**, דאַרף מען דורכפירן די **טענדענץ שרייבן זיי צוזאַמען**, אף וויפֿיל אַזאַ שרייבן באַשווערט ניט צ פּ ל דאָס לייענען.

אין דער ערשטער ריי דאַרפֿן צוזאַמען געשריבן ווערן ווערטער, וואָס אַנטהאַלטן ניט מער פון 2—3 טראַפֿן.

אין אַלע ריידטיילן האָבן מיר אַזעלכע פֿאַריינִיקטע ווע־טער.

2) הויפּטווערטער: **פֿאַריינהויז, שטיצפּונקט, אַרבעטערראַט, זיצונגזאַל, טאָגסיידער** א. אנד.

**מער** פון **צוויי** שטאַמען דאַרפֿן פֿאַריינִיקט ווערן בלויז מיט אַ שטריכל. (אין באַצוג צו אַלע ריידטיילן).

**אַרבעטעראַט-באַשטאַנד, פֿאָלקאָמראַט-זיצונג, טאָגסיידער-צעטל.**

3) אייגנשאַפֿטווערטער: **שוואַרצכיינעוודיק, ערשטקלאַסיקער, פֿאָליטעקאָנאָמישער, געלברויטע, האַלבנאַקעטע, סאָציאַלדעמאָקראַטישער.**

אין דער ערשטער ריי לאָזן זיך שרייבן ווי איין וואָרט אייגנשאַפֿטווערטער, דער ערשטער טייל פון וועלכער סע האָט ניט קיין פולן סופֿיקס.

אייגנשאַפֿטווערטער מיט **פֿולע** סופֿיקסן דאַרף מען ניט פֿאַריינִיקן אין איין וואָרט. נאָר בלויז מיט אַ שטריכל.

**געלבלעך-רויטער, קריסטלעך-סאָציאַליסטישער, ייִדיש-רוסישער, סאָוועטיש-ענגלישער.**

4) דעם אומשטאַנדוואָרט **ניט**—שרייבן **צוזאַמען** מיטן אייגנשאַפֿטוואָרט: **ניט-ייִדישער, ניטגוטער, ניטשיינער.**

דאָס זעלבע די הויפּטווערטער פון אַזעלכע אייגנשאַפֿטווערטער: **ניט ייִדישקייט, ניטשיינקייט.**

5) אויב אַ טייל פון דעם צונויפגעזעצטן וואָרט אַליין ניט געברויכט. דערפֿאַר **דערדאָזיקער, דידאָזיקע, דאָסדאָזיקע דערזעלבער. פֿונדאַנען ביזדאַנען פֿונוואַנען, ביזוואַנען, אינדערפֿרי, פֿאַרפֿרי.**

6) אויב אַ טייל פונעם צוזאַמענגעזעצטן ווערט געברויכט אין **אַזאַ פֿאָרם**, וואָס אין איצטיקן ייִדיש איז זי ניטאָ.

**אינדערוואָכן, אינדערלופֿטן, אינדערעמעסן, פֿאַראַכטאָגן, אייערנעכטן, פֿאַראַיאָרן, פֿונמיינעטוועגן, פֿונדיינעטוועגן, אינצווייען, אינדרייען, אינמיטנדערינען.**

7) אויב אַ טייל פון וואָרט איז אַ **פֿאַרקירצונג:**

**פּאָליטבילדונג, פּראָפֿבאַוועגונג, אַרבקאָר, קאָמיוג.**

8) אַזעלכע קלאַנגענאָכמאַכנדיקע, ווי: **ווירוואַר, מישמאַש, הוהאַ.**

9) ווען דער **מעטאָד** צו בילדן דאָס צונויפגעזעצטע וואָרט איז ניט ייִדיש: העברעיִש, צ. ב. סאָפֿקאָלסאָף, מיקאָלשקיין, פּאָנימעלפּאָנים, אַלפּיראָוו, אַלקאַלפּאָנים, אַלקיין.

בעניינייע **אומשטאַנדווערטער** באַמערקט זיך ביקלאַל אַ טענדענץ שרייבן זיי **צוזאַמען. אינדערהיים, אינאָוונט, באַנאַכט, באַטאָג, דעריבער, וויאַזוי, וויאַרומער, אַמאָל, אַפּאָנים, אַזייגער, אַסאַך, אַהיים.**

## וואָרטבילדונג.

1) דורכפירן די טענדענץ צו פֿאַרבייטן די דייטשמערישע וואָרטבילדונג מיט אַ מער ייִדישער.

2) ניט געברויכן דעם **ס** בּאַ דער צוזאַמענזעצונג.

**רעגירונגקריזיס, געשעפֿטפֿירער, וואָינונגקריזיס, אַרבעטאָג, לעבנשטייגער.** אין די ווערטער, וואָס זיינען אויסגעבילדעט אין דער עלטערער צייט, ווען דערדאָזיקער מיטל פון וואָרטבילדונג איז נאָך געווען לעבעדיק, אָפּהיטן דעם **ס: בלוטסטראָפֿן, שלאַגסרעגן, גאָטספֿאָרכטיק.**

אויך אין דער נייסטער צייט זיינען אַריין ווערטער פון דער היינטיקער דייטשער שפּראַך, אין וועלכע די פֿאָרם מיטן **ס** האָט זיך שוין איינגעבירגערט. מאַנספֿאַרשוין, לאַנדסמאַן.

3) דעם באַשטאַנדטייל **לאָזע** פֿאַרבייטן דורך דער בילדונג מיט **אָן: אָנפֿערדיקע, אָנאַרבעטיקע, אָנהיימיקע.**

4) ווו ס׳איז מעגלעך אָפּוואַרפֿן די ענדונג —**ונג**, באַזונדערס אין די צונויפגעזעצטע ווערטער, צוגרייטאַרבעט, אויספֿאָרשאַרבעט, אונטער דעם **אָנפֿיר.**

5) אין די צונויפגעזעצטע ווערטער אַנשטאָט דעם סופֿיקס-**אַציע** געברויכן-זיך בייס סע דאַרף פֿאַרצייכנט ווערן דער פּראָצעס, צוטיילונג אָרגאַניזירפּראָגע פּראָדוצירנאָרמע.

6) געברויכן די פֿאָרמען: **בורזשואַזיע, אינדוסטריע** ניט—בורזשואַזי, אינדוסטרי.

## לעקסיקאָן.

1) אין לעקסיקאָן פון דער געמיינזאַמער ייִדישער שרייבשפּראַך דאַרפֿן דערלאָזווערן פּאַראַלעלע פֿאָרמען, וואָס זיינען אַריינגעטראָגן געוואָרן פון פֿאַרשידענע דיאַלעקטן.

איצט—יעצט. קענען—קאָנען

באַקאַנט—באַקאַנט—באַקענט.

אימיץ—עמיץ—עמיצער—אימיצער.

יעטוועדער—יעדער.

אַזוינער—אַזעלכער—אַזעטיקער.

דעמלט—דאַמלסט—דאַמלט—דענצמאָל.

פּויערים—פּויערן. יאַמים—יאַמען.

ריידן—רעדן.

גילדענער—גאָלדענער.

מעגן—מאָגן.

זיינען—זענען—זאַנען, זייט—זענט.

טון—טאָן.

פֿאַרלירן—פֿאַרלאָרן.

ברונעם—ברונען.

היילן—איילן.

האַמפּערן—אַמפּערן

2) מע דאַרף פֿאַרבייטן דייטשמערישע ווערטער מיט די געהעריקע ייִדישע.

**נייטיקייט** שטאָט **נויטווענדיקייט.**

**אינעווייניקסטער**—אינערער (איינגעבירגערטע אויסדריקן פֿאַרשטייט זיך, לאָזן: אינער-קאָמיסאַר) **געאייניקטער**—איינהייטלעכער **דאָרפֿוויִרטשאַפֿט-**לאַנדווירטשאַפֿט. **דערבײַ**-דאַביי א. אנד.

א. וו. לונאַטשאַרסקי.

# די פּראָלעטאַרישע און מיטלויפּערישע ליטעראַטור אין מאירעוו-אייראָפּע*).

(מיינע איינדרוקן).

## I. דייטשלאַנד.

(פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור).

לויט מיינע באַאָבאַכטונגען און אינפאָרמאַציעס, וואָס מיר האָט זיך איינגעגעבן צו באַקומען, באַמערקט זיך איגנאַנצן ניט אין דייטשלאַנד קיין קלאָר און בוילעט-אויסגעשפּראָכענע פּראָלעטאַריש-ליטעראַרישע באַוועגונג אין פולן זין פון וואָרט. דאָרטן זיינען ניטאָ קיין ברייטע שרייבערישע אָרגאַניזאַציעס, ווי, לעמאָשל, אונדזער אַלפאַרבאַנדישע אַסאָציאַציע פון פּראָלעטאַרישע שרייבער (וואַפּפּ) אָדער אָרגאַניזאַציעס, אַשטייגער, פונם אַרבקאָרנטיפּ. אַלנפאַלס, אויב אַפילע ס'איז יאָ פאַראַן אַן אָרגאַניזאַציע פון קאָרעספּאָנדענטן, וואָס גרופירן זיך אַרום דער „ראָטע פאַנע", לאָזט זי זיך, אָבער, ניט פילן—די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע—אַפן געביט פון קינסטלערישער ליטעראַטור. דער רעדאַקטאָר פון דער ליטעראַרישער אָפּטיילונג פון דערדאָזיקער צייטונג—פרידע רובינער—האָט מיר דערציילט, אַז, האַגאַם עס באַקומען זיך יאָ זאַכן פון אַרבעטערשרייבער, נאָר זיי האָבן געוויינטלעך ניט קיין גרויסן ווערט און שטעלן ניט פאָר מיט זיך אַ וועלכן ניט איז באַ-דייטנדיקן אינטערעס אָדער אַ ליטעראַרישן כידעש. מיט איין וואָרט—אַפן דאָזיקן געביט, אַפן געביט פון אָרגאַניזירן די פּראָ-לעטאַרישע שרייבער, איז אין דייטשלאַנד גאָרניט אופגעטאָן גע-וואָרן.

פון דער אַנדערער זייט, אָבער, דאַרף מען קאָנסטאַטירן אַ גרויסן דערפאָלג אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם, וואָס ס'האָט זיך דאָרטן אויסגעבילדעט אַ גאַנץ באַדייטנדיקע גרופּע שרייבער, וועל-כע האָבן זיך איצט פאַרייניקט און ווילן אַריינטרעטן אין נאָענטע באַציִונגען מיט אונדז. דאָרטן איז פאָרגעקומען אַ זיצונג, אַף וועל-כער ס'זיינען געווען אַזעלכע פּערזאָנען ווי יאָהאַנעס בעכער, דענ-קער—אַן אַלטער סאָציאַלדעמאָקראַט—איצט אַ קאָמוניסט, זייער אַ סימפּאַטישע פיגור, וואָס גיט זיך אָפּ אַ פולשטענדיקן דינווע-כעשבן וועגן דעם, ווי אַזוי מיר שטעלן איצט פאַר זיך קולטור-פּראָבלעמען. ער האָט איצט באַקומען אַ גרויסע באַדייטונג און האַשפּאָע. אַ כויץ דעם, זיינען דאָרטן געווען די כ.כ. הערצאָג און דער, בעעמעס טאַלאַנטפולער, נאָך יונגער, טעאַטערטוער—פּיסקאַ-טאָר, דערנאָך רובינער, וועלכער פירט מיט זיך אַ גאַנצע גרופּע, וואָס איז אָרגאַניזירט אַרום דער ליטעראַריש-קינסטלערישער אָפּ-טיילונג אין „ראָטע פאַנע" און כ. באַראָן, וועלכער איז גלייכ-ציטיק דער סעקרעטאַר פון דער געזעלשאַפט „פריינט פון רוס-לאַנד". איך האָב זיי אַלעמען באַקאַנט געמאַכט מיט דער שטע-לונג פון דער פראַגע באַ אונדז, מיטן סטאַטוס און מיט די פונק-ציעס פון דער אינטערנאַציאָנאַלער ביוראָ פון דער פּראָלעטאַרי-שער ליטעראַטור. זיי האָבן מיך באַקאַנט געמאַכט מיט דעם, וואָס זיי האָבן אופגעטאָן. זיי האָבן געזאָגט, אַז זיי וואָלטן געוואָלט אַפן ענגסטן אויפן זיך צונויפבינדן מיט אונדז. זיי האָבן מיר דערציילט וועגן זייער אַרבעט אַפן געביט פון ארגאַניזירן ניט אַפי-לע די מיטלויפערישע, נאָר פּאָשעט די דייטשישע ליטעראַטור. זיי האָבן גענומען אַף זיך די איניציאַטיוו פון דערדאָזיקער ארבעט און זייער אופמערקזאמקייט איז געווענדעט מער אַף דעם, איידער אַף צו אָרגאַניזירן די צושטויבטע, קוים מערקבאַרע עלעמענטן פון דער פּראָלעטארישער ליטעראטור. לויט זייער איניציאַטיוו איז צום ערשטן מאָל אופגעקומען די אידיי צו שאַפן אַ שרייבער-פאַריין (Arbeitsgemeinschaft). דידאָזיקע אָרגאניזאציע וועט זיך צוּוואקסן אין אַלדייטשישן מאַסשטאַב, דערווייל אָבער איז זי טעטיק בלויז אין בערלין.

אינם פּרעזידיום פונם דאָזיקן פאַריין זיינען אריין אויך קאָ-מוניסטן, זיי בילדן דאָרט אַפילע די מערהייט. פון 5 מיטגלידער זיינען בלויז 2 בורזשואַזע שרייבער און 3 אונדזערע. דידאָזיקע שרייבער האָבן זיך אָרגאַניזירט אין אַ גרופּע און האָבן באקומען אַ גרויסן אַווטאָריטעט—דאָס איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאר דייטשלאנד. זיי וועלן אזוי ארום קאָנען באקומען די אָנפירונג אין דער שרייבערישער סוויווע. שפּעטער, פאַרשטייט זיך, וועלן זיך אָנהויבן אינטריגעס מיצאַד די סאָציאלדעמאָקראטן און א. וו. נאָר דערווייל איז די לאגע אַזאַ. שרייבער-מעגלעכקייטן זיינען פאר-בונדן הויפּטזאכלעך מיט דער „ראָטע פאַנע".

אַ כויץ דעם, קימאַט אומאָפּהענגיק, עפּשער אינגאנצן אומאָפּ-הענגיק פון דערדאָזיקער גרופּע, זיינען געקומען צו מיר די כ.כ. עדואַרד פוקס און הערצפעלדע פון דעם אזוי גערופענעם „Malik-Verlag"—זיי האָבן מיר געבראכט אַ גאַנצע קאָלעקציע פון זיי-ערע אויסגאַבן, פאַראַן דאָרטן פאַרהעלטניסמעסיק שוואכע זאכן, אין אלגעמיין אָבער, איז דידאָזיקע סעריע ביכער פון „מאַליק-פארלאג" אַ גאַנץ וויכטיקע ליטעראטור-דערשיינונג. פאראַן דאָרטן אַסאַך אַזעלכעס, וואָס איז צונויפגעבונדן מיט אונדזערע טענ-דענצן, מיט די טענדענצן פון „וואַפּפּ". דערדאָזיקער פארלאג איז אַ גאַנץ גרויסע אָרגאניזאציע אין פינאנציעלן זין. זיי קאנען ניט ווייניק ביכער ארויסגעבן און זיי זיינען אַפן ברייטסטן אויפן פארבונדן מיט די בוכהאנדלונגען.

*) דער ארטיקל איז צוגעשיקט געוואָרן ספּעציעל צום זשורנאל „שטערן".

## דער פּראָלעטאַרישער לייענער.

אונדזערע כאַווירים, וואָס זיינען אָרגאַניזירט אין אַ קרייז פון פּראָלעטארישער קולטור, ווי אויך אַ גאנצע ריי קאָמוניסטן, מיט וועלכע איך האב געפירט שמועסן—אלע האָבן זיך געקלאָגט פאר מיר, אז דער קולטור-ניוואָ פון די דייטשישע ארבעטער איז אַ נידעריקער. זיי האָבן געזאָגט, אז ס'איז זיי זייער שווער צו ארבעטן אין געביט פון קולטור, מאכמעס דידאָזיקע ארבעטער זיינען דורכגעגאַנגען גאנץ גרינטלעך די מעלוכעשול, וואָס האָט אף זיי ארופגעלייגט אַ שווערן שטעמפּל פון קליינבירגערלעכקייט, דערנאָך זיינען זיי אריינגעשטופּט געוואָרן אין קליינבירגערלעכן דייטשישן לעבנשטייגער און, צו אלע צאָרעס, נאָך געקאָכט זיך אין סאָציאלדעמאָקראַטישן קעסל, וואָס האָט אויך שטארק פאַרשמעלערט זייער לעבנסקוק. זיי אלע זיינען דעריבער פארבליבן טויב צו אלע, וועלכע ניט ס'איז מער פּראָגרעסיווע און ראפינירטע קונסטפאָרמען.

אונדזערע כאַווירים האָבן געטאַינעט, אז דידאָזיקע ארבעטער קוויקן זיך נאָך מיט באַלעבאַטישן נאַכעס און ארויסשלעפּן זיי פונם דאָזיקן צושטאנד איז זייער שווער, זיי האָבן, לעמאָשל, אָנגעוויזן, אז אפילע אייניקע זשורנאלן, וואָס גיבן זייער אינטערעסאנטן מאטעריאל און ווערן געפירט אין קאָמוניסטישן גייסט, ווי, לעמאָשל, „Der Knüppel“ אינטערעסירן אינגאנצן ניט די ארבעטער. זיי באַציען זיך נעגאטיוו צו דידאָזיקע זשורנאלן. זיי באַפרידיקן זיך מער מיט קאָלערליי קאריקאטורן, וואָס שילדערן פּאָליטישע געשעענישן פון זייער פּיקאנטער זייט. אלנפאלס איז פאראן אסאך ענלעכע מיספארשטייענישן. וואָס איז שאייך די קאָמוניסטישע ארבעטער, איז, ווי אונדזערע כאַווירים דערציילן, אויך בא זיי פאראן רעשטלעך פון אזא באַציונג. איך האָב ארויסגעטראָגן אַ מיינונג, אז אונדזערע דייטשישע כאַווירים האלטן פאר נויטיק אָנצוהויבן אן ענערגישע ארבעט אף צו שאפן מיט אייגענע קויכעס און מיט דער הילף פון איבערזעצונגען אַ פּראָלעטארישע ליטעראטור.

## דער פּראָלעטאַרישער טעאַטער.

כ. פּיסקאטאָר אנטוויקלט אַ פילצוזאָגנדיקן פּלאן ווי אזוי דראמאטורגן—קאָמוניסטן און פּראָלעטארישע שרייבער זאלן דעראָבערן דעם פּראָלעטארישן טעאטער—אַ גרויסן פּראָלעטארישן טעאטער. איך רעכן, אז ער וועט אפילע קריגן די נויטיקע סומע געלט, וואָס איז דערצו נויטיק. לויט מיין מיינונג, איז זיין פּלאן אביסל אַ צו דרייסטער, עפּשער איז עס אזוי צוליב זיין יונגן טעמפּעראמענט, ער איז אָבער זייער אַ טאלאנטפולער מענטש. איך האָב אים געזאָגט, אז אזא טעאטער איז אַן אוטאָפּיע, נאָר אין אלגעמיין גענומען, דארף מען יא אף אזא אויפן שטויסן פאָרויס אונדזער טעאטראלע דראמאטורגישע ליטעראטור.

באַ זיי פירט זיך דאָרטן אַ גאַנץ אַקשאָנעסדיקע אַרבעט אף צו אָרגאַניזירן לעבעדיקע צייטונגען און אינסצענירונגען. איינע אַזאַ אינסצענירונג, וואָס איז געמאַכט געוואָרן דורך דער יוגנט, האָב איך געזען אין אונדזער געזאַנדשאַפט. עס האָט געמאַכט אף מיר אַן איינדרוק פון אַן ערנסטער אַרבעט — עטוואָס אין נישעך פון אונדזער פּראָלעטקולט. געזען האָב איך אויך ווי אַן אַרבעטערקרייז האָט געשטעלט מיין פּיעסע „דער שליאָסער און דער קאַנצלער“.

ס'האָט זיך פאַרזאַמלט אַ גרויסער אוילעם אַן ערעך 2000 מאַן, נאָר געווען איז עס אַ ספּעקטאַקל—מאמעש אַ שרעק! קלאָר, אַז נעמען זיך פאַר גרעסערע פּיעסן קאָנען זיי נאָך ניט — זיי קאָנען ניט, מאַמעש ביז סקאַנדאַליעזקייט. קיין איינציקער קרייז פון אונדזער אַ גרויסן זאַוואָד וואָלט ניט געשפּילט אַזוי אומגעלומפּערט, ווי עס האָבן געשפּילט דידאָזיקע מענטשן.

## סאָציאַלדעמאָקראַטישע שרייבער.

צווישן די קאָמוניסטישע שרייבער מערקט זיך אַ העכסטנעגאַטיווע באַציונג צו די סאָציאַלדעמאָקראַטישע שרייבער און צו דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער קולטור. די באַציונג איז אַן אַבסאָלוט פיינטלעכע.ביידע צדאָדים פירן צווישן זיך אַ קאַמף. דאָס איז צו באַמערקן אין דער העכסט-נעגאַטיווער באַציונג צו אזעלכע שרייבער ווי באַרטעל, טאָלער, שענלאַנק און אַנדערע. די באַציונג צו זיי איז פולשטענדיק אַן אַכזאָריעסדיקע. פונדעסטוועגן אָבער האָב איך געזען אויך טאָלערן אַף איינעם פון די אופנאַמען וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן אין אונדזער געזאַנדשאַפט פאַר קאָמוניסטן און פּראָלעטאַרישע שרייבער. ער איז געווען גאַנץ אַזאַלירט אַפּן דאָזיקן אָוונט, אַף מיר, פּערזענלעך, האָט ער אָבער געמאַכט אַ באַצויבערנדיקן איינדרוק. קיין שום אַזעלכע שפּיצלען וואָס מע האָט געקאָנט דערוואַרטן פון אים, אורטיילנדיק לויט זיינע ליטעראַרישע אַרויסטרעטונגען, האָב איך ניט באַמערקט. אַפּן פּאָנים איז ער זייער אַ פּאָשעטער און אַ פריינטלעכער. מיר האָבן געשמועסט, און ער האָט מיר איבערגעגעבן זיין לעצטן ביכל מיט אַ הייסער באַקאָשע, איך זאָל זען מע זאָל עס איבערזעצן. פונדעסטוועגן איז ער אָפּיציעל אַריינגעטראָטן אין דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער פּאַרטיי, אַזוי, אַז פּאָליטיש איז ער זיך אינגאַנצן פאַנאַנדערגעגאַנגען מיט אונדז. ער האָט געפּרוּווט זיך דערווייזן מיר, אַז ער איז אַריבער אין דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער פּאַרטיי צוליב זיין פּאָליטישער אַנטוישונג אינם טעמפּ פון דער רעוואָלוציע, אַז דידאָזיקע אַנטוישונג ווינע באַזירט זיך אַף אָביעקטיווע באַאָבאַכטונגען וואָס קיין איינציקער מענטש קען זיי ניט אָפּלייקענען, ער האַלט אָבער, אַז דאָס קאָן ניט דינען אַלס סיבע איבערצורייסן די אַלגעמיינע קולטורליניע.

דאָס אַלץ, פאַרשטייט זיך, האָט ער מאָטיווירט גאַנץ אומבאַשטימט און געפּלאָנטערט. איך האָב ניט געהאַט קיין צייט גענויער צו ריידן מיט אים. אַגעוו, האָב איך זיך ביקלאַל ניט געשטעלט קיין אויפגאַבע אים צו איבערצייגן. איך האָב זיך ספּעציעל אָפּגעשטעלט אַף אים, מאַכמעס ער האָט געוואָלט קומען קיין רוסלאַנד און איך האָב אַפילע געמיינט, אַז ער וועט קומען קיין רוסלאַנד נאָך איידער איך וועל זיך אומקערן.

## „פּ אָ ל ק ס ט ע אַ ט ע ר“.

דאָס איז אַן אויפֿקלערערישער טעאַטער פֿון סאָציאַלדעמאָקראַטישן טיפּ. דאָרטן ווערן געשטעלט אַלטע קלאַסיקער, און פֿאַר דער לעצטער צייט, דאַכט זיך, איז דאָרטן געשטעלט געוואָרן ווייניק אַזעלכע פּיעסן, וואָס אַפֿילע פֿונם סאָציאַלדעמאָקראַטישן שטאַנדפּונקט וואָלט מען זיי געקאָנט רעכענען פֿאַר פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור. אינם דאָזיקן טעאַטער האָט געזאָלט גיין מיין פּיעסע „דאָן-קיכאָט“, און דער טעאַטער האָט איינגעלאַדן פּיסקאַטאָרן. מע האָט דענסטמאָל שוין זיך געפֿונען אין פֿאַרלעגנהייט, צו וועט ער גיין אַהין צו ניט. געענדיקט האָט זיך די מאַיסע גאָר ניט גוט. פּיסקאַטאָר האָט געוואָלט צוגעבן דער פּיעסע אַ בוילעט-פּאָליטישן כאַראַקטער. אין אַ וואָך פֿאַרן ספּעקטאַקל האָט מען אים דערווייטערט פֿון דער אַרבעט. ס'איז איינגעלאַדן געוואָרן אַ גוטער אַרטיסט-באָנען, נאָר ער האָט געזאָגט, אַז אַזוי שפּילן „דאָן-קיכאָטן“ וועט ער ניט. ס'איז אויסגעבראָכן אַ גרויסער סקאַנדאַל, וואָס איז באַלויכטן געוואָרן אין אייניקע צייטונגען. דערדאָזיקער טעאַטער שטעלט פֿאָר מיט זיך אַ גאַנץ באַדייטנדיקן אינטערעס. ס'איז אַ גרויסער טעאַטער, וואָס איז יעדן מאָל געפּאַקט מיט פּובליקום, אַ טייל קליינבירגער, נאָר אַף 2 דריטל אַרבעטער. דאָס פּובליקום באַציט זיך מיט גרויס אויפֿמערקזאַמקייט, מאַמעש ריִרנדיק, צו די פּיעסן. באַ אונדז וועט מען צו דער בעסטער פּיעסע זיך ניט באַציִען מיט אַזאַ וואַרעמקייט. אינם דאָזיקן טעאַטער מוזן מיר זיך אַריינכאַפּן, מיר מוזן אים דעראָבערן. איך האָב מיקויִעך דעם געהאַט אַ שמועס און געהערט אַ מיינונג פֿון קאָמוניסטן, וואָס טאַינען, אַז דערדאָזיקער טעאַטער שווענקט זיך מאַמעש אין שמוץ, אַז ער טראָגט אַ פֿאַרקריפּלטן כאַראַקטער. זיי פֿאַרופֿן זיך דערביי אַף דעם, אַז פּיסקאַטאָר, לעמאָשל, איז אַהין געגאַנגען און גאָרניט געקאָנט אויפֿטאָן — מע האָט אים נאָך פֿיל אומאַנגענעמלעכקייטן פֿאַרשאַפֿט, אַרויסגעוואָרפֿן א. א. וו. וואָס איז שאַיעך מיין פּיעסע, וואָס איז דאָרטן געגאַנגען, האָט זי געהאַט א גרויסן דערפֿאָלג. זי איז געגאַנגען 20 מאָל קעסיידער און די פּרעסע האָט זיך אָפּגערופֿן וועגן איר, ווי וועגן אַ באָלשעוויסטישער פּראָפּאַגאַנדישער פּיעסע, וואָס באַפֿרידיקט ניט, סאַי פֿון דער קינסטלערישער זייט, סאַי פֿון דער פּסיכאָלאָגישער זייט און איז בלויז פֿליִנק געמאַכט געוואָרן, כדי צו פֿאַנגען די סימפּאַטיעס פֿונם עולם.

דאָס איז אַלץ, וואָס כ'קען זאָגן וועגן מיינע איינדרוקן פֿון דער מאָדערנער ליטעראַטור אין דייטשלאַנד.

---

## II. פ ר א נ ק ר ײ ך.

### „קלאַרטע“.

מיט דער אָרגאַניזאַציאָנעלער זייט פֿון דער פֿראַנצויזישער ליטעראַטור האַלט עס זיך ניט גוט. קודעמקאָל דאַרף מען דערמאָנען, אַז באַרביוס האָט שוין פֿון לאַנג איינגעריסן מיט דער גרופּע „Clarté“. באַ איצטיקן מאָמענט איז צווישן אים און „קלאַרטע“ ניטאָ קיין שום שייכעס. וועגן די סיבעס דערפֿון עקזיסטירן פֿאַרשיידענע מיינונגען. אין יענע קרייזן, וואָס באַציִען זיך מיט אומצוטרוי צו דער לייטונג פֿון „קלאַרטע“, שמועסט מען, אַז לויט זיין טאַלאַנט האָט באַרביוס פֿאַרנומען אין דער גרופּע דעם ערשטן אָרט. די יוגנט אָבער האָט פֿאַרוואָלט זעלבסטבאַשטימען זיך און ס'איז אויסגעבראָכן אַ קאַמף צוליב ערטער. אַנדערע ווי דער שמועסן, אַז דערביי זיינען געווען אידעיִשע כילוקי־דייעס. מע דאַרף זאָגן, אַז די ערשטע צייט איז די גרופּע „קלאַרטע“ געווען אַן אָרגאַניזאַציע פֿון ראָמאַנטיש-געשטימטע טרוימער, וואָס זיינען נאָך דער מילכאָמע אַוועק פֿון דער בורזשואַזיע, מאַכמעס דענסטמאָל האָט זיך זיי געדאַכט, אַז די רעוואָלוציע שטייט שוין באַם שוועל און זיי האָט פֿאַרכאַפּט די אידייע פֿון אַ בונד מיטן קאָמוניזם און מיט רוסלאַנד. דערדאָזיקער גאַנצער עולעם איז טיילווייז צערונען געוואָרן און טיילווייז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין ווייכלייביקע עסטעטישע קרייזלעך. ווען באַרביוס האָט עס באַמערקט, האָט ער אינגאַנצן צוריסן מיט דערדאָזיקער גרופּע, אַוועק פֿון איר און עפֿנטלעך דערקלערט, אַז לויט זיין מיינונג איז דידאָזיקע באַוועגונג שוין אַ דעגענערירטע און בלייבן דאָרטן האָט ער ניט בעדייע. „קלאַרטע“ האָט זיך געמיט זיין אַן אָרגאַן פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און פֿירן אַ שטרענגע ליניע. זיי האָבן באַשולדיקט באַרביוסן, אַז ער פֿירט אַ ליניע אַף צו פֿאַריייניקן קלוימערשט מיטלויפֿערישע עלעמענטן, אַז ער איז שוין אַזוי ווייט אַוועק, אַז זיי קאָנען אים שוין ניט אונטערהאַלטן און זיי צוגייען זיך מיט אים. באַרביוס האָט זיך דערפֿון ניט שטאַרק גענומען צום האַרצן, מאַכמעס די לעצטע צייט האָט ער גענומען אַף זיך די איניציאַטיוו צונויפֿקלייבן אין פֿראַנקרייך אַלע קויכעס, וואָס קאָנען שטעלן א ווידערשטאַנד דער סאַקאָנע פֿון רעאַקציע — סאַי דער פּאָליטישער, סאַי דער קולטורעלער. די „קלאַרטע“ פֿירט אין אירע פֿילצאָליקע אַרטיקלען אַן אויסערלעך-דעקאָראַטיווע, פֿאַלשע ליניע פֿון דער סאַמע קאָשערסטער סעקטאַנטישער ריינקייט. דערביי איז אין „קלאַרטע“ אַזאַ כאַאָס, אַזאַ נעפּל און אַזאַ אומאויפֿהערלעכער שווינדל פֿון דעקאָראַציעס, אַז דאָס וועקט די סאַמע שווערסטע ראַיוינעס.

דער פֿאַקטישער באַלעבאָס קימאַט פֿון דערדאָזיקער גרופּע איז איינער פֿוריע, וועלכער איז מיטן געפֿיל איבערגעגעבן דעם קאָמוניזם מיט לייב און לעבן. ער איז זייער אַן אָרנטלעכער און פֿלאַמענדיקער יונגערמאַן און איז שטאַרק אָפּגעהיט, עס זאָל אים ניט פֿאַרשאַטן קיין בורזשואַזע כוילאַאס. אף וויפֿל איך האָב געהאַט די מעגלעכקייט זיך באַקאָנען מיט אייניקע זיינע אַרטיקלען, איז ער טעאָרעטיש ניט קיין שלעכטער מאַרקסיסט.

די האַשפּאָע פֿון דער „קלאַרטע“ איז גאַנץ שטאַרק, האַגאַם זי האָט ניט קיין גרויסן טיראַזש — אינגאַנצן 5000 עקזעמפּלאַרן.

### „ס ו ר ־ ר ע א ל י ס ט ן“.

עס עקזיסטירט דאָרטן אַ זשורנאַל „La Rewolution“ ווו די „סור-רעאַליסטן“ דערקלערן, אַז זיי ווילן זיך ניט פֿאַריייניקן אין אַן איינהייטלעכן פֿראָנט מיט די פּאַציפֿיסטן און אַז זיי פֿירן זייער פֿריערדיקע רעוואָלוציאָנערע ליניע. אינטערעסאַנט איז זייער

דערקלערונג: „אונדזער האָפֿענונג אַף נייע אונטערערדישע קויכעס, וואָס זיינען אימשטאַנד איבערקערן מיטן קאָפּ אַראָפּ די גאַנצע געשיכטע און צערייסן דעם לעכערלעכן פּאַקטנקנופּ—צווינגט אונדז זיך קערן מיטן פּאָנים צו אַזיע. איצט איז געקומען די צייט, אַז מאָנגאָלן זאָלן אַרויסרוקן זיך אַפֿן ערשטן פּלאַן און פֿאַרנעמען אונדזער אָרט". ס'איז געווען אַזאַ פֿאַקט, וואָס האָט אָנגעמאַכט אַ גרויסן טומל: די סור-רעאַליסטן זיינען געגאַנגען אין טעאַטער, ווו עפּעס אַ קאַטוילישער לעקטאָר האָט געלייענט אַ לעקציע. איז אַף דער לעקציע געקומען אויך אַראַגאָן—אַ סור-רעאַליסט, אַ טאַלאַנטפֿולער יונגער שרייבער, אַ פֿלאַמענדיקער רעוואָלוציאָנער (ווען ער שלאָגט די וויטרינעס אינם איטאַלענישן בולוואַר) און אויסגעשריען: נידער מיט פֿראַנקרייך! מע האָט די סקאַנדאַליסטן אָפּגעפֿירט אין צירקל, נאָר קיין פּראָצעס האָט מען קעגן זיי ניט פֿאַרפֿירט, מאַכמעס מע האָט זיי באַטראַכט ווי פּאָשעטע יינגלעך האַגאַם זיי האָבן געשריען אין צירקל, אַז פֿראַנקרייך איז אינגאַנצן צופֿוילט, אַז פֿראַנקרייך דאַרף צופֿאַלן ווערן און זיי וועל דעמדאָזיקן פּראָצעס מיטהעלפֿן.

זיי ווענדן זיך צו דער פֿראַנצויזישער בורזשואַזיע און זאָגן מיר האַלטן, אַז אַ בלוטיקע רעוואָלוציע מוז אומפֿאַרמיידלעך קומען אַלס נעקאָמע פֿאַר אייער לעבן ביז איצט. זיי שרייען אַזוי: „ווער קאָן זאָגן, ווו איז אין אייראָפּע דער מיזרעך—ער איז אומעטום—אַפֿן גאַס, און יעדער מענטש, מיט וועמען איר טרעפֿט זיך טראָגט אין זיך, אַ שטיק מיזרעך, מאַכמעס מיזרעך שטעקט אינם עצעם באַוווסטזיין פֿונם מענטשן".

די סור-רעאַליסטן, וועלכע האָבן פֿון שטענדיק אָן פֿאָרגעשטעלט מיט זיך דעם לינקן פֿליגל פֿון דער פֿראַנצויזישער ליטעראַטור, דערקלערן איצט, אַז זיי גייען אַריבער שוין אנטגילטיק צום קאָמוניזם און אַז זיי זעצן זיך שטודירן מאַרקסן און לענינען, אָפּזאָגנדיק זיך אינגאַנצן פֿונם אַנאַרכיזם. זיי אַנטוויקלען אָבער דערביי אַן אייגענע פּראָגראַם. זיי דערקלערן, אַז אין פֿראַנקרייך וועט די נאָענטסטע צייט קיין רעוואָלוציע ניט זיין, מאַכמעס דער פּראָלעטאַריאַט האָט זיך ניט אַרויסגעוויזן אַף דער געהעריקער הויך און ער איז צופֿרידן מיט דעם ביפֿשטעקס, וואָס ער באַקומט איצט, דעריבער דאַרף מען זיך ניט שפּילן און דאַרשענען וועגן רעוואָלוציאָנערן דראַנג פֿאָרויס און וועגן שאַפֿן אַ וועלכע ניט איז נייע קולטור. די לאַגע איז אַ פֿאַרצווייפֿלטע, נאָר אַנטוואָפֿענען זיך דאַרף מען ניט. לאָמיר—זאָגן זיי—הויך האַלטן די פֿאָן פֿון אולטראַ-פֿאַרצווייפֿלונג. לאָמיר באַשפּייען אַלץ, וואָס טוט זיך איצט אין פֿראַנקרייך. זייער לאָזונג איז: זאָל לעבן אַזיע! ווען אַזיע וועט קומען וועט זי איבער אונדזער קערפּער שפּרייזן, און מיר וועלן איר שרייען הושאַינאָ...

כאַראַקטעריסטיש איז, וואָס דידאָזיקע „פּראָגראַם" איז ניט קיין אויסטראַכטעניש פֿון עפּעס אַ הייפֿל מענטשן, דאָס איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דער גאַנצער סאָציאַלער לאַגע פֿון פֿראַנקרייך, מאַכמעס די, וואָס ווילן פֿירן אַ קולטוראַרבעט, געפֿינען זיך אין אַ שווערער לאַגע. דערדאָזיקער אוילעם איז זייער אַן אָרנטלעכער, ענערגישער און טאַלאַנטפֿולער, באַזונדערס טאַלאַנטפֿול איז אַראַגאָן. זיי אַלע ווילן בעעמעס אַרויסקריכן פֿון גרוב, אין וועלכער זיי זיינען אַריינגעפֿאַלן, פֿאַרן קאָמוניזם האָבן זיי זיך אָנגעכאַפּט ווי פֿאַר אַ רעטונגשטריק. אַף וויפֿל זיי זיינען אימשטאַנד אָנצושטרענגען זייער מויעך אַף צו פֿאַרשטיין די גרונטיעסוידעס פֿון מאַרקסיזם, קאָן איך נאָך איצט ניט זאָגן, דערווייל איז זייער לאָזונג—„אַ בלוטיקע רעוואָלוציע, אַן אַזיאַטישע רעוואָלוציע".

## יידישע שרייבער—מיטלויפֿער.

איצט גיי איך איבער צו אַ צווייטער גרופּע אומפּאַרטיישע שרייבער. זיי האָבן אָנגעגעבן אַפֿילע אַן אָפֿיציעלע מעלדונג, כ'ווייס ניט וועמען, און שרייבן צווישן אַנדערעס אַזוי: „מיר זיינען נאָך צו יונג, פּאָליטיש ניט פֿולשטענדיק אויסגעקריסטאַליזירט און מיר האַלטן, אַז מיר זיינען נאָך ניט ווערט אַריינצוטרעטן אין דער פּאַרטיי. מיר בעטן אָבער נעמען אין אַכט, אַז אונדזער גרופּע באַשטייט פֿון מענטשן, וואָס לויט זייער באַוווסטזיין זיינען זיי קאָמוניסטן און דעריבער ווילן זיי, מ'זאָל זיי פֿאַררעכענען פֿאַר אַקטיווע מיטלויפֿער". דידאָזיקע גרופּע האָט אַרויסגעגעבן אַן אָרגאַן: „פֿילאָזאָפֿיע". ס'זיינען דערשינען 4 אָדער 5 נומערן. אין שפּיץ פֿון דער גרופּע שטייט אַ יונגערמאַן פֿון אַ יאָר 22. די גרופּע אין אַ צאָל פֿון 18 פּערזאָן האָט מיך באַזוכט און געהאַט מיט מיר אַ געשפּרעך.

פֿריער פֿאַר אַלץ האָבן זיי דערקלערט, אַז זיי זיינען יידן. אין דער צייט, ווען אין קלאַרטע אַרבעטן בלויז ניט-יידן. דעמדאָזיקן פֿאַקט שטרייכן זיי אונטער און דערקלערן דערביי, אַז אין גרונט פֿונם וועלטבאַנעם באַ די קאָמוניסטן פֿון „קלאַרטע" ליגט דער פּעסימיזם, באַ זיי אָבער הערשט דער אָפּטימיזם. דעמדאָזיקן אָפּטימיזם זייערן באַטראַכטן זיי אַלץ יידיש-נאַציאָנאַלן שטריך. וואָס איז באַ זיי פֿאַרבליבן. דעריבער גלויבן זיי אין צוקונפֿטיקן זיג.

דידאָזיקע יונגעלייט פֿאַרמאָגן אַכוץ דעם, זייער אַן אייגענע פֿילאָזאָפֿיע, וואָס באַזירט זיך אַף שפּינאָזען, וועמען זיי האַלטן פֿאַרן פֿאָטער פֿון מאַרקסיזם. זיי האַלטן, אַז דער גייסט פֿון אינדיווידואַליזם—דאָס איז אַ קלאָלע פֿון דער בורזשואַזער קולטור. זיי האָבן געוואָלט גוויווער זיין דעמדאָזיקן אינדיווידואַליזם, נאָר זיי האָבן זיך איבערצייגט, אַז דאָס וועט מעגלעך זיין נאָר דאַמאָלסט, ווען ס'וועט שוין ניט זיין קיין פּריוואַט-אייגנטום, דעריבער איז איין אויסגאַנג פֿאַראַן—קאָמוניזם.

אינטערעסאַנט איז צו באַמערקן, אַז דידאָזיקע גרופּע האָט פֿריער באַקומען פֿינאַנציעלע שטיצע פֿון עפּעס אַ קאַפּיטאַליסט. דערנאָך, אַז די גרופּע איז אַרויסגעטראָטן קעגן דער מילכאָמע אין מאַראָקאָ, האָט דער קאַפּיטאַליסט אויפֿגעהערט זיי שטיצן און זייער זשורנאַל איז פֿאַרמאַכט געוואָרן.

## מענדל ברויד.

כ'האָב אויך זיך געטראָפֿן דאָרטן מיט אונדזער אַ לאַנדסמאַן, איינער מענדל ברויד. ער שטאַמט פֿון אַרבעטער, געענדיקט אַן אַרבפֿאַק, געלערנט זיך אין כאַרקאָווער אוניווערסיטעט, ער איז בעעמעס אַ געניאַלער מאַטעמאַטיקער. די סאָרבאָנע האָט אים אָפּגעגעבן אַ ספּעציעלע קאַטעדרע אַף צו לייענען לעקציעס וועגן

זיינע געאָמעטרישע טעאָריעס. די פּראָפעסאָרן, מיט וועלכע איך האָב גערעדט אַ געשפּרעך וועגן אים האָבן דערקלערט, אַז מענדל בראיד איז א פענאָמענאַלער מאַטעמאַטיקער, און אַז ער פאַרמאָגט אַזעלכע פעיקייטן, וואס האָבן אַן אויסערגעוויינטלעכע באַדייטונג. ער איז מיט אונדז פאַרבונדן. פריער איז ער געווען אַ מיטגליד פון אונדזער קאָמוניסטישער אָרגאַניזאַציע, נאָך דערנאָך, אַז ער איז אָפּגעפאָרן אין אויסלאַנד, האָט ער זיך אָפּגעריסן פון דער פּאַרטיי.

## זשאַן־רישאַר־בלאָק.

דאָס איז אַ יידיש-פראַנצויזישער שרייבער. ער האָט געמאַכט אַף מיר זייער אַ גוטן איינדרוק. ער איז אינגאַנצן פאַר אונדזער פּאָליטיק און איז אונדז ביקלאַל אַ גוטער פריינט. די שרייבער פון „קלאַרטע" זאָגן וועגן אים, אַז ער איז אַ גרויסער טאַלאַנט, ער האָט דערפאָלג, מע לייענט זיינע ביכער מאַסנוויַיז, דעריבער איז ער אַן אייגענער מענטש באַ דער בורזשואַזיע און האַלב-בורזשואַזיע. די „קלאַרטע" מיינט, אַז ער וועט שוין דאָרטן פאַרזונקען ווערן און דעריבער דאַרף מען פון אים זיך דערוויַיטערן. איך האַלט אַז אַ בלאָק מיט אים איז מעגלעך.

## פּיער אַמפּ און וויקטאָר מאַרגעריט.

פּיער אַמפּ איז אַ גרויסער מענטש. איצט וויל ער אומבאַדינגט פאָרן קיין רוסלאַנד. און איך רעכן, אַז דאָס איז זייער אַ וויכטיקער איניען. אַ באַציִונג האָט ער צו אונדז אַ באַשטימטע און אַ פריינטלעכע. ער זאָגט: איך בין פריער געשטרויכלט געוואָרן, איך האָב גערעכנט, אַז דאָס אַלץ איז ניט מער ווי אַ גוואַלדטאַט, אַז די רעוואָלוציע איז ניט איינגעוואָרצלט אין די פאָלקמאַסן, אַז עס גייען איצט די לעצטע טעג פון דער רעוואָלוציע—אירע קאָנוווּלסיעס. דעריבער האָב איך געהאַלטן, אַז די רעוואָלוציע איז אַ פּריציייטיקע, אַז ס'וועט זיך ענדיקן מיט אַ דורכפאַל. איצט האָב איך גאָר אַן אַנדער מיינונג וועגן דעם, איך זע, אַז הינטער אייך שטייען מאַסן, איר ווערט אַלץ מער איינגעוואָרצלט אין לעבן. דעריבער האַלט איך, אַז איך קאָן זיך באַשטימט אָנרופן אַלס גוטער פריינט פונם רעוואָלוציאָנערן רוסלאַנד. פּיער אַמפּ האָט אָבער דערביי אויסגערעדט, אַז דאָס אַלץ איז ניט נויגייע פראַנקרייך, מאַכמעס די פראַנצויזן—דאָס איז אַזאַ פאָלק, וואָס איז ניט גרייט צוגיין אַף ראַדיקאַלע ענדערונגען, זייענדיק באַלאַסטעט מיט אַ היפשער צאָל פּויערים. לויט זיין מיינונג, וועט פראַנקרייך קומען צו אַן אַרבעטער-פּויערישער רעגירונג ביסלעכווייז אין פאָרם פון אַ בעהאַדראָגעדיקן אופשטייג.

דערדאָזיקער פּיער אַמפּ איז אַן אויסגעצייכנטער אַרבעטפּאָעט, וועלכער האָט שוין אָנגעשריבן אַ ריי וווּנדערבאַרע ביכער, און אַפילע די בורזשואַזיע קאָן ניט אָפּלייקענען, אַז ער שטייט איצט בעראָש פון דער פראַנצויזישער ליטעראַטור. זיינע ביכער האָבן אַ גרויסן טיראַזש, האַגאַם ער איז שטענדיק שאַרף אַנטיבורזשואַז.

ווייטער גייט וויקטאָר מאַרגעריט. ער האָט אָנגעשריבן אַ בוך "La garçonne„ וואָס צייכנט זיך אייגנטלעך באַזונדערס ניט אויס, האָט גענעראַל קאַסטאָלנאָ געפאָדערט מ'זאָל צונעמען באַ אים דעם אָרדען פון ערן-לעגיאָן, דענסטמאָל איז אויסגעבראָכן אַ גרויסער געזעלשאַפטלעכער סקאַנדאַל, און זיין בוך איז זיך צוגאַנגען אין 700 טויזנט עקזעמפּליאַרן. ער איז זייער פּאָפּולער. ער איז אַ לינקער שרייבער און נאָך אין מילכאָמעצייט האָט ער אָנגעשריבן אייניקע זייער שאַרפע זאַכן. איצט האָט ער אַרויסגעגעבן אַ בוך „פאַרברעכער", ווו ער דעמאַסקירט אין אַ גלענצנדיקער פאָרם די מיליטאַריסטן—די פראַנצויזישע, רוסישע, דייטשישע א. א. וו. וויקטאָר מאַרגעריט, איז אַ שרייבער אַ שאַרפער מיט אַ באַשטימטן קוק אַפן לעבן. ער האָט שרעקלעך פיינט גענערעלער, גייסטלעכע און, ביקלאַל, די גאַנצע פראַנצויזישע רעאַקציע. איצט קלייבט ער זיך ארויסגעבן אַ זשורנאַל "Evolution„ און ער האָט מיך געבעטן מאָראַליש אונטערשטיצן דעמדאָזיקן זשורנאַל. ער פון זיין זייט איז גרייט שטיצן יעדע קאָמפּאַניע, וואָס איז פאַרבונדן, אויב ניט אָרגאַניזאַציאָנעל, איז אינערלעך מיט אונדזער רעוואָלוציע.

## אָרגאַניזירפראַגן.

אַלע קרעכצן זיי, דידאָזיקע מיטלויפער קלאָגן זיך, אַז די קאַטוילישע זשורנאַלן וואַקסן, אז די גייסטלעכע פאַרשפּרייטן אין די מאַסן אַזאַ בעלעטריסטיק, וואָס דעם גאַלעך לוינט. גלייכצייטיק צוּוואַקסט זיך דער פאַשיזם, פיל סימפּאַטישע שרייבער גייען אַוועק, מיט איין וואָרט, מע איז צוטומלט. איך האב זיי געזאָגט, אַז אומעטום זיינען פאַראַן עלעמענטן, וואָס זיינען גאַנץ ערנסט באַוּמרויִקט צוליב דידאָזיקע שטימונגען און זיי וואָלטן געשלאָסן א בונד צווישן זיך און צוזאַמען מיט אונדז. דערוף האבן זיי מיר געענטפערט, אז עס פעלן זיי קרעפטן אַף דורכצופירן אזא פאַרייניקונג, דאָס קאָן טאָן לויט זייער מיינונג די קאָמוניסטישע פאַרטיי אָדער אַ וועלכע ניט איז אונדזער גרופּע. זיי האלטן, אַז אַריינטרעטן אין אַן אָרגאַנישער פאַרבינדונג מיט דער קאָמפּאַרטיי דאַרפן זיי ניט, אַלע אינסטרוקציעס אָבער דאַרפן זיי אויספילן און פירן אַ קאַמף קעגן אלע קעגנזעצלעכע ריכטונגען. זיי האָבן בעדייע אָנצוהויבן פאַרשפּרייטן אינפאָרמאַציעס וועגן ראַטנפאַרבאַנד און ביקלאַל העלפן דער קאָמפּאַרטיי מיט אַלץ, וואָס ס'איז נאָר מעגלעך.

## באַרביוס.

איצט עטלעכע ווערטער וועגן באַרביוסן. ער טוט אַ גרויסע און אינטערעסאַנטע אַרבעט און אַלע שעצן אים. זיינע ביכער ווערן פאַרשפּרייט אין אַ גרויסער צאָל. אינטערעסאַנט איז די מאַיסע מיט זיין לעצטער רייזע אין רומעניע. דערוויסנדיק זיך, אַז אין רומעניע הערשט אַ שרעקלעכער טעראָר, איז ער געקומען אַהין און אָנגעהויבן אופנעמען בא זיך ארבעטערדעלעגאַציעס. די דעלעגאַציעס האָבן אים דערציילט וועגן די שרעקלעכע רעדיפעס. וואָס די אַרבעטער האָבן אויסצושטיין אין רומעניע. באַרביוס האָט צונויפגעקליבן אַ גרויסן אינטערעסאַנטן מאַטעריאַל און קלייבט זיך עס צו פאַרעפנטלעכן. אין דערדאָזיקער בראָשור,

וואָס וועט מינאַסטאַם איינגיכן דערשיינען, גיט באַרביוס אַ פּאַטש אין פּאָנים דער גאַנצער בורזשואַזער וועלט. ער שרייבט דאָרטן אַז דאָס, וואָס ווערט אָפּגעטאָן אף די באַלקאַנען, טוט מען אויך אין פראַנקרייך, מער ניט וואָס אין אַן איידעלערער פאָרם. איידל ווערט עס געטאָן דערפאַר, ווייל אין פראַנקרייך האָט זיך איצט די רעוואָלוציע אַיינגעשטילט, באַלד אָבער ווי ס'וועט אופהייבן זיך אַ נייע רעוואָלוציאָנערע כוואַליע און דער רעגירונג צוזאַמען מיט דער גאַנצער בורזשואַזיע וועט דראָען אַ געפאַר—דענסטמאָל וועלן אין פראַנקרייך אָנגענומען ווערן דיזעלבע העסלעכע טעראָרמיטלען. פראַנקרייך וויסט דערפון, נאָר דערווייל מאַכט מען אַ שווייג, קעדיי ניט אופצורייצן די געזעלשאַפטלעכע מיינונג.

דידאָזיקע בראָשור וועט אָן שום סאָפּעק אַרויסרופן אַ גרויסן טומל און וועט פאַרשפּרייט ווערן אין אַ גרויסער צאָל. פון באַרביוסן האַלט מען דאָרט זייער שטאַרק. אָפּטמאָל באַטראַכט מען אים אַלס די פאַרקערפּערונג פון אייראָפּעישן געוויסן. אַ מאָל האָט ראָמען-ראָלאַן געוואָלט שפּילן דידאָזיקע ראָל, ער האָט זיך אָבער אַראָפּגעגליטשט ביז צום עקסטרעמסטן פאַציפיזם און ס'איז דערפון גאָרנישט אַרויסגעקומען.

איך מוז זאָגן, אַז אף מיר, פּערזענלעך, האָט באַרביוס געמאַכט אַזאַ איינדרוק, אַז, אַ כוץ דעם, וואָס ער איז זייער אַ גוטער קאָמוניסט לויטן געפיל און די גרעסטע עטישע פיגור, קלייבט ער זיך אויך גאַנץ גוט פאַנאַנדער אין פראַגן פון קלאַסנפּאָליטיק.

---

# דער XIV פּאַרטייצוזאַמענפאָר.

אונדזער פּאַרטיי, אירע אָרגאַניזאַציעס אַף די ערטער זיינען צוגעטראָטן אויסצושטודירן אַלע די פראַגן, וואָס זיינען באַהאַנדלט געוואָרן אַפן פערצנטן פּאַרטייצוזאַמענפאָר. וועלנדיק קומען צו הילף אונדזערע פּאַרטייכאַווירים, באַזונדערס אונדזער פּאַרטייאַקטיוו, אין דערדאָזיקער גרויסער אַרבעט, וועלן מיר פּרוּוון געבן דעם  ט אַ מ צ י ס  פון אַלע פראַגן אין דעם אַרטיקל. עפּשער וועט דערדאָזיקער אַרטיקל קענען דינען אַלס טעזיסן צו אַ גאַנצער ריי פּאָרטראַגן, וואָס אונדזער פּאַרטייאַקטיוו וועט דאַרפן פאַנאַנדעראַרבעטן אין פאַרלויף פון דער נאָענטער צייט. מיר זאָגן פאָרויס—אונדזער אַרטיקל וועט ניט אויסשעפּן די פראַגן—ער וועט געבן בלויז  אַ ס כ ע מ ע  פאַר דעם, וואָס וויל דערלערנען די פראַגן.

## 1. די אינטערנאַציאָנאַלע לאַגע.

צוויי הויפּטקויכעס שטייען איינע אַנטקעגן די אַנדערע אין געראַנגל. דער וועלטקאַפּיטאַליזם פון איין זייט און די פּראָלעטאַרישע סאָוועטישע רעגירונג פון דער אַנדער זייט. אָן דער פעסטקייט פון דעם, אָדער יענעם קויעך, אָן דעם וווּקס פון יעדן באַזונדער קויעך איז אָפּהענגיק דער וויטערדיקער גורל פון דער סאָוועטנמאַכט, פון דער אַלוועלטלעכער רעוואָלוציע. מיר זיינען מעכוייעוו שטענדיק וויסן אין וואָס פאַר אַ לאַגע עס געפינט זיך די סאָוועטנמאַכט פון איין זייט, און די קאַפּיטאַליסטישע וועלט פון דער אַנדער זייט, אין וואָס פאַר אַ פאַרהעלטעניש עס געפינען זיך די אויבנאָנגערופענע צוויי הויפּטקויכעס.

באַ היינטיקן טאָג קאָנען כאַראַקטעריזירט ווערן די קויכעספאַרהעלטענישן אַף אַזאַ אויפן—„צווישן אונדזער לאַנד פון זיך בויענדיקן סאָציאַליזם און די לענדער פון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט האָט זיך איינגעשטעלט אַ צייטווייליקער קרעפטן-גלייכגעוויכט—אַ גלייכגעוויכט, וועלכער האָט באַשטימט מיט זיך די לויפיקע פאַזע פון „פרידלעכן צוזאַמענלעבן" צווישן לאַנד פון די ראַטן און די לענדער פון קאַפּיטאַליזם" *).

פון וואַנען קומט אָט דער „פרידלעכער צוזאַמענלעבן"? פאַרוואָס האָבן אונדז אַנערקענט די גרעסטע קאַפּיטאַליסטישע לענדער פון אייראָפּע? פאַרוואָס איז לעצטנס געוואָרן אַזאַ „וואַרעמע" באַציונג מיצאַד פראַנקרייך צו אונדזער פאַרבאַנד? פאַרוואָס ווילן די קאַפּיטאַליסטישע מעלוכעס אַריינציען אונדז אין די רייכע פּאַלאַצן פון דער „פעלקערליגע"? פאַרוואָס לאַדט מען אונדז אַזוי „העפלעך" איין אַף די אַנטוואָפענונג-קאָנפערענצן?

צוויי סיבעס זיינען דאָ: פון איין זייט דער וווּקס פון אונדזער לאַנד, פון איר פּראָדוקציע, און דורך דעם די אינעווייניקסטע פעסטקייט פון אונדזער מאַכט. פון דער אַנדער זייט—די אינעווייניקסטע צעלייגונג פון קאַפּיטאַליזם, זיין דורכויס פּאַראַזיטישער כאַראַקטער, דער וווּקס פון פעסטער אָרגאַניזירונג פון אַלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט, די גוואַלדיקע ווידערשפּרוכן, וואָס עקזיסטירן אין דעם קאַפּיטאַליזם.

וואָס איז דאָס פאַר א ווידערשפּרוכן? דער כ' סטאַלין טיילט זיי איין אין פינף גרופּן:

„די ערשטע גרופּע ווידערשפּרוכן—דאָס זיינען די ווידערשפּרוכן צווישן דעם פּראָלעטאַריאַט און דער בורזשואַזיע אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער.

די צווייטע גרופּע ווידערשפּרוכן—דאָס זיינען די ווידערשפּרוכן צווישן דעם אימפּעריאַליזם און די באַפרייונגבאַוועגונג פון די קאָלאָניעס און די אָפּהענגיקע לענדער.

די דריטע גרופּע ווידערשפּרוכן—דאָס זיינען די ווידערשפּרוכן, וועלכע אַנטוויקלען זיך און מוזן זיך אַנטוויקלען צווישן

---

*) זע „דער פּאָליטישער באַריכט פון צ. ק. און די רעזאָלוציעס פון XIV צוזאַמענפאָר" צענטראַלער פאַרלאַג פאַר די פעלקער פון ססר. (יידיש) מאָסקווע, 1926, דריטע זייט.

די מעלוכעס-זיגער אין דער אימפעריאַליסטישער מילכאָמע און די באַזיגטע מעלוכעס.

די פערטע גרופּע ווידערשפרוכן—דאָס זיינען די ווידערשפרוכן, וועלכע אַנטוויקלען זיך און מוזן זיך אַנטוויקלען צווישן די זיגער-מעלוכעס גופע.

און די פינפטע גרופּע ווידערשפרוכן—דאָס זיינען די ווידערשפרוכן, וועלכע אַנטוויקלען זיך צווישן לאַנד פון די ראַטן און די לענדער פון קאַפּיטאַליזם אינגאַנצן גענומען *).

מיר וועלן איצט צוטרעטן צו באטראַכטן דעם **עצעם מעהוס** און דעם וווקס פון דידאָזיקע ווידערשפרוכן.

**אין גרונט פון דער ערשטער גרופּע ווידערשפרוכן** ליגט פאָלגנדיקעס:

1) די קאַפּיטאַליסטישע לענדער פון אייראָפּע זיינען אָדער אינגאַנצן, אָדער טיילווייז אַרויס פון דעם כאַאָס אין דער פּראָדוקציע, אין האַנדל און אינם געביט פון פינאַנצן. מיר רופן דאָס אָן אַ טיילווייזע, אָדער אַ צייטווייליקע סטאַביליזאַציע.

פאָלגנדיקע ציפערן (אין פראָצענטן פון פאַר דער מילכאָמע) וועלן דאָס באשיימפערלעך דערווייזן:

| | ענגלאַנד. | פראַנקרייך. | דייטשלאַנד. | אַמעריקע. |
|---|---|---|---|---|
| ברויט . | 80—85 | 83 | 68 | 104 |
| קוילן . | 90 | 107 | 93 | 90 |
| שטאל . | 98 | 102 | 78 | 147 |
| בוימוואָל | 82 | 83 | 81 | |

די ברויטפראָדוקציע אין דייטשלאַנד וואַקסט, אָבער זייער שוואַך. אין פראַנקרייך וואַקסט זי ניט. אין ענגלאַנד פאַלט זי. די נויט אין ברויט ווערט געלינדערט דורך דעם אימפּאָרט פון אַמעריקע. דער האַנדל אין אייראָפּע דערגרייכט 82 פראָצ. פון פאַר-מילכאָמיקן. אין אַלגעמיין איז די לאַגע אין אייראָפּע, מער אָדער ווייניקער סטאַביליזירט.

2) קיין ברויזנדיק-רעוואָלוציאָנערער פעריאָד, ווען עס גייט אַ רייד פון קאָלאָסאַלע מאַסנאַרויסטרעטונגען, ווען די פּאַרטיי קאָן מיט אירע לאָזונגען ניט נאָכיאָגן די באַוועגונג—איז איצט ניטאָ. עס גייט אַ פעריאָד פון צייטווייליקן אָפּפלוס, פון אָנצייכענען נייע פאָרמען פון פּראָלעטאַרישער באַוועגונג. עס גייט אַ פעריאָד פון **אָנזאַמלען קויכעס**, פון קאַמף פאַר דער איינהייטלעכקייט פון דער פּראָפבאַוועגונג, פאַר אָפּשוואַכן אמסטערדאַם, פון „אַראָפּנעמען פון די פּאָסטנס די ס"ד לי-דערס".

3) דער צענטער פון דער פינאַנציעלער מעכטיקייט געפינט זיך איצט ניט אין ענגלאַנד, פראַנקרייך און דייטשלאַנד, ווי עס איז

*) דאָרט זייט 4.

געווען פאַר דער מילכאָמע, נאָר **דערהויפּט** אין אַמעריקע. דידאָזיקע מעלוכע וואַקסט אין אַלע הינזיכטן. אויב אין קוילן האָט זי נאָך ניט דערגרייכט די פאַרמילכאָמעדיקע נאָרמע, באַקומט זי אָבער אַרויס ביז **זיבעציק** פּראָצענט נאָפט פון דעם נאַפטבאקום פון דער גאַנצער וועלט. דער אויסערלעכער האַנדל האָט בא איר דערגרייכט 143 פּראָצ. פון פאַרמילכאָמיקער נאָרמע. די גאַנצע וועלט פאַרמאָגט ניין מיליאַרד גאָלד, דערפון האָט אַמעריקע אַליין קימאַט פינף מיליאַרד.

4) די צייטווייליקע סטאַביליזאַציע האָט זיך באַקומען אַדאַנק די קאָלאָסאַלע גאָלדסומען, וואָס אַמעריקע האָט אַריינגעגאָסן אין אייראָפּע. 26 מיליאַרד רובל איז אייראָפּע שולדיק אַמעריקע, אויב מע זאָל ניט רעכענען די אַמעריקאַנער קאַפּיטאַלן, וואָס ליגן אין פּריוואַטע אונטערנעמונגען. מיט די קאַפּיטאַלן, וועט אויסקומען נאָך מער. אַמעריקע האָט **פינאַנציעל אונטערטעניקט** אייראָפּע.

5) אַדאַנק דער פינאַנציעלער פאַרשולדיקייט מוז אייראָפּע פאַרגרעסערן די שטייערן לאַסט. אין ענגלאַנד האָבן פאַר דער מילכאָמע די שטייערן דערגרייכט ביז 11 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער פאָלקהאַכנאָסע, היינט דערגרייכן זיי ביז 23 פּראָצ. אין פראַנקרייך פאַר דער מילכאָמע 13, איצט 21 פּראָצענט. אין איטאַליע פאַר דער מילכאָמע 13, איצט 19 פּראָצענט. דערפון פאַרערגערט זיך די לאַגע פון די אַרבעטנדיקע, און אין דער ערשטער ריי, פון די אַרבעטערמאַסן. דערפון נעמט זיך דער וווקס פון דער אידייע פון איינהייטלעכן פראָנט, דער וווקס פון סימפּאַטיעס צו אוגדז מיצאַד דעם אַלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט. פאַר די לעצטע צייטן זעען מיר אַ גוואַלדיקע רעוואָלוציאָנערע אופלעבונג אין פוילן, א וווקס פון דער קאָמוניסטישער ווירקונג צווישן די אַרבעטערמאַסן אין דייטשלאַנד.

אַלזאָ פון דער פינאַנציעלער פאַרשקלאַפונג און פון אַ גאַנצער ריי סיבעס, וואָס מיר וועלן באטראַכטן ווייטער, איז **די סטאַביליזאַציע אַ פוילע** אָן קיין שום זיכערן באָדן.

**די צווייטע גרופּע ווידערשפרוכן** זיינען ווידערשפרוכן צווישן די קאַפּיטאַליסטישע לענדער אין די קאָלאָניעס און האלבקאָלאָניעס. אין דער צייט פון דעם אימפעריאַליסטישן קריג, ווען דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער דרוק מיצאַד די אימפעריאַליסטישע מעלוכעס אַף זייערע קאָלאָניעס און האַלבקאָלאָניעס האָט געמוזט אָפּגעשוואַכט ווערן, אין דער צייט האָט זיך גענומען פאַרשטאַרקן די נאַציאָנאַלע פּראָדוקציע אין די קאָלאָניעס. עס איז אויסגעוואַקסן אַ פּראָלעטאַריאַט אין די קאָלאָניעס. עס וואקסט דאָרט די קולטורעלקייט, די נאַציאָנאַלע אינטעליגענץ, די נאַציאָנאַל-רעוואָלוציאָנערע באוועגונג. די קאָלאָניעס הויבן אָן צו קעמפן גאַנץ דרייסט קעגן אימפעריאַליזם, פאַר פולשטענדיקער באַפרייונג. דער אופשטאַנד אין סיריע, די מילכאָמע אין מאַראָקע, דער באַפרייונגקאמף אין כינע א. א. וו. —„אַלץ רעט דערפאַר, אַז אין דעמדאָזיקן געביט האַלט עס מיטן וועלטאימפעריאַליזם מער ווי שלעכט" *).

*) דאָרט, זייט 9.

די דריטע גרופּע ווידערשפּרוכן איז צווישן די זיגער און באַזיגטע. דער ווערסאַלער אָפּמאַך האָט צוטיילט די איראָפּעישע אימפּעריאַליסטן אַף צוויי לאַגערן: באַזיגטע (דייטשלאַנד, עסטרייך און אַנד.) און זיגער (אַנטאַנט פּלוס אַמעריקע) צווישן דידאָזיקע צוויי לאַגערן קומט פאָר אַ שטענדיקער קאַמף. דער קאַמף וועט אויך ווייטער פאָרקומען, קאָלומאַן עס וועלן ניט באָטל ווערן די סיבעס, וואָס רוקן ארויס דעם קאַמף. דער ווערסאַלער אָפּמאַך האָט געהאַט דעם ציל צו פאַרניכטן דייטשלאַנד און עסטרייך. מע האָט דידאָזיקע לענדער צושניטן אַף שטיקלעך. לאָקאַרנא האָט באַרעכטיקט דידאָזיקע עכט רויבערישע „פרידלעכקייט”. דאַוועספּלאַן דאַרף ארויסציען פון דייטשלאַנד 130 מיליאַרד גאָלדמאַרק—דאָס אַלץ איז פּולווער פאַר אַ נייעם מילכאָמעפייער. דער טאַראַראַם, וואָס עס ווערט געמאַכט אין איראָפּע שוין עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד ארום דער פראַגע פון שאָלעם, דאָס פּויקן וועגן דעם זיג פון פּאַציפיזם—דאָס אַלץ איז דער בעסטער סימען, אַז קיין פרידן איז ניטאָ, קאָן ניט זיין און וועט ניט זיין. אַזוי האָט אונדז געלערנט די גאַנצע געשיכטע פון שאָלעמאונטערהאַנדלונגען און שאָלעמאָפּמאַכן פון די אימפּעריאַליסטישע לענדער. ווו נאָר מע האָט גערעט וועגן שאָלעם, האָט מען זיך געגרייט און גאַנץ שטאַרק צו מילכאָמעס.

„עס איז אינטערעסאַנט די ראָל פון 2-טן אינטערנאַציאָנאַל אין דערדאָזיקער פראַגע, ווייל מער פון אַלעמען טאַנצן און פּויקן די לידער פון 2-טן אינטערנאַצ., איינרייידנדיק די אַרבעטער, אַז לאָקאַרנא איז אַ געווער פון שאָלעם, און די פעלקערליגע—די שאָלעמקאַסטן, אַז די באָלשעוויקעס ווילן ניט אַריינגיין אין דער פעלקערליגע, ווייל זיי זיינען קעגן שאָלעם” *). זיי פאַרשמירן די אויגן פון פּראָלעטאַריאַט, זיי זיינען אַן „אָרגאַניזאַציע פון בורזשואַזער דעמאָראַליזאַציע פונם אַרבעטערקלאַס. זיי באַרעכטיקן דעם גאַנצן שווינדל פון ווערסאַל, לאָקאַרנע, דאַוועספּלאַן.

די פערטע גרופּע ווידערשפּרוכן—דאָס זיינען די ווידערשפּרוכן, וואָס עקזיסטירן צווישן די לענדער-זיגער גופע. דער קאַמף פאַר נאַפט, דער קאַמף פאַרן וועלטמאַרק—דאָס זיינען די צוויי סיבעס, וואָס רופן שטענדיק ארויס גרויסע קאַמפן צווישן פאַרשיידענע מעלוכעס פון די זיגער. די שטענדיקע רייסענישן צווישן ענגלאַנד און אַמעריקע זיינען, אייגנטלעך, רייסענישן צווישן צוויי נאַפטפירמעס: „סטאַנדאַרט אָיל” (אַן אַמעריקאַנער פירמע) און „קאָנינקלאָיק שעל” (אַן ענגלישע פירמע). דער קאַמף קומט פאָר אין דאַרעמאַמעריקע, אין פּערסיע, אין איראָפּע, אין די ראַיאָנען פון רומעניע און גאַליציע א. א. וו.

די העגעמאָניע איבערן מאַרק אין איראָפּע און אין די קאָלאָניעס—דאָ ליגט דער וואָרצל פון קאַמף צווישן ענגלאַנד און פראַנקרייך, צווישן אַמעריקע און ענגלאַנד, צווישן אַמעריקע און יאַפּאַן. פון וועלטמאַרק איז ארויסגעפאַלן אַ קאָלאָסאַלער אויצער—רוסלאַנד. דאָס דערווייטערט נאָך מער די זשעדנע אימפּעריאַליסטישע רויבער. עס גייט אַ העפטיקער קאַמף פאַרן מאַרק. דעריבער וואַקסט די באַוואָפענונג אין אַלע לענדער פון די זיגער. עס קלייבן זיך פּולווער פאַר אַ וועלטמילכאָמע.

די לעצטע גרופּע (די פינפטע) ווידערשפּרוכן באַשטייט צווישן די וועלטקאַפּיטאַליסטן און ראַטנפאַרבאַנד. די וועלט איז צושפּאָלטן אַף צוויי לאַגערן: אימפּעריאַליסטן און קעמפער קעגן אימפּעריאַליסטן—ראַטנפאַרבאַנד. בעראָש פון די אימפּעריאַליסטישע לענדער שטייט אַן ענגליש-אַמעריקאַנער בלאָק. ער וויל פאַרכאַפּן די גאַנצע וועלט. ער וויל אַלע פעלקער פאַרקנעכטן צו זיך. אַנטקעגן זיי שטייט ראַטנפאַרבאַנד, וואָס האָט אַלע פעלקער באַפרייט, וואָס קעמפט פאַר פעלקערבאַפרייונג. אָן ענגלאַנד-אַמעריקע טשעפּען זיך אָן אַלע איבעריקע אימפּעריאַליסטישע און קאַפּיטאַליסטישע לענדער. צו ראַטנרוסלאַנד ציען זיך מיט רעוואָלוציאָנערן דראַנג אַלע אונטערדריקטע פעלקער, די גרעסטע קאָלאָניעס מיט הונדערטער מיליאָנען באַפעלקערונג; דער גאַנצער אַלוועלטלעכער פּראָלעטאַריאַט. אין לאַגער פון אימפּעריאַליזם איז אַ שטענדיקע רייסעניש צווישן אַנאַנד אפילע דאַן, ווען זיי בלאָקירן זיך. די ווידערשפּרוכן וואַקסן און אַנטוויקלען זיך. באַ אונדז איז אַ געזונטער וווּקס, אַ געזונטע סטאַביליזאַציע, אַ פרידלעכער און געזונטער צוזאַמענלעבן.

„וואָס זשע דרינגט ארויס פון דידאָזיקע ווידערשפּרוכן? וועגן וואָס ריידן זיי? זיי ריידן וועגן דעם, אַז די קאַפּיטאַליסטישע וועלט ווערט צופרעסן דורך אַ גאַנצער ריי אינערלעכע ווידערשפּרוכן, וועלכע מאַכן דעם קאַפּיטאַליזם פאַר אָנמעכטיק, אַז פון דער צווייטער זייט, ווערט אונדזער וועלט, די וועלט פון סאָציאַליזם, אַלץ מער און מער צונויפגעבונדן, באַהעפט, אַז טאַקע אַף דעמדאָזיקן באָדן איז געבוירן געוואָרן דער צייטווייליקער קרעפטנגלייכגעוויכט, וועלכער האָט געמאַכט אַ סאָף צו דער מילכאָמע קעגן אונדז, וואָס האָט געמאַכט אן אָנהויב צום פּעריאָד פון „פרידלעכן צוזאַמענלעבן” צווישן דער סאָוועטישער און קאַפּיטאַליסטישע מעלוכעס” *).

פון דעם אַלעם, וואָס מיר האָבן דאָ געזאָגט, ווערן קלאָר אונדזערע אויפגאַבן:—ערשטנס, פירן אַ קאַמף פאַר פאַרשטאַרקן די סעקציעס פון קאָמינטערן. פירן ווייטער אַ קאַמף פאַר דעם איינהייטלעכן אַרבעטערפראָנט. ווייטער פאַרפעסטיקן דעם צוזאַמענשלוס פון אונדזער לאַנד מיט אַלע אונטערדריקטע פעלקער. פירן אַ קאַמף פאַר פאַרשטאַרקן די סאָציאַליסטישע עלעמענטן אין אונדזער לאַנד.

צווייטנס, אין היגזיכט פון דער אויסערלעכער פּאָליטיק, פירן אַ קאַמף קעגן נייע מילכאָמעס, באַוואָרענען אויך אַף ווייטער די נאָרמאַלע באַציונגען מיט די איראָפּעישע לענדער. פאַרברייטערן אונדזער סכוירעאומזאַץ אין דער אויסערלעכער וועלט אַפן יעסאָד פון פאַרשטאַרקן דעם מאָנאָפּאָל אַפן אויסערלעכן האַנדל. דערנעענטערן זיך מיט די לענדער, וואָס זיינען באַזיגט געוואָרן דורך די אימפּעריאַליסטן און זיינען דעריבער אין אָפּאָזיציע צו זיי...

*) דאָרט, זייט 14.

*) דאָרט, זייט 21.

## 2. די אינערלעכע לאַגע פון ראַטנפאַרבאַנד.

איידער צו באַטראַכטן און ריכטיק אָפּשאַצן אונדזער אינערלעכע לאַגע, מוז מען באהאנדלען צוויי האנאָכעס, וואָס באַשטימען אונדזער ארבעט.

1. מיר זיינען גענויט צו ארבעטן אָפּגעזונדערט, פאַרוואַנדלען אונדזער לאנד אין אַ זעלבסטשטענדיקער עקאָנאָמישער איינהייט, ווייל דערווייל זיינען נאָך קיין פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציעס ניט פאָרגעקומען. מיר געפינען זיך אין אַ קאַפּיטאַליסטישער אַרומרינגלונג, אינעווייניק אין לאַנד געפינען זיך נאָך אויך קאפּיטאַליסטישע פאָרמען פון ווירטשאַפט. אַף אזא אויפן זיינען מיר גענויט צו צופאסן זיך צו דידאָזיקע פאָרמען.

עס עקזיסטירן צווייערליי אַרט צופאַסן זיך: זעען, אַז אונדזער לאַנד זאָל אויסארבעטן מערסטנטייל די סכוירעס, וואָס איר איז לייכטער אויסצואַרבעטן—לאנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן און די גאַנצע אינדוסטריע צופאַסן צו דער הויפּטאויסאַרבעטונג. דאַן הייסט דאָס, אונטערגעבן זיך, פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ לאַנדווירטשאפטלעכער קאָלאָניע פון דער קאפּיטאליסטישער וועלט. דאַן הייסט דאָס בא זיך אין לאנד מאַכן די לאנדווירטשאַפט פאר דער הערשנדיקער פאָרם פון דער ווירטשאַפט פון לאנד. אונדזער לאנד וואָלט זיך דאַן קיינמאָל ניט, אָדער קימאַט קיינמאָל ניט אינדוסטריאליזירט זיך, דאַן וואָלטן מיר געווען אינגאַנצן אָפּהענגיק פון דעם אויסערלעכן מאַרק. דאָס באטייט אן אפּגאנג פון די אויפגאבן פון אונדזער בויונג. דאָס איז ניט אונדזער ליניע.

עס איז דאָ נאָך אַ פאָרם פון צופאַסן זיך—קעגנשטעלן זיך. קאָלומאַן מיר זיינען אין קאַפּיטאַליסטישער אַרומרינגלונג, דאַרפן מיר זעען צו ווערן אַן עקאָנאָמיש—זעלבשטענדיק לאַנד, אויסגערעכנט דערהויפּט אַפן אייגענעם מאַרק. מיר דאַרפן פאַרוואַנדלען אונדזער פּראָלעטאַרישע מעלוכע „אין אַ היים פאַר אלע די, וואָס פאַלן אָפּ ביסלעכווייז פון קאפּיטאליזם און שפאנען זיך איין אין גאַנג פון דער סאָציאַליסטישער ווירטשאַפט“. דאָס פאָדערט פון אונדז אַ מאַקסימאַלע אָנשטרענגונג גראָד אַפן געביט פון אַנטוויקלונג פון אונדזער אינדוסטריע. אַז מיר וועלן דאָס דערגרייכן, וועלן מיר קאָנען אויסהאַלטן דעם דרוק פון אויסנווייניק, מיר וועלן אויך אינעווייניק אונטערוואַרפן דער שטאָטישער אינדוסטריע די דאָרפישע לאַנדווירטשאַפט. ערשט דאַן ווען עס וועט זיין אַ רעוואָלוציע, כאָטש נאָך אין איין לאַנד פון איראָפּע, וועלן מיר דאַן „איינשליסן אונדזער עקאָנאָמישע סיסטעם אין אַלגעמיינעם גאַנג פון דער סאָציאַלער אַנטוויקלונג“. דאָס איז די ריכטיקע ליניע, דאָס איז אונדזער ליניע.

2. מיר מוזן זיין גוואַלדיק אויסגערעכנט. מיר טאָרן ניט דערלאָזן קיין אַנאַרכיע אין אונדזער פּראָדוקציע, מיר טאָרן ניט דערלאָזן קיין אָפּגעשוואַכקייט פון אונדזער וואַליוטע. מיר מוזן אויסמיידן יעדן קריזיס. מיר געפינען זיך אָבער אָפּהענגיק פון אונדזער עקספּאָרט און אימפּאָרט, ד. ה. פון דער אויסערלעכער, קאפּיטאליסטישער וועלט. מיר זיינען אויך אָפּהענגיק פונם צושטאַנד פונם אינערלעכן מאַרק. מיר זיינען שטארק אָפּהענגיק פון דעם צושטאנד פון דער גערעטעניש אין לאנד. יעדע ניט נאָרמאלקייט און די אויסגערעכנטע אָפּהענגיקייטן ווירקט אזוי אָדער אנדערש אַף דער נאָרמאלקייט פון אונדזער בויונג, אף דעם צושטאנד פון אונדזער וואַליוטע.

ניט אלע מאָל קענען מיר אָבער זיין פאָרזיכטיק. מיר האָבן זיך נאָך ניט אויסגעלערנט צו ארבעטן מיט א באשטימטן, פעסטן פלאן. דעריבער מוזן מיר שטענדיק האָבן רעזערוון, וואָס זאָלן קענען פארפילן די שפאלטן, וואָס באשאַפן זיך אַ דאנק אונדזער אָפּהענגיקייט און שלעכטער אויסרעכענונג. מיר מוזן שטענדיק האלטן אין אַ באשטימטן גלייכגעוויכט אונדזער ביודזשעט. ניט צופיל קויפן אין אויסלאַנד סכוירע, ניט צופיל אויסגאבן מאכן בא זיך אין לאנד, ניט צופיל ארויספירן לאנדווירטשאפטלעכע פּראָדוקטן (ווייל דאָס וואָלט זיך אָפּגערופן אף די פרייזן אין לאנד און דורכדעם וואָלט זיך געביטן דער ארבעטלוין), ניט איבעריקס העכערן דעם ארבעטלוין און אז. וו. און אַז. וו. אַלץ דארף זיין אין דער מאָס, אין דער צייט, מיט א באשטימטער אויסרעכענונג און דערהויפּט מיט א באשטימטער דאזע רעזערוון, וואָס זאָלן ניט דערלאָזן צו קריזיסן.

באשטימענדיק די צוויי האנאָכעס, וועלן מיר קאנען איבערגיין צו באטראכטן דעם כאראקטער פון אונדזער אינדוסטריע און איר צושטאנד.

אונדזער מעלוכעאינדוסטרי קאָנען מיר ניט אָנרופן קיין מעלוכיש-קאפּיטאליסטישע, ווייל אין אונדזער מעלוכעאינדוסטריע זיינען ניט פארטראטן קיין צוויי קלאסן, אין איר איז פארטראָטן נאָר איין קלאַס—דער פּראָלעטאריאט. לענין, ווען ער האָט גערעט וועגן מעלוכעקאפּיטאליזם, האט ער געמיינט קאנצעסיע, דארט זיינען פארטראָטן צוויי קלאסן: דער פּראלעטאריאט און די בורזשואזיע. דארט וועלן מיר ניט ריידן וועגן אופהויבן די פּראדוקטיווקייט פון ארבעט, ווייל דארט גייט אן עקספּלואטאציע. אונדזער אינדוסטריע האָט אין זיך קיין איין מאָמענט ניט פון עקספּלואטאציע. ניט געקוקט דערוף, וואס אין אונדזער מעלוכישאינדוסטריעלע אונטערנעמונגען איז נאָך דאָ אין א היפּשער מאָס סאי ביוראָקראַטיזם, סאי פארשיידענע פעלערן. אונדזערע מעלוכישע אונטערנעמונגען זיינען קאנסעקווענט-סאָציאליסטישע לויט זייער טיפּ.

מיר האָבן באַשטימטע דערגרייכונגען אין דער אַנטוויקלונג פון אונדזער אינדוסטריע. אין פארגלייך מיט 1919-טן יאָר האָט אונדזער אינדוסטריע דערגרייכט 71 פּראָצענט. אין דעם לויפנדיקן יאָר רעכענען מיר דערגרייכן ביז 95 פּראָצ. די לאַנדווירטשאַפט האָט אויך דערגרייכט 71 פּראָצ, פון פאר דער מילכאָמעדיקער פּראָדוקציע און מיר רעכענען אין פארלויף פון דעם לויפנדיקן יאָר דערגרייכן 87—88 פּראָצ.

אונדזערע מעלוכישע און קאָאָפּעראַטיווע ווירטשאפטן האָבן אין 1923—24 יאָר געהאט 76 פּראָצ. פון דער גאַנצער פּראָדוקציע. אין פּריוואַטע הענט זיינען געלעגן 23 פּראָצ. אין פארגאנגענעם יאָר האָבן מיר געהאט 79,3 פּראָצ., פּריוואַטע—20,7 פּר. אין לויפנדיקן יאָר רעכענען מיר דערגרייכן 80 פּראָצ., די פּריוואטע—20 פּר. „אַבסאָלוט וואקסט די פּריוואטע אינדוסטריע, אָר אזוי, ווי די מעלוכישע און קאָאָפּעראטיווע אינדוסטריע

וואקסט שנעלער, קומט אויס, אז דער ספּעציפישער געוויכט פון דער פּריוואטער אינדוסטריע פאַלט פּראָגרעסיוו.

דאָס פאַרמעגן, וואָס איז קאָנצענטרירט אין פּריוואַטע הענט, דערהויפּט פּויערשעווירטשאַפטן, דערגרייכט ניט מער פון 7 מיליארד. אין די מעלוכעשע הענט געפינען זיך פאַנדן ניט ווייניקער ווי אַף א סומע פון 11,7 מיליארד, און טאקע דערפאַר, וואָס די מעלוכישע אינדוסטריע איז קאָנצענטרירט, אָרגאַניזירט, געפינט זיך אין די הענט פון א פּראָלעטארישער מעלוכע, וואָס צו איר דינסט קומען דער טראנספּאָרט, די בענק—האָט זי די מעגלעכקייט אונטערצוווארפן איר ווירקונג די גאנצע פּריוואטע ווירטשאפטן.

אונדזער לאנדווירטשאפט האָט אָבער איין מאילע קעגן דער אינדוסטריע: זי קאָן נאָך א לאנגע צייט פאַרבעסערן זיך אַפן כעשבן פון קליינע, זייער ביליגע אויסבעסערונגען: איבער-גיין אַף פילפעלדיקייט, בעסער איינפּעטן די ערד, רייניקן די קערנער—דאָס זיינען קלייניקייטן, זיי קענען אָבער באדייטנד אויסבעסערן די גערעטעניש. מע רעט שוין ניט פון א טראקטאָר, וואָס קאָסט אויך ניט גאָר טייער.

די אינדוסטריע האַט שוין אבער אויסגענוצט אלץ, וואָס זי האָט נאָר געקענט אַף אופשטעלן זיך. איצט קאָן וואַקסן די אינדוסטריע נאָר אַפן כעשבן פון אנייער גרויסאנטוויקלטער טעכ-ניק, פון פאַרגרעסערן די פאַבריקן. דאָס דארף אָפּקאָסטן קאָלאָ-סאלע סומען, וואָס די מעלוכע קאָן ניט הויבן מיטאמאָל. דערי-בער וועט אויסקומען אונדזער אינדוסטריע, ווען ניט וועלנ-דיק, אָפּהאלטן צייטווייליק איר טעמפּ פון אנטוויקלונג.

דעריבער זיינען אונדזערע נאָענטסטע אופגאבן:

1. אופהויבן אום יעדן פּרייז אונדזער גרויסאינדוסטריע, באקעמפנדיק אלע שוועריקייטן.

2. אופהויבן די אינדוסטריע פון אָרטיקן טיפ.

3. אוועקשטעלן ערנסט די פראגע וועגן באהייצונגקריזיס, ווייל אונדזער אינדוסטריע וואקסט שטארקער איידער אונדזער הייצונג. דעריבער מוזן אנטוויקלען די באהייצונגווירטשאפט, פאַרבעסערן איר טעכניק.

4. אכט לייגן אַף דער מאקסימאלער אנטוויקלונג פון אונ-דוער מעטאלאינדוסטריע, ווייל מיר נויטיקן זיך אין איר, זי פעלט אונדז.

5. אלע מיטלען אָנעמען, מיר זאלן באקומען די צאָל קווא-ליפיצירטע ארבעטער, וועלכע עס פאָדערט אונדזער אינדוסטריע.

## דער נייער קורס אין דאָרף.

פאַר דער לעצטער צייט, אין צוזאמענהאנג מיט דער עקאָנאָמישער אופלעבונג אין דאָרף האָבן אופגעלעבט אויך פּאָ-ליטיש אלע דאָרפישע שיכטן. עס האָט אופגעלעבט אויך דער שטאָטישער נעפּישער עלעמענט, די נעפּישע עלעמענטן אין דער אינטעליגענץ.

דאָס איז געווען די סיבע, וואָס אַף דער פערצנטער פּאר-טייקאָנפערענץ האָבן מיר גענומען א נייעם קורס אין דאָרף. מיר האָבן שטארקער גענומען אופלעבן די סאָוועטן, מיר זיינען גע-גאנגען אַף א גאַנצער ריי האנאָכעס דעם פּויערטום אין הינזיכט פון ארענדע אַף ערד, פון דינגען באטראקעס, פון געבן מאַטע-ריעלע הילף דעם אָרעמפּויער; מיר האָבן גענומען א קורס אַף פאַרבינדן זיך נאָך שטארקער מיטן מיטלפּויער, ליקווידירן די רעשטלעך פון מיליטערישן קאָמוניזם.

דער לעניניזם האָט דריי לאָזונגען, וואָס האָבן אַ שאַיכעס צו אונדזער פאַרבינדונג מיטן פּויערטום, דריי לאָזונגען, וואָס אנטשפּרעכן דריי מאָמענטן אין דער אנטוויקלונג פון דער רע-וואָלוציע. דער הויפּטקונץ באשטייט אין דעם, מע זאָל צו דער צייט ארויסרוקן דעם אָדער יענעם לאזונג.

אין דעם ערשטן פּעריאָד פון אונדזער רעוואָלוציע איז געווען דער לאָזונג—מיטן גאַנצן פּויערטום קעגן קייסער און קעגן די פּריצים, בא דער נייטראליזירונג פון דער קאדעטישער בורזשואזיע. מיט אָט דעם לאָזונג האָבן מיר געפירט א קאמף קעגן דער בורזשואַזער רעוואָלוציע און באזיגט זי. אז מיר זיי-נען צוגעגאַנגען צום צווייטן עטאַפּ—צו אָקטיאבר—האָט לענין געוואָרפן דעם לאָזונג: אַ פאַרבאַנד פון פּראָלעטאַריאַט מיט דעם אָרעמפּויער, נייטראליזירנדיק דעם מיטלפּויער. אַז מיר האָבן פאַרטריבן די סאָנים, אַז די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט האָט זיך פאַרפעסטיקט, האָט לענין אַרויסגעוואָרפן אַ דריטן לאָזונג: אַ פעסטער פאַרבאַנד פון פּראָלעטאַריאַט און אָרעמפּויערטום מיט דעם מיטלפּויער.

און דאָס איז גאַנץ פאַרשטענדלעך. ווייל מיר האָבן פאַר-טריבן דעם פּאָרעץ, אָפּגענומען בא אים די ערד, איבערגעגבן די פּויערים. די מערהייט אין דאָרף איז געוואָרן דער מיטלפּויער. מיר מוזן אים ארייננציען אין גאַנצן פּראָצעס פון בויען, פון אנטוויקלען אונדזער קאָאָפּעראציע. דעריבער האָבן מיר גענומען פעסט דעם קורס אַף אַ נאָענטן פאַרבאנד מיטן מיטל-פּויער. דאָס הייסט אָבער פאַר קיין פאַל ניט, אַז מיר מאַכן דאָס אַלץ דורך איבערן קאָפּ פון דעם אָרעמפּויער, אז מיר ווילן אים פאַרגעסן.

אין צוזאמענהאַנג מיט דערדאָזיקער פראַגע האָבן זיך בא אונדז אָנגעמערקט צוויי אָפּנייגונגען: איין אָפּנייג אין הינזיכט פון פאַרקלענערן די באלעגופישע געפאַר, דער צווייטער אָפּנייג אין פאַרגרעסערן זי און ניט דערשאַצן די ראָל פון מיטלפּויער. בא אונדז איז פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור. מיר האָבן אונטערטעניקט דעם שטאָטישן נעפּמאַן, דעם דאָרפישן באַלעגוף. מע קאָן אָבער פאַר קיין פאַל ניט לייקענען, אַז דער באַלעגוף וואַקסט, אַז ער קלייבט קויכעס. דער, ווער עס בא-מערקט ניט די געפאַר, דער וועט אָנווערן דעם גלייכגעוויכט, דער פאַרשמירט דעם קלאסנקאַמף אין דאָרף. מיר דאַרפן קעמפן קעגן דעם ניט באַמערקן, פארטושירן די באַלעגופישע געפאַר. פאַראַן אָבער אַ גרופּע כאַווייריִם, וואָס שאַצן איבער די געפאַר פון בעלעגוף. ווי נאָר דער באַלעגוף שטעקט אַרויס דעם קאָפּ, אזוי באלד מאכן זיי אַ גוואַלד: באַלעגוף אָלעכאָ. זיי צובלאָזן די ראָל פון די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן אין דאָרף, זיי מאַכן אָן אַ פּאַ-ניק. דער לעצטער אָפּנייג פירט דערצו, אַז מיר זאָלן צופאַל אַ-קערן דעם קלאסנקאמף אין דאָרף, אומקערן זיך צוריק צו די

צייטן פֿון מיליטערישן קאָמיניזם, אויפֿלעבן צוריק די אָרעמפּויערישע קאָמיטעטן, אָנהויבן אַ בירגערקריג אין דאָרף. דאָס וואָלט אָבער הייסן אַראָפּרייסן אונדזער גאַנצן בויונגפּלאַן.

דערדאָזיקער אָפּנייג איז געפֿערלעכער פֿאַרן ערשטן אָפּנייג, ווייל אונדזער פּאַרטיי איז ווייניקער צוגעגרייט צום קאַמף קעגן דעם אָפּנייג פֿון ניט דערשאַצן די ראָל פֿון מיטלפּויער, ווי קעגן דעם אָפּנייג פֿון איבערטרייבן די באַלעבוסישע סאַקאָנע מאַכן אַ סאָף צום קולאַק איז אַסאַך לייכטער, ווי אויסבינדן זיך מיטן מיטלפּויערטום.

## אונדזערע אויפֿגאַבן אין לאַנד.

אַפֿן געביט פֿון אַנטוויקלען די פֿאָלקווירטשאַפֿט, איינגאַנצן גענומען, דאַרפֿן מיר פירן פֿאָלגנדיקע אַרבעט:

1) אַנטוויקלען ווייטער אונדזער פּראָדוקציע

2) פֿאַרוואַנדלען אונדזער לאַנד פֿון אַן אַגראַרער אין אַן אינדוסטריעלער.

3) באַזאָרגן אין דער ווירטשאַפֿט אַן איבערגעוויכט פֿון סאָציאַליסטישע עלעמענטן איבער קאַפּיטאַליסטישע.

4) געבן דער פֿאָלקווירטשאַפט אין פֿאַרבאַנד די נויטיקע זעלבשטענדיקייט בא די אומשטענדן פֿון קאַפּיטאַליסטישער אַרומרינגלונג.

5) פֿאַרגרעסערן די געוויכט פֿון ניטשטייערישע האַכנאָסעס אין דער אַלגעמיינער סיסטעם פֿון מעלוכעבידזשעט.

אַפֿן געביט פֿון האַנדל און לאַנדווירטשאַפֿט פֿירן אַן אַרבעט:

1) אַף פֿאַנאַנדערוויקלען אונדזער סאָציאַליסטישע אינדוסטריע אַפֿן געביט פֿון אויפֿהויבן די טעכניק, די אַרבעטפּראָדוקטיווקייט, פֿאַרקלענערן די זעלבסטקאָסטן, פֿאַרגרעסערן די פֿלינקייט פֿון קאַפּיטאַלאומזאַק.

2) אַף ברענגען אין אַ גלייכגעוויכט די הייצמאַטעריאַלן, אייזן, די גרונטקאַפּיטאַלן פֿון טראַנספּאָרט מיט די וואַקסנדיקע פֿאָדערונגען פֿון דער אינדוסטריע אין לאַנד.

3) אַף פֿאַרשטאַרקן די אַנטוויקלונג פֿון דער סאָוועטישער אינדוסטריע פֿון אָרטיקער באַדייטונג.

4. אַף אויפֿהויבן די גערעטעניש פֿון דער ערד, אויפֿהויבן די טעכניק פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿט, אַנטוויקלען טעכנישע קולטורן, אינדוסטריאַליזירן די לאַנדווירטשאַפֿט.

5) אַף איינשליסן די צושטויבטע פּויערישע ווירטשאַפֿטן אין דער סאָציאַליסטישער בויונג דורך דער מאַסנקאָאָפּערירונג און אויפֿהויבן דעם קולטורעלן צושטאַנד פֿון פּויערטום.

אין הינזיכט פֿון האַנדל פֿירן אַן אַרבעט:

1) אַף פֿאַרברייטערן און פֿאַרבעסערן די נעץ פֿון קאָאָפּעראַטיווע און מעלוכישע האַנדלאַנשטאַלטן.

2. אַף מאַקסימאַלער פֿאַרגרעסערונג פֿון דער גיכקייט פֿון סכוירעפֿאַרקער.

3. אַף פֿאַרקלענערן די לאַכאָדימפּרייזן און ווייטערדיקן איבערשטייג פֿון סאָוועטיש-קאָאָפּעראַטיוון האַנדל איבער דעם פּריוואַטן.

4. אַף איינשטעלן אַן איינהייטלעכן פּראָנט און אַ פֿעסטע פֿאַרגרייטונגדיסציפּלין צווישן אַלע פֿאַרגרייטונגאָרגאַנען.

5. אַף פֿאַרשטאַרקן דעם סכוירעפֿאַרקויף אין אויסלאַנד. באַזארגן אַן אקטיוון האַנדלבאַלאַנס, ד. ה. אין דערזעלבער צייט אַן אַקטיוון אויסרעכענונגבאַלאַנס, וואָס אָן אים קאָן ניט זיין קיין פֿעסטע וואַליוטע.

אין דער הינזיכט פֿון פּלאַנירן פֿירן אַ ליניע אַף באַזאָרגן אומבאַדינגט נויטיקע רעזערוון.

אין דער הינזיכט פֿון קלאַסנפֿאַרהעלטענישן פֿירן אַן אַרבעט:

1) אַף באַזאָרגן דעם פֿאַרבאַנד פֿון פּראָלעטאַריאַט און אָרעמפּויער מיטן מיטלפּויער.

2) אַף איינהיטן די אָנפֿירנדיקע ראָל פֿון פּראָלעטאַריאַט אין דעם פֿאַרבאַנד.

3) אַף פּאָליטיש איזאָלירן און ווירטשאַפֿטלעך אָפּשטופּן דעם באַלעגוף אין דעם שטאָטישן קאַפּיטאַל.

אין דער הינזיכט פֿון סאָוועטישער בויונג פירן אַן אנטשלאָסענעם קאַמף מיטן ביוראָקראַטיזם, אַריינציִענדיק אין דעם די ברייטע אַרבעטערמאַסן.

## 3. פֿראַגן פֿון דיסקוסיע.

### די סיבע פֿון דער דיסקוסיע.

אונדזער פּאַרטיי, שוין נאָכדעם, ווי אונטער איר אָנפֿירונג האָט דער פּראָלעטאַריאַט גענומען די מאַכט, האָט איבערגעלעבט ניט איין דיסקוסיע, און יעדעס מאָל איז די דיסקוסיע געקומען פֿאַר דער עפֿנטלעכקייט. זי איז פֿ אַ ר ש אַ ר פֿ ט געוואָרן אין דער צייט,ווען אין לאַנד האָט זיך בוילעט אויסגעפֿאָרמירט אַ וועלכער עס איז ווירטשאַפֿטלעכער קריזיס.

מיר וועלן זיך ניט אומקערן צו די ערשטע טעג פֿון דער אָקטיאַבררעוואָלוציע מיט דער פֿראַגע פֿון ברעסטער שאָלעם און אַ גאַנצע ריי אַנדערע שטרייטפֿראַגן, וואָס זיינען דאַן אַרויסגעשווומען אין די רייען פֿון אונדזער פּאַרטיי. מיר וועלן נעמען בלויז די לעצטע פֿינף יאָר.

די ערשטע דיסקוסיע, פֿאַרן צענטן צוזאַמענפֿאָר אַרום דער פֿראַגע פֿון די פּראָפֿאַריינען איז בוילעט אַרויסגעשווומען גראָד דאַן, ווען מיר האָבן געדאַרפֿט איבערגיין צו דער נייער עקאָנאָמישער פּאָליטיק, ווען מיר האָבן געמוזט עקאָנאָמיש אָפּטרעטן אין אַ געוויסער מאָס, קעדיי צו צונויפֿזאַמלען די קויכעס אַף אַ ווייטערדיקן אָנגריף. דערדאָזיקער קריזיס פֿון איבערגאַנג אַף נייע רעלסן, דער אינערלעכער קריזיס, וואָס דאָס לאַנד האָט דאַן איבערגעלעבט און וואָס האָט אונדז דאַן גענויט אָפּטרעטן—דאָס האָט געשפּייזט די אָפּאָזיציאָנעלע שטימונגען און עס איז אַנטשטאַנען די ערשטע ג ר ו י ס ע אָפּאָזיציע.

די צווייטע אָפּאָזיציע מיטן כ׳ טראָצקי, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט אין 1923-טן יאָר, איז אַרויסגערופֿן געוואָרן דורך דעם, וואָס אונדזער שטאָטישע אינדוסטריע האָט דאַן זייער שוואַך געאַרבעט. די פּויערישע ווירטשאַפֿט, אַ דאַנק דעם, וואָס זי דאַרף זייער

ווייניק האָבן, קעדיי צו אַרבעטן מער אָדער ווייניקער רעגולער, איז אין 1923-טן יאָר געשטאַנען פֿאַרהעלטענישמעסיק בעסער, איידער די שטאָטישע. דידאָזיקע ווירטשאַפֿט האָט געשאַפֿן פֿאַרהעלטענישמעסיק פיל מער פּראָדוקטן איידער די שטאָטישע. אירע פּראָדוקטן זיינען דעריבער געווען פיל ביליגער איידער די שטאָטישע. עס איז אַנטשטאַנען דאָס, וואָס מיר האָבן דאַן אַנגערופֿן „שער". עס זיינען זיך צוגאַנגען זייער ווייט די שטאָטישע און דאָרפֿישע פּראָדוקציעס און אין דעמדאָזיקן פּוסטן כאַלאַל האָבן זיך גענומען זאַמלען פֿאַרשיידענע אָפּאָזיציאָנעלע שטימונגען, וואָס זיינען אַרויסגערופֿן געוואָרן אַדאַנק דעם געשאַפֿענעם עקאָנאָמישן קריזיס. אין יענער צייט איז נאָך אויך זייער שאַרף געשטאַנען די פּראַגע פֿון אונדזער וואַליוטע. דאָס ביסל סכוירע, וואָס דער פּויער האָט געהאַט צו פֿאַרקויפֿן, האָט ער פֿאַרקויפֿט פֿאַר אַזאַ מאַטבייע, וואָס איז אייגנטלעך ווייניק וואָס ווערט געווען, ווייל זי איז ניט געווען קיין שטאַנדהאַפֿטיקע.

די איצטיקע דיסקוסיע האָט אויך די ערשטע זאַך איר עקאָנאָמישע באַזע. זי איז אויך אַרויסגערופֿן געוואָרן אַדאַנק אַ באַשטימטן קריזיס, וואָס מיר לעבן איצט איבער אין לאַנד.

אין וואָס באַשטייט אָט דערדאָזיקער קריזיס?

די ערשטע זאַך באַשטייט דערדאָזיקער קריזיס אין דעם, וואָס „מיר זיינען נאָך אַלץ אַן אַגראַרלאַנד: די פּראָדוקציע פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿט דאָמינירט איבער דער פּראָדוקציע פֿון דער אינדוסטריע. דאָס איקערדיקע אין אונדזער אינדוסטריע באַשטייט אין דעם, וואָס זי איז שוין צוגעגאַנגען צום גרענעץ פֿון די פֿאַרמילכאָמעדיקע נאָרמעס, וואָס די ווייטערדיקע שריט פֿון דער אינדוסטריע באַדייטן אַ פֿאַנאַנדערוויקלונג פֿון איר אויף אַ נייער טעכנישער באַזע, ד. ה. נייע אויסשטאַטונג, נייע בויונג פֿון זאַוואָדן. דאָס איז זייער אַ שווערע זאַך—אַריבערטרעטן איבער דערדאָזיקער שוועל, אַריבערגיין פֿון דער פּאָליטיק פֿון מאַקסימאַלן אויסנוצן אַלץ דאָס, וואָס איז בא אונדז אין דער אינדוסטריע געווען, צו דער פּאָליטיק פֿון בויען אַ נייע אינדוסטריע אויף אַ נייער טעכנישער באַזע און אויף אַ באַזע פֿון נייער בויונג פֿון זאַוואָדן. דער אַריבערגאַנג איבער דערדאָזיקער שוועל, פֿאָדערט גרויסע קאַפּיטאַלן. **נאָר אַזוי ווי דער מאַנגל אין קאַפּיטאַלן איז בא אונדז אַ באַדייטנדיקער, וועט, מיסטאָמע, די אַנטוויקלונג פֿון אונדזער אינדוסטריע גיין ניט מיט אַזאַ שנעלן טעמפּ**". אַזוי פֿאָרמולירט כ' סטאַלין איינע פֿון די שוועריקייטן, **די שוועריקייטן פֿון וווּקס**.

דער גרויסער דורשט, וואָס גיכער אויפֿצוהייבן די שטאָטישע אינדוסטריע און דאָס קליין ביסל מעגלעכקייטן, וואָס האָבן זיך באַקומען אַדאַנק דער האַיאָריקער אויסגעצייכנטער גערעטעניש, האָט אַביסל צופֿיל באַפֿליגלט אונדזערע כאַווייריִם פֿון „מעלוכעפּלאַן". זיי האָבן געפּרוּווט אויסאַרבעטן דעם ערשטן מאָל אַ ביודזשעט אויף אַ גאַנץ יאָר, אַריינרעכנענדיק אין דעם ביודזשעט אַ קאָלאָסאַלע סומע אויף פֿאַרגרעסערן, באַרייכערן און בויען אונדזער אינדוסטריע. לויט דעמדאָזיקן פּלאַן האָט מען באַשטעלט פֿאַרשיידענע פֿאַבריקאויסשטאַטונגען אין אויסלאַנד.

ווי עס האָט זיך אָבער אויסגעלאָזן, איז דער כעשבן ניט גאָר קיין ריכטיקער. די האַכנאָסעס, אויף וועלכע מע האָט אויסגערעכנט, האָבן זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר פיל קלענערע, איידער מע האָט געפּלאַנירט. עס איז אַנטשטאַנען אַ מאָמענט, וואָס האָט געדראָט דער פֿעסטקייט פֿון אונדזער וואַליוטע. דאָס האָט אַרויסגערופֿן אַ שטיקל צורודערונג אין אונדזער פּלאַנמעסיקער אַרבעט. מע האָט געמוזט אָפּהאַלטן איניקע באַשטעלונגען, וואָס מע האָט אַריינגערעכנט אין פּלאַן, ד. ה. אין אַ געוויסער מאָס אָפּהאַלטן דעם אויסגערעכנטן וווּקס.

צו דעם דאַרף מען צוגעבן די אייניקע פֿעלערן, וואָס מיר האָבן געמאַכט אין דער צוגרייטונגקאַמפּאַניע פֿון גערעטעניש. מיר האָבן מעגאַזעם געווען די מאָס פֿון גערעטעניש. מיר האָבן אין איילעניש אויפֿגעקויפֿט סכוירע אין אויסלאַנד פֿאַרן דאָרף צוליב דער גערעטעניש.

אָט דידאָזיקע **שוועריקייטן**, וואָס מיר באַגעגענען בא אונדזער אויפֿשטייג און די ניטצוגעווינטקייט אויסצורעכענען פֿאָרויס אונדזער ביודזשעט—וואָס דורכדעם איז אַנטשטאַנען אַ געפֿאַר פֿאַר אונדזער וואַליוטע—דאָס זיינען די סיבעס, וואָס האָבן אַרויסגערופֿן די דיסקוסיע.

מע דאַרף ניט פֿאַרגעסן, אַז מיר לעבן אין אַן איבערגאַנגעפּאָכע, ווען פֿון איין זייט זיינען מיר אין אַ קאַפּיטאַליסטישער אַרומרינגלונג, און פֿון דער אַנדער זייט גופֿע אין לאַנד האָבן מיר נאָך ניט אויסגעלעבט דעם קלאַסנקאַמף. איינער פֿון די הויפּטקלאַסן, אויף וועלכער עס שפּאַרט זיך אָן אונדזער פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור—דאָס פּויערטום—באַשטייט אינעווייניק פֿון פֿאַרשיידענע שיכטן, וואָס פֿירן צווישן זיך אַ קאַמף. די שטאָטישע עלעמענטן באַשטייען אויך פֿון פֿאַרשיידענע שיכטן, אייניקע פֿון זיי אַזעלכע, וואָס זיינען גאָר ניט לאַנג געווען אין בורזשואַזן און קליינבירגערלעכן לאַגער.

די עקאָנאָמישע סטירעס, וואָס קומען פֿאָר אין אונדזער לאַנד, מוזן ווען עס איז פֿון אָט דידאָזיקע ניטפּראָלעטאַרישע שיכטן אָנרירן. און ווי באַלד אַז מע רירט זיי אָן, הויבן זיי אָן צו ווערן אומרויִק, זיי הויבן זיך אָן צו באַוועגן און אַרויסזאָגן אַזוי אָדער אַנדערש זייער אומצופֿרידנקייט. דורך **וועמען** אָבער קאָן זייער אומצופֿרידנקייט דערגיין אין דער מעלוכעאָנפֿירונג? ווען בא אונדז וואָלטן געווען פֿאַרשיידענע פּאַרטייען, וואָלט יעדע פּאַרטיי אויסגעדריקט די מיינונג פֿון דעם קלאַס, פֿון דעם שיכט אין קלאַס, וועלכן זי שטעלט פֿאָר. בא אונדז איז אָבער דאָ בלויז איין פּאַרטיי. קומט אויס דערדאָזיקער פּאַרטיי טראָגן די אַכראַיעס פֿאַר דער **גאַנצער** באַפֿעלקערונג, פֿאַר **אַלע** קלאַסן און שיכטן. די אויבנאָנגערופֿענע אומצופֿרידנקייט פֿון אַ געוויסן שיכט אין אונדזער לאַנד שפּאַרט אַזוי אָדער אַנדערש דורך אין די רייען פֿון אונדזער פּאַרטיי. דער אומצופֿרידענער עלעמענט קומט צום וואָרט דורך אונדזער פּאַרטיי, ווייל זי איז די **איינציקע** פּאַרטיי אין לאַנד.

נאָר אויב אייניקע כאַווייריִם קענען אונטערפֿאַלן אונטער דער האַשפּאָע פֿון דעם אָדער יענעם אומצופֿרידענעם קלאַס אָדער שיכט, אויב דידאָזיקע איינצלנע כאַווייריִם קענען אָנזאַפּן זיך

מיט ניטפּראָלעטאַרישע שטימונגען און אָפּנייגונגען, איז אָבער דער כויוו פֿון דער גאַנצער פאַרטיי איינמאָל פֿאַר אַלע מאָל אָט דידאָזיקע אָפּנייגונגען ניט דערלאָזן צו ערנסטע קריזיסן אין דער פאַרטיי.

קאָנקרעט, די אומצופֿרידנקייט פֿון וועלכע עלעמענטן אין אונדזער לאַנד האָט די איצטיקע אָפּאָזיציע אָפּגעשפּיגלט?

קעדיי דאָס צו פֿאַרשטיין, דאַרפֿן מיר דערווייל כאָטש איבנוף באַטראַכטן פֿאָלגנדעס:

באַ אונדז אין לאַנד איז אזוי צוזאָגן נאָך „ניט גאָר קעשורעדיק”. עס איז נאָך ניט אָנגעקומען די גלייכקייט, צו וועלכער דער פּראָלעטאַריאַט שטרעבט. באַ אונז איז פֿון איין זייט דאָ אַ שטיק אָרעמקייט, דאַכלאָזע קינדער, ניט באַפֿרידיקונג פֿון אַרבעטלוין. פֿון דער אַנדער זייט זיינען אַף די גרויסע גאַסן פֿאַראַן קאָלאָסאלע מאגאזינען מיט אלדראָסגוטס. אין פֿאַבריק גופֿע זיינען פֿאַראַן פֿאַרשיידענע קאטעגאָריעס אַרבעטער מיט אַ פֿאַרשיידנאַרטיקן אַרבעטלוין. דער באַוווּסטזיניקער אַרבעטער זעט דידאָזיקע סטירעס, ער פֿאַרשטייט זיי, באַ אים קענען זיי ניט ארויסרופֿן קיין אומצופֿרידנקייט. ער ווייס, אַז באַם בעסטן ווילן קאָן מען דאָ דערווייל גאָרניט ניט מאַכן. באַ אונדז איז נאָך ניטאָ קיין סאָציאליזם אין פֿולן זין פֿון וואָרט. דער ווייניקבאַוווּסטזיניקער ארבעטער איז אָבער אומצופֿרידן, עס איז שווער צו פֿאַרשטיין, פֿאַרוואָס איז ניטאָ קיין גלייכקייט, ווי באַלד די מאכט געפֿינט זיך באַם ארבעטערקלאס אין די הענט.

דערדאָזיקער ווייניק באַוווּסטזיניקער קאָדער ארבעטער איז לעצטנס, אדאנק דעם קאָלאָסאלן וווּקס פֿון דער אינדוסטריע אין לאַנד און די גאָר גרויסע פֿאָדערונגען אַף ארבעטהענט, גרעסער געוואָרן, אדאנק דעם צופֿלוס פֿון נייע, דאָרפֿישע עלעמענטן פֿון די באַטראַקעס און אָרעמפּויערים. אָט דידאָזיקע עלעמענטן האָבן מיט זיך געבראַכט אין שטאָט די אומצופֿרידנקייט פֿון דאָרף, וואָס עקזיסטירט נאַטירלעכערווייזע אדאנק דער עצעם עקזיסטענץ פֿון דער אָרעמפּויערשאַפֿט.

ערגעץ וווּ האָט זיך דידאָזיקע אומצופֿרידנקייט פֿון די איבנגערופֿענע עלעמענטן געמוזט אַרויסווייזן. וואָלט ניט געווען קיין עקאָנאָמישע שוועריקייטן, וואָלט ניט אַנטשטאַנען אין אַ גרויסער מאָס קיין קריזיס, וואָלט די אומצופֿרידנקייט ניט געהאַט קיין באָדן אַרויסצושווימען מיט אַזא שטאַרקער קראַפֿט. זי וואָלט געווען מער פֿאַרבאָרגן אינעווייניק, זי וואָלט קיין אָפּקלאַנג ניט געהאַט אין דער ברייטער מאַסע, זי וואָלט געוואַרט אַפֿן שפּאַלט, דורך וועלכן זי קאָן זיך דורכרייסן. וויבאַלד אָבער דערדאָזיקער שפּאַלט האָט זיך אַף איין ווײַלע באַשאַפֿן, האָט זיך דידאָזיקע אומצופֿרידנקייט אַדורכגעריסן אין דער פֿאָרם פֿון דער נאָר וואָס דורכגעלעבטער דיסקוסיע.

## צי קאָן מען בויען סאָציאַליזם אין איין לאַנד?

די שוועריקייטן, וועגן וועלכע מיר האָבן פֿריער גערעט, האָבן אַרויסגערופֿן באַ אייניקע אונדזערע כאַווייריִם פּעסימיסטישע געדאַנקען. עס האָט זיך אַזוי געשטעלט די פֿראַגע:

צי קאָן מען בויען סאָציאַליזם אין איין לאַנד?

עמעס, אונדזערע אָפּאָזיציאָנערן האָבן אַ ביסל פֿאַרשפּעטיקט מיט דערדאָזיקער פֿראַגע, ווייל ניט איצט, נאָר נײַנטן יאָר פֿון דער רעוואָלוציע, שטעלט מען אַזא פֿראַגע. מיר האָבן דאָך אַזוי פֿיל קאָרבאָנעס אָפּגעגעבן, מיר האָבן אַזעלכע שוידערלעכע הונגעריאָרן איבערגעלעבט, מיר האָבן אויסגעהאַלטן באַ דער ערגסטער צופֿאַלונג פֿון לאַנד אַזא גראַנדיעזן בירגערקריג... מע האָט געדאַרפֿט שטעלן די פֿראַגע, איידער מע האָט געמאַכט די רעוואָלוציע: צי לוינט מאַכן די רעוואָלוציע?

עס איז אויך עמעס, אַז אַזא פֿראַגע האָט מען שוין ניט איין מאָל געשטעלט. און געשטעלט האָט מען זי גראַד אין דעם פֿײַנטלעכן לאַגער, באַ די מענשעוויקעס. ווייל אין וואָס זיינען באַשטאַנען די מענשעוויסטישע טאַינעס? זיי זיינען דאָך באַשטאַנען גראָד אין דעם, וואָס זיי האָבן אונדז געשריען: „איר ווילט איינפֿירן סאָציאַליזם אין אַן אָפּגעשטאַנען לאַנד, אין איין לאַנד, אין דער צייט, ווען אַרום און אַרום הערשט דער קאַפּיטאַליזם?

מיר וואָלטן געקאָנט אַרויסשטעלן נאָך פֿיל טאַינעס פֿון דער אָפּאָזיציע, אָבער ניט די טאַינעס אינטערעסירן אונדז איצט. אונדז אינטערעסירט און דאַרף אינטערעסירן איצט, וואָס פֿאַר אַן ענטפֿער גיט מען אַף דערדאָזיקער פֿראַגע?

אונדזער ענטפֿער איז אַ פּאָשעטער, אַ קלאָרער און דייטלעכער.

ווען מיר וואָלטן אַף זיך גענומען די אכראיעס פֿון בויען סאָציאַליזם אין איין לאַנד אין דער צייט, ווען אין די איבעריקע לענדער האַלט דער קאַפּיטאַליזם אין רעכטן בליִען, דאַן וואָלט ווירקלעך געקאָנט זיין גאָר אַ גרויסער פּלאַץ פֿאַר פּעסימיזם. ווייל ווען מיר האָבן געמאַכט די רעוואָלוציע, ווען מיר האָבן אויסגעהאַלטן אַ קאָלאָסאלן קאַמף מיטן אַלוועלטלעכן מענשעוויזם, איז דאָך דאָס גראַד געווען אַרום דער הויפּטפֿראַגע — וועגן די קויכעספֿאַרהעלטענישן אין וועלטמאסשטאַב. די פֿראַגע איז געשטאַנען אין דעם, ווער איז שטאַרקער? אָדער דער יונגער, פֿול מיט ענערגיע און קאַמפֿלוסט אַרבעטערקלאַס, אָדער די אַלטגעוואָרענע און דורך און דורך דורכגעפֿוילטע בורזשואַזיע, וואָס האָט צוליב פֿאַרלענגערן אַף עטלעכע היסטאָרישע טעג איר עקזיסטענץ, אַרויסגערופֿן די שוידערלעכסטע וועלטמילכאָמע? מיר, באָלשעוויקעס, האָבן געשטעלט דעם דיאַגנאָז ריכטיק, מיר האָבן ריכטיק אָפּגעשאַצט די קויכעספֿאַרהעלטענישן, און אויב עס קומט פֿאָר אַ צייטווייליקע סטאַביליזאַציע, איז דאָס בלויז איינע פֿון די קאָנווולסן פֿון קאַפּיטאַליסטישן גויסעס.

וואָס זעען מיר פֿאַר די לעצטע ניין יאָר?

ווער איז פֿאַר די לעצטע נייען יאָר שטאַרקער געוואָרן, מיר, די אַרומגערינגלטע פֿון אַלע זייטן פּראָלעטאַרישע מעלוכע, וואָס האָט איין גראָשן ניט געקראָגן פֿון די אַרומיקע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, וואָס האָט זייער אַן אָפּגעשטאַנענע טעכניק, וואָס האָט די גרעסטע מערהייט אַנאַלפֿאַבעטן א. אז. וו., צו די ציווילירטע אייראָפּע?

מיר האָבן פֿאַר די לעצטע יאָרן אויפֿגעשטעלט אונדזער ווירטשאַפֿט, מיר האָבן זי דערבראַכט קימאַט ביז אַ פֿאַרמילכאָ-

מיקן צושטאַנד. מיר האָבען אין אייניקע געביטן, ווי לעמאשל, עלעקטריפיקאַציע, אריבערגעשטיגן אף 165—170 פראָצענט די פאַרמילכאָמע צייט. מיר הויבן און אַנטוויקלען אונדזער ביוּדזשעט וואס פון יאָר. מיר גייען צו דערצייט, ווען אין קוואַליפיצירטע אַרבעטהענט שטייט באַ אונדז אָן אַ גוואלדיקער מאַנגל. מיר האָבן אויך אונדזער לאנדווירטשאַפט מער אדער ווייניקער אופגעשטעלט.

און דאָס אַלצדינג האָבן מיר דערגרייכט אָן אַ גראָשן געלט פון דער זייט, מיט אונדזערע אייגענע קויכעס.

וואָס הערט זיך אין אייראָפּע? אייראָפּע האָט קימאט אינגאַנצן אופגעפרעסן אירע אייגענע רעסורסן, אויב זי האָט זיך צייטווייליק סטאַביליזירט, איז דאָס אַדאנק צוויי זאַכן: ערשטנס, האָבן זיך אַ שאָט געטאָן אַמעריקאַנער דאָלאַרן אין גאָר אַ גרויסער צאָל. און, צווייטנס, ווערט אַרויסגעצאפט דאָס לעצטע ביסל בלוט פון דעם וועלטפראָלעטאַריאַט און, האָבנדיק אַזעלכע צוויי קוואַלן: אַמעריקאַנער געלט און אַרבעטערבלוט, — וואָס האָט די קאַפּיטאליסטישע אייראָפּע אופגעטאָן פאַר אַ דויערהאַפטער עקזיסטענץ?

ענגלאַנד גייט אַראָפּ פון דער וועלטאַרענע אַלס הערשנדיקע קראַפט. די קאָלאָסאלע קאָלאָניעס, וואָס דאָס איז דאָס האַרץ פון ענגלאַנד, הויבן זיך אַרויסגליטשן פון אירע הענט. בא איר עקזיסטירט אַ גוואלדיקע אַרבעטלאָזיקייט, וואָס זי ווערט צייטווייליק קלענער נאָר דאַן, ווען רוסלאַנד מאַכט אַן איבעריקע באָשטעלונג.

פריינקרייך ווערגט זיך מיט איר פראַנק און קאָן מיט אים גאָרניש מאַכן. ער האַלט אין איין פאַלן. פראנקרייך הויבט אָן אָנצוווערן איר ווירקונג אַף אייראָפּע נאָך אין אַ גרעסערער מאָס, ווי ענגלאַנד. אויב ענגלאַנד האָט זיך אַף אַ ווילע צוגעשמירט צו דעם אַמעריקאַנער רייכן פעטער, און דורך אים, האָט ענגלאַנד באַ דערווייל אַ וועלכע עס איז האַשפאָע אַף אייראָפּע, איז פראנקרייך אין דער הינזיכט קאַפוט. און וועגן אירע קאָלאָניעס, וועגן זייער פלאמיקער ליבע צו פראנקרייך, ווייס דאָך יעדער פיאָנער בא אונדז אין לאַנד. עס איז דאָך גענוג צו דערמאָנען די ווערטער מאַראָקאָ, סיריע, קעדיי מע זאָל שוין וויסן, וואָס מע מיינט דערמיט.

דייטשלאַנד איז דאָך געוואָרן דאָס קלאַסישע לאַנד פון אַרבעטלאָזיקייט און קריזיסן. דריי מיליאָן אַרבעטלאָזיקע אין דייטשלאַנד, אָן אַ שיר פאַרמאכטע אונטערנעמונגען אין די הונדערטער געפלאצטע בענק... דאָס שטעלט פון זיך פאָר דייטשלאַנד.

איטאַליע... אָבער זי האָט קיין מאָל ניט געשפּילט קיין באדיינטנדיקע ראָל אין דער אייראָפּעישער פאָליטיק. אויך דאָרט זיינען די געשעפטן גאָר ניט אַזוי פויגלריק. סיידן מוסאָליניען וועט ראטעווען דאָס, וואָס די ציגייסטן האָבן אים אַריינגעשריבן אין גילדערנעם בוך... נאָר ווער פון אונדז האָט געהאַלטן פון דער הילף פון קאַמייעס אין דער וועלטפאָליטיק.

אָט דאָס איז דאָס בילד פון אייראָפּע אַפילע בא דער צייטווייליקער סטאַביליזאַציע.

קאָן זיין אַ רייד וועגן דעם, אַז דער קאַפּיטאליזם איז מעסוגל אונדז צו דערשטיקן?

ניין, אַזאַ רייד קאָן ניט זיין. עס קאָן זיין אַ רייד פון אַ גאנצער ריי פרווון אנצופאַלן אף אונדז. דאָס יאָ. דאָס קאָן זיין. און טאַקע אין דעם זין האָבן מיר שטענדיק גערעט וועגן דעם, אַז מיר מוזן האָבן די וועלטרעוואָלוציע. ווען מיר וועלן האבן אַ רעוואָלוציע אין אייראפע לעכאָלאַפּאָכעס, וועלן מיר זיין גאראַנטירט פון אַן אָנפאל אַפילע.

נאָך אַ זאך, מיר בויען ניט דעם סאָציאַליזם אַליין, מיר וואָלטן דעם סאָציאַליזם ניט געקאָנט בויען בא אונדז אין לאַנד, ווען מיר וואָלטן ניט געהאַט די שטיצע מיצאַד דעם אַלוועלטלעכן פראָלעטאריאַט. ניט נאָר מיר ווערן פון אים פאַרפרעמדט, ווי עס ווילן זאָגן אייניקע פון דער אָפאזיציע, ניט נאָר מיר גרענעצן זיך, קלוימערשט, אָפּ פון אים, מיר הויבן זיך אָן צו קאָכן אין דעם אייגענעם זאַפט, נאָר מיר אַרבעטן אויך צוזאַמען מיטן אַלוועלטלעכן פראָלעטריאַט, אָן אים וואָלטן מיר ניט געהאַלטן זיך קיין אַכט יאָר. אָן אים וואָלטן מיר ניט געהאַלטן בא דער מאַדרייגע פון וואַקסן מיט אַזא גוואַלדיקן טעמפּ.

מיט דער הילף פון אַלוועלטלעכן פראָלעטאַריאַט האָבן מיר אויסגעבויט אַזא ביניען, ווי פ. ס. ס. ר., וואָס איז אַ באזע פארן סאָציאַליזם אַף דער גאַנצער וועלט. מיט דער הילף פון דעם אַלוועלטלעכן פראָלעטאריאַט שטורעמען מיר מיט אונדזער וווקס די קאַפּיטאליסטישע פעסטונגען, האָבן מיר אופגעבויט, אַזא געניאַלן ביניען, ווי דער קאָמינטערן, וואָס פירט אַ קאמף פארן סאָציאַליזם אַף דער גאַנצער וועלט.

## די איבעריקע מיינונגפארשיידנקייטן.

און וויבאַלד, אַז מע מאַכט שוין איין פעלער, וויבאלד מע הויבט אָן צו לייקענען אין דעם איקער פון לעניניזם—אין דער פראַגע פון קויכעספאַרהעלטענישן; וויבאלד מע הויבט שוין אָן צו צווייפלען אין דעם, צי האָט מען געדאַרפט מאַכן די רעוואָלוציע (וואָרום, וויבאלד מען וועט ניט קאָנען פארענדיקן די רעוואָלוציע, האָט מען זי ניט געדארפט אָנהויבן)—מוז מען שוין מאַכן אַ גאנצע ריי אַנדערע פעלערן, מע מוז שוין אָנהויבן צו רעווידירן אַנדערע פראַגן, וואָס ביז אַהער האָט אַף זיי דער לעניניזם געגעבן אַ קלאָרן און דייטלעכן ענטפער.

עס הויבט זיך ווידער אַ מאָל אוף די פראַגע וועגן „נעפּ". ביז אַהער זיינען מיר געווען איבערצייגט אין דעם, אַז דער „נעפּ" איז אַ סטראטעגישער פלאַן, וואָס אין א באשטימטן פעריאָד פון רעוואָלוציע דאַרף מען אים אויסנוצן, קעדיי אין אַ פולשטענדיקער אָרדענונג אָפּצוטרעטן און פארפעסטיקן זיך אַף באַשטימטע מער זיכערע פאָזיציעס. אַז נעפּ איז אויסער דעם די רעלסן, אַף וועלכע מיר וועלן פאָרן צום סאָציאַליזם, ד. ה., אַז „נעפּ" הייסט ניט נאָר אָפּטרעטן, נאָר איז זי אויך דער מעטאָד פון וווקס פון דער רעוואָלוציע. מיר האָבן בא לענינען געלערנט, אַז „נעפּ" איז „די איינציק ריכטיקע ווירטשאַפטלעכע פאָליטיק פון פראָלעטאריאַט", דאָס איז די פאָליטיק,

וואָס אַלע לענדער, ווי עס וועט נאָר זיין די רעוואָלוציע, וועלן זי מוזן אויסנוצן.

איצט הערן מיר גאָר אַנדערע ווערטער פון אונדזערע אָפּאָזיציאָנערן. מיר הערן, אַז „נעפ" איז בלויז אַ פּאָליטיק פון אָפּטרעטן, אַז „נעפ" ווערט פאַרוואַנדלט פון דער „איינציק ריכטיקער ווירטשאַפטלעכער פּאָליטיק פון פּראָלעטאַריאַט" אין אַ קראַפט, וואָס דאַרף אונדז פאַרשווענקען.

מיר האָבן 95 פּראָצ. פון אונדזער אינדוסטריע אין מעלוכעהענט. מיר האָבן דעם גאַנצן אויסערלעכן האַנדל אין אונדזערע הענט. מיר האָבן פאַר די לעצטע פאָר יאָר אַ קאָלאָסאַלן אויפשטייג אין אונדזער קאָאָפּעראַציע: מיר האָבן אַרויסגעשטויסן דעם פּריוואַטן אָפּטאָוויק אויך, מיר הויבן אָן אַרויסצושטויסן אויך דעם פּריוואַטן איינצלפאַרקויף. קאָן מען ריידן וועגן דעם, אַז דער „נעפ" איז אונדזער גרעסטע געפאַר? בעפּיירעש ניט.

און איצט וועגן איינער פון די קאַרדינאַלסטע פראַגן: וועגן אונדזער מעלוכעאינדוסטריע. וואָס שטעלט פון זיך פאָר אונדזער מעלוכעאינדוסטריע? צו איז זי אַ אינדוסטריע, וואָס גייט דורכיס אַפן וועג צום סאָציאַליזם, אָדער זי האָט מיט סאָציאַליזם גאָר ניט געשמעקט. די אָפּאָזיציע האָט איר מיינונג אין דער היינזיכט געביטן ניט איינמאָל און נאָך אַלעם דעם איז זי פאָרט געבליבן באַ אירס—אונדזער מעלוכעאינדוסטריע הויבט ניט אָן צו זיין קיין סאָציאַליסטישע. פאַרוואָס? ווייל מיר האָבן נאָך אַף דער פאַבריק ניט קיין גלייכהייט, ווייל באַ אונדז איז נאָך פאַראַן אַ דירעקטאָר וואָס באַפוילט...

אָבער די פראַגע איז, אין טאָך גענומען, געשטעלט געוואָרן ניט ריכטיק. קיינער פון אונדז זאָגט ניט, אַז אונדזער אינדוסטריע איז אינגאַנצן אַ סאָציאַליסטישע. דער כ' בוכאַרין האָט אין איינעם פון זיינע פאָרטראַגן ריכטיק אָנגעוויזן, אַז „סאָציאַליזם הייסט אַזאַ אָרדענונג, ווו די גאַנצע ווירטשאַפט איז אָרגאַניזירט". באַ אונדז געפינט זיך נאָך ניט אין די הענט פון דער מעלוכע די גאַנצע ווירטשאַפט. דעריבער קאָן ניט זיין קיין רייד, אַז באַ אונדז איז שוין דאָ סאָציאַליזם. אָבער אַף וויפיל די ווירקנדיקסטע צווייגן פון דער אינדוסטריע געפינען זיך אין די הענט פון אַ פּראָלעטאַרישער מעלוכע, ווערן זיי שוין דער עלעמענט, וועלכער פירט צום סאָציאַליזם.

דאָס, וואָס באַ אונדז איז נאָך דערווייל די באַציונג פון אונדזערע ווירטשאַפטלער ניט קיין אידעאַלע, דאָס, וואָס מיר האָבן נאָך ניט קיין גלייכהייט אין די רייען פון פּראָלעטאַריאַט גופע—דאָס ווייסן מיר, דאָס זעען מיר אויסגעצייכנט. מיר ווייסן אָבער, אַז דאָס איז א זאַך אַ צייטווייליקע, אַ זאַך, וואָס מיר מוזן באַקעמפן און מיר וועלן באַקעמפן. דאָס שטאַמט דערפון, וואָס אין פּראָלעטאַריאַט גופע עקזיסטירט נאָך פאַרשיידנקייטן אין דער קולטוראַנטוויקלונג... מיר האָבן אָט די דאָזיקע „ניט גלייכהייט" אין דער פאַרטיי גופע. און כ' בוכאַרין האָט מיט אַ געלעכטער געשטעלט די פראַגע—הייסט דאָס, אַז באַ אונדז אין פאַרטיי גופע איז אויך דאָ עלעמענטן פון פאַרטעישן אָדער מעלוכישן קאַפּיטאַליזם?

מ'מוז זאָגן, אז די קאָנצעפּציע פון דער אָפּאָזיציע איז אויך דאָ זייער ענלעך מיט דער קאָנצעפּציע פון מענשעוויזם. די מענשעוויקעס האָבן דאָך אויך שטענדיק געטאַינעט, אז באַ אונדז האָט ניט געשמעקט מיט קיין סאָציאַליזם: „נעפ" איז קאַפּיטאַליזם, אונדזערע מעלוכישע פאַבריקן עקספּלואַטירן אַפן זעלבן אויפן, ווי די קאַפּיטאַליסטישע. עס האָט זיך, הייסט דאָס, גאָרנישט געביטן.

און איצט די לעצטע פראַגע:—אונדזער באַציאונג צו פאַרשיידענע שיכטן אין פויערטום.

וואָס פאַר אַ פּראָצעס האָבן מיר געהאַט אין דאָרף? מיר האָבן פאַרטריבן דעם פּאָרעץ, מיר האָבן צוקלאַפּט אין א געוויסער מאָס דעם באַלעגוף. די ערד זייערע האָבן מיר צוטיילט צווישן דעם אָנערדיקן און ווייניקערדיקן פויער. דערדאָזיקער אַקט האָט באַשאַפן אזאַ לאַגע, אַז דער פויער איז אין דער גרעסטער מאָס אין דאָרף אַ מיטלפויער.

האָבן מיר איצט אין דאָרף פירערליי עלעמענטן: אַ באַטראַק, אַן אָרעמפויער, אַ מיטלפויער און גאָר אַ קליינעם טייל באַלעגופים. די באַזע פון דאָרף איז דער מיטלפויער.

דאָס פויערטום איז דער קלאַס, וואָס באַ אַ געהעריק-ריכטיקער טאַקטיק, שטיצט ער די רעוואָלוציע. דאַרפן מיר זען, אַז דער פויער זאָל זיין אַפן צאַד פון דער רעוואָלוציע. דערפון איז געדרונגען, אז מיר דאַרפן האַלטן אונדזער אָריענטאַציע אין דאָרף אַפן באַטראַק און אָרעמפויער—דאָס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, און דערהויפט אַריבערציען אַף אונדזער צאַד דעם מיטלפויער. אויב ניט, וועלן מיר אין דאָרף ניט האָבן קיין פעסטן באָדן—דאָס זיינען אַלץ אלעפבייזן, וועלכע מיר ווייסן אויסגעצייכנט, וועגן וועלכע מיר האָבן זייער פיל גערעט אין אונדזער קאַמף מיטן טראָצקיזם.

דער באַלעגוף אין דאָרף איז שטאַרק ניט בלויז דערמיט, וואָס ער האַלט אין זיינע לאַפּעס דעם אָרעמפויער, נאָר אויך דערמיט, וואָס ער האַלט און גאַנץ פעסט אין זיינע הענט אויך דעם מיטלפויער. אויב מיר וועלן אַף איין מינוט אָפּשוואַכן אונדזערע פריינטלעכע באַציונגען מיטן מיטלפויער, איז דאָ די געפאַר, אַז דער באַלעגוף וועט אים אַריבערציען פּאָליטיש אַף זיין צאַד און דאַן פאַרלירן מיר דעם דאָרף.

דעריבער דאַרף אונדזער פּאָליטיק זיין ניט נאָר קיין נייטראַלע בענויגייע צום מיטלפויער, ווי דאָס וויל די אָפּאָזיציע, דאָס איז באַ היינטיקער לאַגע ווייניק. מיר מוזן אים שטאַרק דערנענטערן צום אָרעמפויער, קעדיי אַף אַ גרויסן מעהאַלעך דערווייטערן אים פון באַלעגוף.

וואָס וויל די אָפּאָזיציע? די אָפּאָזיציע וויל די הויפּטאויפמערקזאַמקייט לייגן בלויז אַפן אָרעמפויער, דעם מיטלפויער נייטראַליזירן, ד. ה. פאַקטיש שטויסן אים אין די אָרעמס פון באַלעגוף.

נאָך איין מאָמענט דאַרף אונטערגעצייכנט ווערן, ווי דאַרף זיין אונדזער טאַקטיק אין דאָרף. צי דאַרפן מיר איצט צופלאַקערן דעם קלאַסנקאַמף אין דאָרף, ד. ה. מיר דאַרפן אָנעמען רעפּרעסיווע מיטלען קעגן באַלעגוף, אָדער פירן אַזאַ טאַקטיק, וואָס זאָל מעמיילע אָפּשוואַכן די ווירקונג פון באַלעגוף.

די אָפּאָזיציע וויל א צופֿלאַקערטן בירגערקריג. מיר האַלטן, אַז אין היינטיקער צייט איז דאָס פֿאַר אונדז ניט נויטיק און בעפֿיירעש שעדלעך. מיר טאָרן ניט דערלאָזן איצט קיין אַנטוויקלונג פֿון באַנדיטיזם, מיר דאַרפֿן האָבן א נאָרמאַל, רויִק לעבן אין דאָרף. דורך דעם, וואָס מיר ציִען אריבער אף אונדזער זייט דעם מיטלפּויער, נעמען מיר ארויס דעם גיפֿט באַם באַלעגוף און דאָס איז פֿאַר אונדז איצט פֿולשטענדיק גענוג.

דאָס זיינען די הויפּטמאָמענטן, וואָס האָבן אָפּגעטיילט דעם גאַנצן צוזאַמענפֿאָר פֿון דעם קליין הייפֿעלע אפּאָזיציאָנערן.

דער גאַנג פֿון צוזאַמענפֿאָר, פֿון די באַריכטן אף די ערטער, פֿון דעם איבערבראָך אין דער לענינגראדער אָרגאַניזאַציע, ווייזט אַן איבעריקן מאָל, אַז גערעכט איז געווען די מערהייט פֿון צוזאַמענפֿאָר, ד. ה. די גאַנצע פּאַרטיי.

## פֿון דער רעדאַקציע:

דער בעסטער מאַטעריאַל, וואס קען העלפֿן אונדזערע כ"כ פֿאַנאַנדערקלייבן זיך אין די פראגן פֿון 14-טן צוזאמענפֿאר, זיינען: סטאַלינס פארטראג מיט די רעזאלוציעס און כ׳ בוכארינס פֿארטראג.ביידע פארטראגן זיינען דא אין יידישער איבער דעם קאנען אונדזערע כאווייריִם אויסנוצן די באריכטן פֿון צוזאמענפֿאר אין „עמעס". זיי זיינען דארטן זייער גוט געגעבן געווארן.

מ. ראַפֿאַלסקי.

# טעאַטער-פּראַגן.

## בריוו פֿון מאָסקווע.

### 1־טער.

אין אָנהויב פֿון צוקונפֿטיקן יאָר פֿאָרן מיר אַריבער קיין ווייסרוסלאַנד, און הויבן אָן פֿונקציאָנירן אין מינסק, אַלס דער ערשטער יידישער מעלוכעטעאַטער אין אונדזער רעפּובליק. דאָס פֿאַרפֿליכטעט אונדז זיך צוקוקן צו אונדזער צוקונפֿטיקער היים, זיך צוהערן צו די פֿאָדערונגען, וועלכע ווערן געשטעלט צו אונדז סאַי צו אונדזער אַרבעט, אַנאַליזירן די אומשטענדן, אין וועלכע מיר וועלן זיך געפֿינען, אויספֿאָרשן די סוויווע, זיך אָפּגעבן אַ דינוועכעשבן סאַי אין די פּאָזיטיווע, סאַי אין די נעגאַטיווע דערשיינונגען, וועלכע זיינען פֿאַרבונדן מיט אונדזער איבערפֿאָרן פֿון מאָסקווע קיין מינסק. וואָס זשע זיינען די אויספֿירן, ווו זיינען די וועגן פֿאַר אונדזער ווייטערדיקער אַרבעט?

ס'איז אָן צווייפֿל, אַז מיר וועלן זיך מוזן איבערבויען, איבערבייטן די מעטאָדן פֿון אונדזער אַרבעט, דעם צוגאַנג צו איר, דעם אויסוואַל פֿון מאַטעריאַלן און פֿאַר אונדזער יונגן קערפּערשאַפֿט איז דער איבערגאַנג אַן ערנסטער, אַ באַדייטנדיקער. מ'דאַרף זיין פֿאָרזיכטיק, מ'דאַרף אָנמערקן אַ קלאָרע ליניע. יעדער פֿאַלשער טראָט, יעדע אָפּנייגונג איז געפֿערלעך, ווי געפֿערלעך ס'איז דער איבערגאַנג פֿון קינד צו יוגנט. די אויספֿירן וויל איך פֿריִער פֿאָרמולירן און נאָכדעם זיי דערווייזן, דערקלערן:

1. דערהויבן די קונסט פֿון דעם שוישפּילער און זיין קולטור ביז דער העכסטער מאַדרייגע.

2. זוכן דעם וועג צו דעם צושויער דורכן מאָדערנעם שלאָגאינהאַלט.

3. דורך קינסטלערישע מעטאָדן פֿאַראיינפֿאַכן דעם אויסערלעכן אויסדרוק פֿון פֿאָרשטעלונג.

מע וואָלט געקענט נאָך פֿאַרגרעסערן די צאָל אויספֿירן, נאָר איך האַלט, אַז פֿאַר אונדז מוזן זיי ווערן לאָזונגען פֿאַר דער ווייטערדיקער אַרבעט און אַלס אַזעלכע דאַרפֿן זיי זיין קורץ, שאַרף פֿאָרמולירט און נישט איבערגעטריבן אין צאָל. זאָל דאָס זיין דער מאַקסימום פֿאַר די ערשטע צייטן, שפּעטער וועט דאָס ווערן דער מינימום.

---

דער לאַנגאָנענדיקער וויכוח וועגן דעם, וואָס איז דאָס וויכטיקסטע אין טעאַטער און דורך וועלכע מיטלען ווירקט אומיטלבאַר און אַמשטאַרקסטן דער טעאַטער אָפֿן צושויער, פֿירט שטענדיק, כוץ קליינע אויסנאַמען, צו איין אויספֿיר:

דער אַקטיאָר.

זיין קערפּער, זיין שטים, זיין טעמפּעראַמענט—מיט איין וואָרט, דער שוישפּילער, וועלכער שאַפֿט דורך זיין אייגענעם מאַטעריאַל געשטאַלטן און רופֿט אַרויס עמאָציעס באַם צושויער.

דער גרעסטער מייסטער פֿון אונדזער עפּאָכע, דער רעזשיסאָר וסעוואָלאָד מייערכאָלד, זאָגט אין זיינעם אַ בוך:

„דער אַקטיאָר שפּילט מיטן פּאָנים צום צושויער, דער רעזשיסאָר מיט דער פּלייצע".

פֿאָרשנדיק די געשיכטע פֿון טעאַטער, קאָן מען זיך איבערצייגן, אַז אין די סאַמע גלענצנדיקע עטאַפּן זיינע, כאַראַקטעריזירט ער זיך מיט אַ גאַנצער ריי טאַלאַנטפֿולע, געניאַלע שוישפּילער, אין דער צייט, ווען דער רעזשיסאָר, פֿאַרקערט, קומט אין איבערגאַנגמאָמענטן, קומט, ווען צווישן איין דאָר שוישפּילער און אַ צווייטן ווערט אַן איבערייס, ווען עס וואַקסן אָן נייע סאָציאַלגעזעלשאַפֿטלעכע פֿאַקטאָרן, וואָס צווינגען איבערצושאַצן קולטורעלע און קינסטלערישע אויצרעס, ווען נייער אינהאַלט רופֿט אַרויס נייע פֿאָרמען און נייע מעטאָדן פֿון דער קונסטשאַפֿונג. עס איז גענוג אָנצווייזן אַף דער געשיכטע פֿון רוסישן טעאַטער, עס איז גענוג איבערבלעטערן די מאַטעריאַלן צום הונדערטיאָריקן יובילײ פֿון „קליינעם טעאַטער", קעדיי זיך איבערצייגן, אַז דער שטאַנדפּונקט איז אַ ריכטיקער. איר געפֿינט אומשטערבלעכע נעמען פֿון אַקטיאָרן:

מאָטשאַלאָוו, קאַראַטיגין, טשעפּקין, פּראָוו סאַדאָווסקי. שפּעטער—וואַרלאַמאָוו, דאַווידאָוו, סאַווינאַ, יערמאָלאָוואַ און אַנדערע. איר געפינט אָבער קיינמאָל ניט קיין איין נאָמען פון אַ רעזשיסאָר, וועלכער וואָלט געוועלטיקן איבער דעם געניאַלן שוישפּילער, ווייל די ראָל פון דעם רעזשיסאָר אין אַ צייט פון טעאַטעראויפשטייג איז די ראָל פון אַ לערער, פון אַ גרינדער און אָנפאַנגער פון דער, אָדער יענער קינסטלערישער אַקטיאָרנשול, אַזוי איז טשעפּקין, אלס אַ געניאַלער שוישפּילער, געווען דער גרינדער פון דער רעאַליסטישער שול, און שפּעטער סטאַניסלאַווסקי פון דער נאַטוראַליסטישער.

ס'איז אינטערעסאַנט, אַז די געשיכטע פון יונגן יידישן טעאַטער כאַזערט איבער די זעלבע דערפאַרונג. אין קאָברינס דערינערונגען געפינט איר אַ גאַנצע ריי נעמען פון אַקטיאָרן, ווי ליפּצין, קעסלער, טאָמאַשעווסקי, יאַקאָפּ אַדלער, און אַנדערע, און געפינט נישט קיין נעמען פון רעזשיסאָרן. ווי עס ווייזט אויס האָבן די געניאַלע אַקטיאָרן איבערגעגעבן און איבערגענומען איינער באַם אַנדערן די שול און מעטאָדן פון שפּילן. אַפילע ווסעוואלאד מייערכאָלד האָט פריער אָנגערופן זיין טעאַטער „דער טעאַטער פון שוישפּילער”.

די סיסטעם פון ביאָמעכאַניק האָט געדאַרפט פאַרבייטן די סיסטעם פון איבערלעבונגען און דערציען א נייעם רעוואָלוציאָנערן אַקטיאָר מיט אַ בעוועגלעכן קערפּער. דער קערפּער, אַלס הויפּטמאַטעריאַל פאַרן אַקטיאָרס שאַפן, זאָל קאָנען אָפּשפּיגלען אונדזער דינאַמישע עפּאָכע. אַ נייער טעאַטער איז א נייע אַקטיאָרנשול, נייע טעכניק און נייע מעטאָדן פאַר שפּילן.

דער רעזשיסאָר איז דער, וואָס מערקט אָן די שול, דער לערער פון אַקטיאָר, זיין אַרבעט איז אַ לאַבאָראַטאָרישע, אַ דערציערישע. ווען די שול איז געשאַפן, ווען די וועגן זיינען געפונען, ווען די מעטאָדן זיינען פעסטגעשטעלט, קומט די נייע טעאַטערעפּאָכע און דער שוישפּילער איז דער אומיטלבאַרער שעפער.

אונדזער רעוואָלוציאָנערער טעאַטער האָט זיך נאָך ניט באַשטימט, ער איז אַפן שיידוועג, און דערפאַר שטייט נאָך דערוויל אין דער ערשטער ריי דער רעזשיסאָר, דערפאַר איז זיין ראָל אַזוי וויכטיק. די העגעמאָניע פון דעם רעזשיסאָר אין טעאַטער באַטאָנט דעם אַקטיאָרנקריזיס. דער קריזיס מוז קאָנסטאַטירט ווערן אַלס אַ פאַקט, וועלכער ווערט נאָך שאַרפער דערפאַר, ווייל דער עלטערער דאָר פון אַקטיאָרן שטייט נאָך אינם גאַנצן גלאַנץ פון זיין מייסטערשאַפט, איינגעשפאַרט אין איינגעגלויבט אין זיינע אָרגאַנישע טראַדיציעס.

די אָביעקטיווקייט פאָדערט מיר זאָלן אונטערשטרייכן, אַז דער אַקטיאָרנקריזיס איז ניט קיין פּריווילעגיע פון דעם, וואָס די נייע קרעפטן, וועלכע גייען צום טעאַטער און קומען איבערהויפּט אין אַמערסטן פון די ברייטע מאַסן, זיינען ווייניקער באַגאַבט איידער דער פריערדיקער דאָר. פאַרקערט, אַלס אַן אָנפירער פון אַ יוגנטלעכן טעאַטער ווייס איך, אַז די פּראָלעטאַרישע יוגנט ברויזט מיט פעיקייטן און טאַלאַנטן.

ווען מיר וועלן באַטראַכטן אונדזער צווייטן אויספיר: „זוכן דעם וועג צו דעם צושויער דורכן מאָדערנעם שלאָגאינהאַלט”, וועלן מיר זען, אַז דער אויבנדערמאָנטער קריזיס איז ענג פאַרבונדן מיטן רעפּערטואַרקריזיס און אַף דראַמאַטורגיע האָבן זיך שטענדיק געלערנט און זיך דערצויגן ג ל ע נ צ נ ד י ק ע ד ו י ר ע ס  אַ ק ט י אָ ר ן.

די פראַגע וועגן מאָדערנער דראַמאַטורגיע—די רעפּערטואַרפראַגע—איז דאָ ניט לאַנג ערשט געוואָרן אַן אַקטועלע שלאָגפראַגע, זי איז אָבער קיינמאָל נאָך נישט באַטראַכט געוואָרן, ווי אַ פראַגע וועגן מאַטעריאַל, וואָס דאַרף באַשטימען דעם וווּקס פון דעם שוישפּילער, זיין רעוואָלוציאָנערן באַוווּסטזיין, זיין נייע טעכניק. זי איז באַטראַכט געוואָרן פונם אידעאָלאָגישן, געזעלשאַפטלעכן שטאַנדפּונקט. אויב אָבער מע האַלט, אַז דער אַקטיאָר באַשטימט די טעאַטערעפּאָכע, מוז דער רעפּערטואַר אויך באַטראַכט ווערן, ווי אַ מאַטעריאַל פאַרן אַקטיאָר, מע מוז אים באַלייכטן אויך פון דעם שטאַנדפּונקט.

יעדע גלענצנדיקע אַקטיאָרנעפּאָכע איז ענג פאַרבונדן מיטן נאָמען פון דעם אָדער יענעם דראַמאַטורג, וועלכער האָט פאַרקערפּערט אין זיינע ווערק די מענטשן פון זיין צייט, זייערע באַציונגען א. א. וו.

קלאַסישע ווערק זיינען פאַרן שוישפּילער אַ גאַלעריי פון קלאַסישע טיפּן, קלאַסישע געשטאַלטן און ווערן אַזוי אַרום דער דאַנקבאַרער מאַטעריאַל פאַר זיין קינסטלערישן שאַפן. אין ענגלאַנד—שעקספּיר; אין פראַנקרייך—מאָליער; אין דייטשלאַנד—שילער; אין איטאַליע—גאָצי; אין שפּאַניע—לאָפּיע-דע-וועגאַ; אין רוסלאַנד—גאָגאָל, אָסטראָווסקי און שפּעטער טשעכאָוו. זיי זיינען עס געווען די גרויסע, רייכע פעלדער, אַף וועלכע די צייט האָט פאַרזייט קערנדלעך פון טעאַטערקונסט און דערנאָך געבראַכט פרוכטבאַרע אַקטיאָרנדווירעס. אין דער געשיכטע פון אונדזער יידישן טעאַטער כאַזערט זיך איבער, אַלס אַן אומפאַרמיידלעכער געזעץ, דאָסזעלבע: דער וווּקס, די זעלבסטבאַשטימונג פון דעם יידישן אַקטיאָר איז ענג פאַרבונדן און הייבט זיך אָן מיט גאָלדפאַדענען. דער רעפּערטואַר איז אין אַלע צייטן געווען נישט נאָר אַ מיטל פאַרן אַקטיאָר צו אַנטוויקלען זיך אַלזייטיק און קינסטלעריש וואַקסן, נאָר אויך דער ריכטיקסטער וועג צו באַרירן זיך מיטן צושויער, צו וועקן דעם אינטערעס און אויפמערקזאַמקייט צו זיך. די אַודיטאָריע האָט שטענדיק באַטראַכט דעם טעאַטער, ווי אַ שפּיגל פון לעבן (איצט איז דערדאָזיקער קריטעריי פאַרבאַנאַליזירט געוואָרן און דערפאַר מוז מען אים איבערקוקן), אין דעם אַקטיאָר האָט די אַודיטאָריע געוואָלט דערקענען דעם לעבעדיקן טיפּ פון אירע צייטן, אַף דער בינע האָט זי געוואָלט זען באַקאַנטע געשעענישן, הערן נאָענטע, פאַרשטענדלעכע ווערטער, פילן דעם אימפּולס פון איר טאָגטעגלעכן לעבן. אין אָנהייב פונם לויפנדיקן ווינטערסעזאָן האָט וו. מייערכאָלד אָנגעמערקט אין זיין רעפּערטואַר איינציקע קלאַסישע ווערק, ווי גאָגאָלס „רעוויזאָר”, מאָטיווירנדיק זיין אויסוואַל מיט דעם, אַז צוליבן וווּקס פונם אַקטיאָר, פון זיין טעכניק איז נויטיק זיך באַנוצן מיט אַלוועלטלעכע אויצרעס פון פאַרגאַנגענע עפּאָכן. דאָס איז געווען אַן

אויסוועג נאָר דערפאַר, ווייל די מאָדערנע דראַמאַטורגיע באַפרידיקט ניט דעם טעאַטער, ווי אַ מאַטעריאַל פאַרן אַקטיאָר. דאָס איז אַן אויסוועג אָבער נישט קיין לייזונג פון דער פראַגע. ביז וואַנען די מאָדערנע דראַמאַטורגיע וועט ניט ווערן געשאַפן, קענען נישט קומען די טאַלאַנטפולע אַקטיאָרן, און דער טעאַטער, ניט האָבנדיק זיין הויפטשעפער, וועט זיך פלאָנטערן אין פאָרמעלע זוכענישן.

ס'איז אויך אַ טאָעס צו קלערן, אַז אַף שוואַכער דראַמאַטורגיע אָדער אַף קליינקונסט קאָן מען דערציִען אַן אַקטיאָרנדאָר. אין דער היִנזיכט איז מייערכאָלד געוויִס געווען גערעכט, אַריינפירנדיק אין זיין רעפערטואַר קלאַסישע ווערק.

ביז וואַנען אונדזער סטודיע איז אין מאָסקווע, איז זי אַ לערנאַנשטאַלט און אַלס אַזעלכער מוז די פעדאַגאָגיש-דערציִערישע אַרבעט שטיין אַפן ערשטן פלאַן, נאָך איר אומקערן זיך קיין מינסק ווערט זי אַ טעאַטער, און די פראַגע וועגן רעפערטואַר, ווי אַ מיטל זיך צו באַהעפטן מיטן צושויער, אים דערנעענטערן צום טעאַטער און פאַרשטאַרקן דעם ווּקס פון דעם אַקטיאָר דאַרף פאַרנעמען דעם ערשטן אָרט.

———————

אַף דער לעצטער פראַגע וועגן פאַריינפאַכן דעם אויסערלעכן אויסדרוק פון דער פאָרשטעלונג וועט זיך אויסקומען אָפשטעלן באַזונדער,—דאָס מאָל בלויז איינִיקע באַמערקונגען:

דער קאָנסטרוקטיוויזם אַף דער בינע איז געווען אַרויסגערופן אַלס אַ רעאַקציע קעגן דעם סצעניִשן פאַוויִלאָן, וועלכער האָט נישט געקאָנט באַפרידיִקן דעם מאָדערנעם טעאַטער, נישט נאָר אַדאַנק זיין צווייפלאַכיקייט, נאָר אויך איִבער אַנדערע סיבעס (פאָרלויפיִק מוז מען באַמערקן, אַז פאָרמעל-עסטעטישע קאָנסטרוקציעס האָבן זיך ווּ נישט ווּ שוין באַוויִזן אין טעאַטער ביז דער רעוואָלוציע).

דער בוי פונם פאַוויליאָן האָט זיך צוגעפאַסט צו דער געזונטער קלאַסנרוּיקייט פון אָסטראָווסקיס צייטן, און די סצעניִשע באַדינגלעכקייט האָט אויסגעדריקט די שטימונגפולע איבערלעבונגען פון טשעכאָווס אָפּגאַנגצייטן. די רעוואָלוציע האָט ברויזנדיק צושטערט סאַי פאַרבליבענע סימאָניִם פון רוּיִקייט, סאַי שטיִמונגפולע איִבערלעבונגען און האָט אַרויסגערופן ענערגיע, טאַט און באַוועגלעכקייט. דער טעאַטער דורך זיין אַקטיאָר האָט געדאַרפט, ווי שטענדיִק, זיין איִן איינקלאַנג מיט דער עפּאָכע און פיִבעריִשזוכן פאָרמען פאַר זיינע נייע אויפגאַבן. ס'איז ווידער קלאָר, אַז ווי די רעפערטואַרפראַגע, אַזוי אויך די פראַגע וועגן אויסערלעכן אויסדרוק פון פאָרשטעלונג איז געוואָרן ענג פאַרבונדן מיט דער נייער אַקטיאָרנשול, וועלכע האָט געמוזט קומען אין די נייע רעוואָלוציאָנערע באַדינגונגען. די קאָנסטרוקציע האָט אַרויסגערופן די נויטיִקייט אומבייטן דעם צוגאַנג צו דער מיזאַנסצענע, און דאָס האָט שוין מעמיילע געשטויסן צו נייער באַוועגלעכקייט אַף דער בינע. די קאָנסטרוקציע פון דעם „גרויסמוטיִקן הערנערטרעגער"*) אין מייערכאָלדס טעאַטער איז געוואָרן נישט נאָר אַ נייע בינעאויסשטעלונג, נאָר אויך אַ נייער טראַמפּליִן פאַרן אַקטיאָרס באַוועגונגען, דעם אַבסטראַקטן קאָנסטרוקטיוויזם האָט גאַנץ גיך פאַרביטן דער קאָנקרעטער. דער פעריאָד איז געווען אַן איבערגאַנגפעריאָד אַפן וועג פון אויסבילדן דעם נייעם אַקטיאָר. ווען דער נייער מייסטער (אַקטיאָר) וועט קומען באַוואָפנט מיט דער נייער רעוואָלוציאָנערער טעכניק, וועט ווערן אָפּגעוואָרפן די שווערע בויונג, אַלס אויסערלעכער אויסדרוק פון דער פאָרשטעלונג.

י. ליובאָמירסקי.

# קינאָ אין ארבעטערקלוב.

## „דער שטומער מעכאַשעף".

... אין איינעם פון מאָסקווער אַרבעטערקלובן.

אַ געוויינטלעכער קאָמביניִרטער פאַרווײלונגאָוונט, אָדער ווי מען רופט עס:—אַ קונסטאָוונט. לעכאַטכילע אַ מוזיִקאַלע אָפּטיילונג. ס'טרעטן אַרויס שילער פון דער ראַיאָנישער מוזיִקשול: ווער אַפן פידל, ווער אַפן פיאַנינא און ווער מיט געזאַנג. נאָר עס קלעפט זיך צום אוילעם, ווי אַן אַרבעס צום וואַנט. צו מאַכמעס די זינגער און שפּילער זיינען נאָך אַזוי רוי און טאַלאַנטלאָז, צו מאַכמעס זיי ווייסן נאָך ניט דעם סאָד, ווי אַרום און מיט וואָס „צונעמען" דעם אוילעם. מ'גענעצט, מען שמועסט זיך דורך, הויך, ניט געשעמט, מען שפּאַצירט אַרום, אַקלאַל, מען זיצט ניט איין.

נאָר אָט האָט זיך געענדיקט די קאָנצערטאָפּטיילונג. עס הויבט זיך אָן פאַנאַנדערוויקלען אַן אַנדער סאָרט פּראָגראַם: אַ לעבעדיִקע צייטונג, אונטערגעטראָגן דורך אַ גרופּע יונגוואַרג—טראַנספּאָרטאַרבעטער. דאָ האָט איר אַ שטיִק, וועלכע איז דורכגעקנאָטן מיט אומבעראַכמאָנעסדיקער ביטערער סאַטירע אף אונדזער פאַרלאָזענעם איינגעוואַקסענעם שטייגער, דאָ האָט איר געשיקטע דורכגעטריבענע גראַמען, אויך פיזקולטורישע פּראָפּאַגאַנדע, אַן עמעסע לעבעדיִקע צייטונג, פון וועלכער עס שלאָגט ווירקלעך, ווי פון אַ קוואַל, פאָלקשאַפונג.

אָבער ווי רעאַגירט די אַודיטאָריע? עמעס, דער געפילדער איז אַ ביסל שוואַכער געוואָרן, מ'נעמט אויף גאַנץ וואַרעם די אַרויסטרעטנדיקע. אָבער עס איז פאָרט ניט רויִק אין צושויערזאַל. הינטער מיר שמועסט מען פון פאַמיליעאָנגעלעגנהייטן, פאָרויס—קנאַקט מען קערלעך און מען דערמאָנט זיך אַן די נייע מאַלבושים, וואָס מען האָט די טעג געקויפט. ערגעץ אין אַ פּאָר וויג-

*) «Великодушный рогоносец».

קעלעך ביילן זיך עטלעכע כעוורע, און די עלטערן שרייען אַף זיי. אַ דריטכיילעך זאל איז ביכלאַל פּוסט.

נאָר אָט האָט זיך געענדיקט די לעבעדיקע צייטונג. איך שטיי אוף און וויל זיך נעמען גיין. ווער? וואָס?—א מעכטיקער מענטשנשטראָם—אַלטע, יונגע, קינדער האָט זיך מיט א גוואלטיקן אימפּעט אַ לאָז געטאָן אין זאל. מען גייט ניט—מען פּליט, מען שפּרינגט איבער בענק, שיר ניט איבער קעפּ. עס קראכן בענק, עס הילכן טריט. עס שרייען ניט מיט זייער קאָל די פאַראָרדנער בא די טירן. ווער הערט זיי? אַבי גיכער פאַרכאַפּן אַן אָרט! עס זיינען שוין אלע בענק פאַרנומען, ס'איז שוין קיין איין פרייער פלאַץ ניטאָ,—און מע שפּאַרט זיך נאָך אַלץ מיט אַקשאָנעסדיקע עלנבויגנס, מיט פאַרשוויצטע פּענימער, מיט פיבערדיק-בלישטשענדיקע אויגן, מיט פאַרכאַפּטן אָטעם—אַלץ אין זאַל. עס קאָכט מיט זידלערייען—מע קריגט זיך פאַר די ערטער. און אַלע אויגן און אַלע פּענימער זיינען געווענדעט... וואוהין? צום שטיקל ווייסן טישטוך, וואָס עס וויקלט פאַנאַנדער עפּעס אַ צופאַטלטער יונגערמאַן אין אַ גרויען ראָק.

און אָט איז געוואָרן פינצטער. אַ טויטשטילקייט. קיין אָטעם. קיין ריר. עס גייט דער אַלמעכטיקער שטומער מעכאַשעף—קינאָ.

## 1. דער וווקס פון קינאָ אין קלוב.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס בילד, וואָס איך האָב דאָ נאָר וואָס געשילדערט, איז כאַראַקטעריסטיש ניט נאָר פאַר דעם אָנגעוויזענעם מאָסקווער קלוב. דער צויבער פון קינאָ האָט אַרומגעכאַפּט די גרעסטע מערהייט פון אונדזערע קלובן. אין אונדזערע הויפּטשטעט, ווי מאָסקווע, לענינגראַד, וועט איר קימאַט קיין איין קלוב ניט געפינען, וואָס זאָל ניט פאַרמאָגן זיין אייגענעם קינאָאַפּאַראַט און ווו איר זאָלט ניט האָבן לעפּאָכעס 2 סעאַנסן אַ וואָך. קינאָ אין קלוב האָט באַקומען אַ כאַראַקטער פון אַן עמעסער עפּידעמיע, באַזונדערס די לעצטע אָנדערהאַלבן יאָר. עס איז גענוג אָנווייזן אייניקע ציפערן, אַז מע זאָל ווערן איבערראַשט.

מאָסקווער גובערניע האָט אין אָקטיאַבר 1924 יאָר פאַרמאָגט סאַכאַקל 60 קלובן מיט אייגענע קינאָמאַכשירים (אַפּאַראַט, עקראַן, באַלייכטונג). אין מעשעך פון 4 כאַדאָשים—אין מאַרט 1925 יאָר איז שוין אויסגעוואקסן 360 קלובן מיט אייגענע קינאָמאַכשירים, ד. ה. פּונקט ז ע ק ס מאָל אַזוי פיל.

ווי זשע האָט עס געהאַלטן מיטן וווקס פון קינאָפּראָגראַמען?

אין נאָיאַבר 1924 יאָר האָט מען אין מאָסקווער גובערניע אַרויסגעגעבן די קלובישע קינעמאַטאָגראַפן—519 פּראָגראַמען, אין דעקאַבר—1141 (שוין מיט 100 פּראָצ. מער), אין יאַנוואַר 1925 יאָר—1612, אין מאַרט—1945, ד. ה. אַ שפּרונג קאָרעוו צו 400 פּראָצ. אין מעשעך פון פ י נ ף כאַדאָשים.

נאָך קלאָרער וועט ווערן דער וווקס פון קינאָ אין קלוב, אויב מיר וועלן מיט ציפערן אילוסטרירן די פאַרהעלטעניש פון קלובקינאָ צום קאָמערציעלן קינאָטעאַטער.

אין נאָיאַבר 1924 יאָר האָט מען די קאָמערציעלע קינאָטעאַטערן אַרויסגעגעבן 11.605.510 מעטער פילמעס, אין די קלובישע קינאָס—2.836.000, ד. ה. קאָרעוו צו אַ פ י נ פ ט כ י י ל ע ך. אין פעווראַל 1925 יאָר, אין פ י נ ף כאַדאָשים אַרום, האָט איר שוין לאַכלוטן אַן אַנדער מין פאַרהעלטעניש: די מאָסקווער קינאָקאָנטאָרן האָבן פאַנאַנדערגעטיילט צווישן די קינאָטעאַטערן 4000 פּראָגראַמען, און דער מאָסקווער גובערניאַלער פּראָפאַריינענראַט (מ.ג.ס.פ.ס.) האָט צוטיילט די קלובן 1921 פּראָגראַמען, ד. ה. קימאַט אַ ה ע ל פ ט פון דעם, וואָס עס האָבן געקראָגן די קאָמערציעלע קינאָטעאַטערן. פאַר אַזעלכע אָנדערהאַלבן יאָר האָבן אונדזערע אָנגעזעענסטע פּראָפאַריינען אין אַלגעמיין באַזאָרגט מיט קלובמאַכשירים 1.500 קלובן (פון וועלכע די אייזנבאַנער פאַרמאָגן 289, די כעמיקער—116, צוקעראינדוסטריע—148, באַרגאינדוסטריע—160, טעקסטיל—106).

איך רעכן, אַז די ציפערן כאַראַקטעריזירן גאַנץ בוילעט דעם ריזיקן וווקס פון קינאָ אין קלוב. דאָס איז איין זאַך. כוץ דעם גיבן זיי אונדז, דידאָזיקע ציפערן, אָנצוהערעניש, אַז וואָס ווייטער ווערט אַלץ גרעסער די באַדייטונג פון קלוב אַלס באַזע (פונדאַמענט) פון אונדזער קינאָאינדוסטריע. ווייל קיינער וועט דאָך ניט אָפּלייקענען דעם פאַקט, אַז די בעסטע לאַקעטקע פאַר דעם דורכשניטלעכן אַרבעטער אין קלוב איז איצט—קינאָ, אַז דאָס איז עפּשער איינער פון די שטאַרקסטע מיטלען, וואָס מער אוילעם אַריינציען אין קלוב.

### ק י נ אָ מ י ט אַ פ ר אַ ג ע צ י י כ ן.

און באַ היינטיקן טאָג, ווען עס איז אַזוי שאַרף אַוועקגעשטעלט די פראַגע וועגן אַריינציען דעם דערוואַקסענעם אַרבעטער אין קלוב, ווען עס מערקט זיך אַ געוויסער קריזיס אין דער אַנטוויקלונג פון אונדזערע קלובן, דאַרף אין איר גאַנצער ברייט אַוועקגעשטעלט ווערן די פראַגע וועגן דער ראָל פון קינאָ אין קליב.

וואָס האָט דער אַרבעטערקלוב מערער פון קינאָ: נוץ, צי עפּשער שאָדן?

דאָס קלינגט עפּשער אַביסל פּאַראַדאָקסאַל. דאָך איז די פראַגע אַוועקגעשטעלט ריכטיק. באַ היינטיקן טאָג איז שווער צו זאָגן, אַז מיר האָבן פון קינאָ מער נוץ, ווי שאָדן.

## 2. די שעדלעכע זייטן פון קינא אין קלוב.

### א) ק י נ אָ א ל ס ה א כ נ אָ ס ע ק וו א ל.

א סאך קלובן האָבן זיך געמאַכט פון קינאָ א פאַרנאָסע. זיי גיבן 2—3 און מערער סעאנסן א וואָך און שלאגן זיך אף אזא אויפן אויס די הויצאָעס, וואָס עס פאָדערט די אלגעמיינע קולטוראַרבעט פון קלוב. און מע מוז מודע זיין, אז ווען ניט אָט די האכנאָסע, וואָלטן א סאך קלובן שוין לאנג אף דער ווייסער וועלט ניט געווען, ווייל ניט יעדער קלוב פאַרמאָגט אַזא ענערגישן אקטיוו, וואָס זאָל קענען ארויסבאקומען די מיטגלידאָפּצאָלן בא די מיטגלידער, צי ער זאָל קענען אויסזוכן פאַרשיידענע האכנאָסעס אין קלוב. די פּראָצענטן אף קולטאַרבעט, וואָס

עס דאַרפֿן באַקומען די קלובן פֿון זייערע שפּן—פֿאַרשיידענע ווירטשאַפֿטלעכע און פּראָפֿאַרגאַניזאַציעס—איילן זיך ניט די לעצטע אַריינצוטראָגן. מע דאַרף זיי נאָכגיין, ניט איין פּאָר שטיוול צורייסן... בלייבט איין וועג פֿאַר דעם קלוב: זיך בוקן דעם קינאָ.

אָבער וואָס פֿאַר אַ פּויעליויצע האָט מען דערפֿון?

דער קלוב, וואָס קוקט אַרויס דערזיקער אַף דער האַכנאָסע פֿון קינאָסעאַנס, הויבט אָן—ווילנדיק ניט ווילנדיק—זיך אָריענטירן אַף דעם געצאָלטן באַזוכער: אָט ווער עס ווערט דער מעיוכעס!

ב) קינאָ שטערט דער סיסטעמאַטישער קלוב-אַרבעט.

דער דורכשניטלעכער קלובמיטגליד, וואָס קאָן ניט צאָלן, ווערט אַ שטיפֿקינד—די טירן פֿון קלוב זיינען פֿאַר אים אָפּט פֿאַרשלאָסן. און אויב ער רייסט זיך דורך ווי עס איז אין קלוב, האָט ער זיך ניט וווּ אַהינצוטאָן (אויב דער קלוב איז אין אַן ענגן לאָקאַל): דער לייענזאַל, די ביבליאָטעק, די פֿאַרשיידענע „ווינקלעך" זיינען פֿאַרפֿלייצט פֿון קינאָבאַזוכער.

די פּלאַנאַרבעט פֿון קלוב ווערט צושטערט. ניט יעדער קלובמיטגליד האָט אַזאַ אייזערנעם „יויצערטויוו"—ער זאָל זיך קענען איינהאַלטן און ניט אַ יאָג טאָן זיך אין צושויערזאַל, ווען עס נעמט שעמערירן דער טישטעך, דער ווייסער, דער צוי-בערהאַפֿטער. און דאַן איז אַ קאַפּאָרע די קרייזן, דער שמועס, די לעקציע, דער לייענזאַל, די רעפּעטיציע—גיכער... צום אַל-מעכטיקן מעכאַשעף!

ג) קינאָ פֿאַרוואַנדלט דעם קלוב אין אַ קליינבירגערלעכן רעשוסאָראַבים.

דער קלוב פֿאַרלירט זיין אינטימע היימלעכקייט, זיין גע-שמאַק וואַרעמקייט, ווייל עס פֿילט אָן די קלוב-אַטמאָספֿער אַ קליינבירגערלעכער באַלעבאַטישער אוילעם, וואָס איז דאָס ראָוו לאַכלוטין פֿרעמד דעם קלוב. דאָס זיינען: געזעצטע באַלעבאָסטעס, פּאַרעווע כאָסנבאָכערס און קאַלעמיידלעך און גלאַט אַזוי לעבייונגען. זיי צושעדיקן נאָר דעם קלוב-אינווענטאַר, טראָגן אַריין אָפּט אַ ספּעציפֿישן כוליגאַנישן נאָכרייעך, אַ טומל מיט אַ הו-האַ און פֿאַרוואַנדלען דעם קלוב אין אַ מין מיטעלן טראַקטיר. זיי האָבן איינגעצאָלט זייער 25—30 קאָפּיקעס און פֿילן זיך דאָ גאַנץ האָפֿערדיק, ווי עמעסע באַלעבאַטים. און אַזוי ווי די קלובן באַקומען גאַנץ אָפֿט שוין שטאַרק אָפּגענוצטע פֿילמעס, וואָס רייסן זיך אָפּט און וווּ עס פֿעלן גלאַט גאַנצע שטיקער—קומען פֿאָר אָפּט סקאַנדאַלן צוליב די „שטיפֿערייען" פֿון פֿילם, אַפּאַראַט און מעכאַניק. די אָנפֿירנדיקע אָרגאַנען פֿון קלוב ווערן אַזוי אַרום אַריינגעצויגן אין דער קינאָאַרבעט מיט לייב און לעבן, און דער קלוב, אינגאַנצן געגומען, ווערט אַביסל ענלעך צו אַ שיף אָן אַ רודער. די דעזאָרגאַניזאַציע אין דער אַלגעמיינער קלובאַרבעט וואַקסט, און דער קלוב הויבט אָן צו ביסלעכווייז פֿאַרלירן זיינע מיטגלידער, וואָס גייען ליבער אין בירהייזל.

## 3. קינאָ אין קלוב אלס פֿאַרוויילונג.

וואָס זשע איז דערפֿון געדרונגען: אַז מיר דאַרפֿן דעם וווּקס פֿון קינאָ אין קלוב באַטראַכטן אַלס אַ קלאָגעדיקן פֿאַקט? אַז מיר דאַרפֿן באַטראַכטן קינאָ אין קלוב אַלס אַ געפֿערלעכן מאַזיק, וועלכן מען דאַרף מיט שטעקנס טרייבן פֿון קלוב?

גענוג זיך דערמאָנען אין די באַוווּסטע לענינס ווערטער: „פֿון אַלע קונסטן איז די וויכטיקסטע פֿאַר אונדז—קינאָ", אַז מיר זאָלן איבערלאָזן קינאָ זיין געהעריקן פּלאַץ—און דאַווקע אַ בע-קאָוועדיקן פּלאַץ! אין קלוב.

אַפֿילע אין זיין איצטיקן צושטאַנד, ווען 95 פּראָצענט פֿון דער קינאָפּראָגראַם באַשטייט פֿון געקינצלטע פֿילמעס, באַרעכטיקט אויך קינאָ זיין קיעם אין קלוב: ער איז איינער פֿון די בעסטע פֿאַרוויילונגמיטלען אין קלוב, שוין אָפּגערעט פֿון זיין פֿעיקייט אַריינציען אין קלוב נייע מאַסן, פֿון וועלכע אַ טייל באַהעפֿט זיך טאַקע מיט דער צייט מיטן קלוב. דער דורכשניטלעכער אַרבעטער האָט פֿאָרט ניט די מאַטעריעלע מעגלעכקייט גיין מיט זיין פֿרוי און קינד אין די קאָמערציעלע קינאָטעאַטערן.

דאָרט קאָסט אים דער פֿאַרגעניגן דריי מאָל אַזויפֿיל טייערער, ווי אין קלוב. אַכוץ דעם, וואָס ביז דעם סעאַנס אין קלוב, האָט ער אַ מעגלעכקייט ווי ניט ווי דורכקוקן אַ זשורנאַל, אַנטייל נעמען אין אַ שמועס, אין אַ דיסקוסיע, אָדער אין אַן אַנדער מין סאָרט מאַסנאַרבעט. און אָפֿט טוען טאַקע אַזוי די קלובן. זיי פֿאַרייניקן אין איין אָוונט: אַ לעקציע, אַ שמועס, אַ פֿאָרטראַג, אַ קעסטל-אָוונט—מיט קינאָ. עמעס, דער מיטגליד-מאַסאָוויק מיינט עפּשער ניט אַזוי די האַגאָדע, ווי די קניידלעך, (ניט אַזוי די לעקציע, ווי דעם קינאָ), אָבער קומען קומט ער דאָך, און מע-מיילע, נעמט ער שוין אַן אָנטייל אין דער מאַסנאַרבעט אויך. דערצו אויב מיר וועלן נעמען אין באַטראַכט, אַז די קולטאָפּטיילן באַ די פּראָפֿאַריינען—אונטער דעם דראַנג פֿון די קינאָסעקציעס באַ דעם קונסטראַט פֿון הויפּטפּאָליטבילד-פֿלייסן זיך שפּייזן דעם קלוב מיט אידעאָלאָגיש-געלייטערטע פֿילמעס, וואָס פֿאַרנעמען וואָס ווייטער אַלץ אַ גרעסערן אָרט אין קלוב, איז שוין ניט אַזוי שלעכט. זאָל דער האָרעפּאַשניק אויסלאַכן זיין שווערן געמיט, צוקוקנדיק מאַקס לינדערס, טשאַרל טשאַפּלינס, אָדער האַררי ללאָידס קאָמישע געגנג און איינפֿאַלן.

אָבער קינאָ אין קלוב בלויז אלס פֿאַרוויילונג קאָן אונדז געוויס שוין ניט באַפֿרידיקן. אַסאַך גרעסערע אויפֿגאַבן שטייען פֿאַר קינאָ אין קלוב.

## 4. קינאָ אין קלוב צו הילף דעם פּאָליטאופּקלער.

א) אַגיט-פּראָפּאַגאַנדישע פֿילמעס.

פֿיל אַרבעטער זוכן אין קלוב ניט נאָר פֿאַרוויילונג. זיי זוכן דאָרט אַן ענטפֿער ניט קיין טרוקענעם, אַ לעבעדיקן, אין אַ קינסטלערישער פֿאָרם—אַף פֿראַגן פּאָליטישע, ווירטשאַפֿטלעכע, שטייגערישע, פּראָפֿעסיאָנעלע. אָט ווו קינאָ קאָן ווייזן וווּנדער. איז דען אימשטאַנד אַ לעקציע אַזוי מייסטערהאַפֿט באַלייכטן אַ

בלעטל געשיכטע פון אונדזער בירגערקריג, אשטייגער, די מאַכנאָווטשטשינע, ווי די פילם „די רויטע טייוולאָנימלעך". איז דען אימשטאַנד אַ לעקציע אָדער א ספעקטאקל אזוי קרעפטיק און בילדעריש שילדערן אונדזער מארטירערבלעטל, דעם קאמף פון די רעוואָלוציאָנערן מיט דעם צאַריזם, ביכלאַל די געשיכטע פון קלאסנקאמף בא אונדז—ווי „דער פאלעץ און די פעסטונג", סטעפאַן כאַלטורין", „דער שטרייק" און באַזונדערס, די לעצטע גע-אויניש-געשאַפענע פילם—די „פאַנצערשיף פיאָטאָמקין"? דאָ האָב איך אויסגערעכנט בלויז א קליין צעטל פון די אגיטאציע-פילמעס, וואָס קייקלען זיך איצט פון איין קלוב אין אַנדערן אין אַלע ווינקעלעך פון סאָוועטנפאַרבאַנד. זייער אַגיט-פראָפּאַגאַנדישע באַדייטונג איז אומגעהויער, דאָס איז אַ בילדערישע געשיכטע פון רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, פון קלאסנקאמף אין רוסלאנד.

ב) סאניטאר-היגיענישע פילמעס.

ניט קיין קלענערע באַדייטונג האָבן אזעלכע פילמעס, ווי „טובערקוליאז—אלס א קינדערקראנקהייט", „וועגן דיספאנסערן", „די פאַמיליע גאָלובינקין", (טעמע—טובערקוליאָז); „אַבאָרט", „לעבנסעמעס" (סיפיליס), „די הייראט-היגיענע און די געשלעכטפראגע", „צוויי וועגן" (טעמע וועגן ווענערישע קראנקהייטן), „דער קאמף פארן לעבן" (טעמע מאַליאַריע), „קאווקאזער קורארטן", „פאַריינגערונג". דאס זיינען אלץ ברענענדיקע פראגן, וואס שטייען אין שפיץ פון אונדזערע שטייגערפראגן. אזעלכע פילמעס זיינען בארופן מאכן א גאנצע איבערקערעניש אין אונדזער סאניטאר-היגיענישן שטייגער.

אַ באַזונדערע באַדייטונג פאַר אונדזער קולטורעל-אָפּגעשטאַנען לאַנד וועלן אין דער נאָענטער צוקונפט באַקומען אין קלוב די פילמעס, וואָס וועלן אַף אַ בילדערישן אויפן אַלזייטיק באַקענען דעם האָרעפּאַשניק מיט די פראַגן פון אַרבעטשוץ. דאָ איז פאַראַן 3 אופגאַבן: ערשטנס, שילדערן דעם אַרבעטער די אַרבעטבאַדינגונגען, וואָס האָבן עקזיסטירט ביז דער רעוואָלוציע—אַ שטאַרק פאַרלענגערטער אַרבעטטאָג, קיין שום שוץ פאַר קינדער און פרויענאַרבעט, שרעקלעכע אַנטיסאַניטאַרע סוויווע פון אַרבעט, קימאַט קיין שום—אָדער גאָר אַ נישטיקע באַוואָרעניש אין פאַל פון אַרבעטלאָזיקייט, קראַנקהייט און אומגליקלעכע צופאַלן—און פאַרגלייכן די פריערדיקע לאַגע מיט דער איצטיקער; צווייטנס, וויסנשאַפטלעך-פּאָפּולערע באַקאַנטשאַפט מיט דער פיזיאָלאָגיע פון אַרבעט (ווי אַזוי איז לייכטער און באַקוועמער צו אַרבעטן, ווי צו קעמפן מיט פאַרמאַטערטקייט), גרונטלאַגען פון פראָפעסיאָנעלער היגיענע (ד. ה. באַקאַנטשאַפט מיט די פראָפעסיאָנעלע קראַנקהייטן און ווי מיט זיי צו קעמפן) און פאַרשיידענע אומגליקלעכע צופאַלן, וואָס צושעדיקן, צוקאַליעטשען דעם קערפער—זייערע סיבעס און ווי אַזוי אַרום זיך פאַרהיטן פון זיי, ד. ה. די טעכניק ווי זיך צו פאַרהיטן פון פאַרשיידענע סאַקאָנעס, וואָס דראָען דעם אַרבעטער אין פאַבריק מיצאַד די מאַשינעס אַלע מינוט, אַלע רעגע. און, פאַרשטייט זיך, אַז אַט די אַלע פילמעס דאַרפן אונטערגעטראָגן ווערן דעם צושויער ניט אין דער פאָרם פון טרוקענע סכעמעס, דיאַגראַמעס.

זיי דאַרפן זיין אַמיינסטן צונויפגעפלאָכטן אָרגאַניש מיט אַן אינטערעסאַנטער לעבנפאַבולע. אָט, ווי צום ביישפיל אין דער פילמע „דער לעבנסעמעס" (סיפיליס).

דאָס איז דאָך קלאָר, אַז לייענען סאַניטאַר-היגיענישע ביכער און ביכער פון אונדזער סאָציאַלער געזעצגעבונג און הערן אַזעלכע לעקציעס וועט איר האָבן אַ סאַך ווייניקער באַלאָנים, ווי דורכקוקן קינאָפילמעס, וואָס זיינען אַזוי צוטריטלעך פאַר אַלעמען, מיט אַנטשפּרעכנדיקן אינהאַלט. דעריבער דאַרפן די סאַניטאַר-היגיענישע פילמעס אַ גרויסן אָרט פאַרנעמען אין אונדזערע קלובן.

ג) קולטורוויסנשאַפטלעכע פילמעס.

אַ קאָלאָסאַלע צוקונפט שטייט פאָר דעם קינאָ אַלס אילוסטראַטאָר אין דער וויסנשאַפטלעך-פּאָפּולערער אַרבעט, וואָס דער קלוב נעמט אַף זיך צוביסלעך. די צאָל פון די אָוונטקורסן און פאַרשיידענע וויסנשאַפטלעכע קרייזן בא די קלובן וואַקסט פון טאָג צו טאָג, און קינאָ, מעגלעך, וועט זיין אַ געפערלעכער קאָנקורענט דעם דיאַפּאָזיטיוו און צויבערלאַמטערן, וואָס האָט ביז אַהער שטענדיק קימאַט אילוסטרירט די לעקציע, דעם שמועס.

מיר האָבן שוין אַפילע איצט אויך הונדערטער פילמעס פון אַזעלכע וויסנשאַפטצווייגן ווי: מעדיצין, זאָאָלאָגיע, באָטאַניק, עטנאָגראַפיע, פאַרשיידענע אינדוסטריעצווייגן, לאַנדווירטשאַפט. באַזונדערס זיינען וויכטיק די לעצטע אין אונדזער לאַנד, ווו די גרעסטע מערהייט איז פויערים. צום ביישפיל, עס איז דאָך שווער אָפּצושאַצן אַזעלכע פילמעס, וואָס קולטקינאָ (אָפּטיילונג פון קולטורפילמעס באַם מעלוכעקינאָ—Госкино) גרייט איצט צו: „קאַמף מיט די פעלדמאַשכיסים", קאַמף מיט טריקעניש", „ברויט פון שטיין" (וועגן מינעראַלן, מיט וועלכע מע דאַרף באַמיסטיקן דאָס פעלד), „דער שטאָלענער פערד" (וועגן טראַקטאָרן). אָט אָ די אַלע פילמעס זיינען באַרופן מיטהעלפן דער איבערקערעניש אין אונדזער ווירטשאַפט.

ד) איינפלעכטן קינאָ אין אַלגעמיינעם פלאַן פון קלובאַרבעט.

פאַרשטייט זיך, אַז אָט די אַלע פראָפּאַגאַנדישע און קולטורפילמעס וועלן נאָר דאַן ברענגען זייערע נוצן דעם אַרבעטערקלוב, צי דעם לייענשטיבל אין דאָרף, אָדער קאָלאָניע, ווען זיי, די פילמעס, וועלן אָרגאַניש זיך באַהעפטן מיט דעם אַלגעמיינעם פלאַן פון קלובאַרבעט, ווען זיי וועלן זיין אַן אָרגאַנישער טייל פון דעם קלובקאָמפּלעקס און ניט אַריינפאַלן, ווי „אַ יאָוון אין סוקע", גלאַט אַזוי פון דער העלער הויט.

## 5. אָרגאַניזאַציעפערן אין קלוב־קינא.

נאָר... דערווייל איז דאָס אַ פּראָגראַם פאַר דער נאָענטער צוקונפט, אַזוי צו זאָגן—אַ פּערספּעקטיוופּלאַן. איצט, אין דער ווירקלעכקייט, האַלט עס נאָך גאָרניט אַזוי פויגלדיק מיט דער אָרגאַניזאַציע פון קינאָ אין קלוב: ערשטנס, קאָנקורירן די קלובן אין דער הינזיכט איינער מיט דעם צווייטן: יעדער וויל וואָס

גיכער אויסכאַפּן פאַרן אַנדערן די בעסערע פּילם אין קינאָקאנטאָר. די קינאָקאָנטאָרן אָבער כאַפּן זיך ניט ביכלאַל געבן נייע און גוטע פּילמעס אין קלוב, ווייל—1) עס לוינט ניט: דער קלוב צאָלט מאַקסימום סאַכאַקל 16 רובל פאַר אַן אָוונטפּראָגראַם; 2) אין די קלובן צושעדיקט מען און מע פאַטערט אומבעראַכמאָנעסדיק די פּילם: די אַפּאראַטן זיינען אלטע, צובראָכענע, און די מעכאַניקער זיינען ס׳ראָוו ניט קיין געניטע, פאַרטאַטשעס; 3) די קלובן זיינען אַ געפערלעכע קאָנקורענץ פאַר די קאָמערציעלע קינאָטעאַטרען, אַף וועלכע עס באַזירט זיך דעריקער דערווייל אונדזער שוואַכע קינאָאינדוסטריע.

ווער עס האָט זיך צוגעקוקט צו די קינאָקלובן, באַזונדערס אין דער טיפער פּראָווינץ, דער וויים, ווי שווער די לאַגע איז דאָרט:

אין אַ סאך פון די פּראָווינציעלע קלובן קענען קיין סעאַנסן ניט איינגעאָרדנט ווערן, ווייל דער אַפּאַראַט איז קאַליע און רעמאָנטירן איז ניטאָ ווו. אויב ס׳איז אַפילע דאָ ווו צו רעמאָנטירן, פעלן אין די שלאָסערוואַרשטאַטן נויטיקע טיילן פון מעכאַניזם; אַ סאַך קלובן, ווו דער אַפּאַראַט איז שוין יאָ גאַנץ, האָבן ניט די נויטיקע פּילם, ווייל זי איז ניט בענימצע: צו ווייניק קאָפּיעס לאָזן אַרויס די קינאָפאַבריקן. די גוטע פּילם איז נאָך, אַגעוו, טייער אויך פאר דעם פּראָווינציעלן קלוב; אָפט איז ניט צו קריגן די נויטיקע באַלייכטונגשטאָפן צום אפאראט (קוילן עלעקטרישע); די מאָנאָפּאָליע איבערן פּראָקאַט פון פאַרשיידענע קאָנקורירנדיקע קינאָאָרגאניזאַציעס, ווי . „סאָוקינאָ“ (אַ מאָנאָפּאָליסט אין רספסר) און BУФКУ (אַ מאָנאָפּאָליסט איבער אוקראַינע) שטייט אויך. ווי אַ ביין אין האַלדז די אַרבעטערקלובן. זיי שמייסן זיך איינס דאָס אַנדערע, און דאָס ביסל גוטע סאָוועטנפּילמעס, וואָס מיר פאַרמאָגן, האָט ניט בעיאַד אַריבערגיין די גרענעצן פון דער אָדער יענער סאָוועטנרעפּובליק.

## 6. אָרגאַניזאַציעס צו רעגולירן דעם קינאָכאַאָס.

וואָס זשע איז די אייצע?

די אייצע איז: „ס׳איז נויטיק צוציען צו דער בויונג פון סאָוועטנקינאָ די אויפמערקזאַמקייט פון די ברייטע פּראָלעטאַרישע מאַסן“. אַזוי איז בעפּיירעש געשריבן אין דער רעזאָלוציע פון 13-טן פאַרטייצוזאַמענפאָר וועגן אויסנוצן קינאָ אַלס אַגיטאופּקלערערישן געוועער.

אַלס פועליוצע פון די אַנטשפּרעכנדיקע רעזאָלוציעס פון 13-טן פארטייצוזאמענפאָר—וועגן דעם קינאָכאַאָס אין קלוב און וועגן דעם קלוב אַלס באַזע פון אונדזער קינאָאינדוסטריע—האָבן מיר שוין אַזעלכע אינטערעסאַנטע קינאָאָרגאַניזאציעס, ווי „ראַטן פון „אַרבעטערקינאָ“*) אין מאָסקווע, לענינגראַד און באַקו, און „קינאָסעקציעס“ באַ די גובפּראָפראַטן פון די גרעסערע שטעט אין דער פּראָווינץ.

*) די „ראַטן פון ארבעטערקינאָ“ זיינען צונויפגעשטעלט פון: פאָרשטייער פון קולטאָפּטייל פון גובערניאַלן פּראָפראַט. פאָרשטייער פון קינאָאָרגאַניזאַציעס פון גובאָפּטייל. וואָס האָבן אייגענע קינאָס. פאָרשטייער פון צוויי-דריי קולטקאָמען און פאָרשטייער פון קלובן.

א) די אויפגאַבן פון די „ראַטן פון אַרבעטערקינאָ“.

וואָס איז די אַגוודע פון די „ראַטן פון אַרבעטערקינאָ“?

ערשטנס,—באַזייטיקן די קרענקלעכע דערשיינונג פון קינאָאַרבעט באַ די פּראָלעטאַרישע מאַסן, ד. ה. זיי דאַרפן נעמען אין די הענט די אַלגעמיינע אָנפירונג און קאָאָרדינירונג פון דער טעטיקייט פון אַרבעטערקינאָ, פאַרשטאַרקן די אויפמערקזאַמקייט פון די פּראָפאָרגאַניזאַציעס צום קינאָאיניען; רעגולירן די באַציונגען פון די קינאָקלובן צו די קינאָאָרגאַנען, טרייבן די קינאָאינדוסטריע שאַפן וואָס מער קינאָפילמעס, וואָס זאָלן אָפּשפּיגלען די סאָוועטנפּראָדוקציע און דעם סאָוועטנשטייגער.

ב) די קינאָסעקציעס.

דאָס זיינען ווירטשאַפטלעך-טעכנישע אָרגאַניזאַציעס באַ די גובפּראָפראַטן. זייער אַרבעט איז: א) פאַרפאַנצערן די נויטיקע צאָל פילמעס פאַר די קלובן, ב) אויסרעכענען זיך מיט די קינאָקאָנטאָרן פאַר דעם פּראָקאַט און טראָגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט, ג) קאָנטראָלירן ביידע צדאָדים, אַז זיי זאָלן אויספילן זייערע היסכאַיוועסן,—ד. ה. אָפּהיטן די פּראָקאַטנאָים, אַכטונג געבן, אַז די אַפּאראַטן זאָלן זיין רעמאָנטירט און אין אָרדענונג.

## 7. קינאָ־געזעלשאַפטלעכקייט אין קלוב.

די נאָר וואָס אָנגעוויזענע אָרגאַניזאַציעס האָבן פאַר אָנדערהאַלבן יאָר פון זייער עקזיסטענץ זייער פיל אויפגעטאָן אין זין פון איינרעגולירן דעם קינאָכאַאָס אין קלוב. גענוג איז צו דערמאָנען זיך אָן די ציפער, וואָס איך האָב שוין אָנגעוויזן אין אָנהויב פון דעם אַרטיקל, קעדיי זיך איבערצייגן אין די קאָלאָסאַלע רעזולטאַטן, וואָס עס האָט געבראַכט די אנטשטייונג פון אָט די קינאָאָרגאַניזאַציעס.

אָבער ווי טריי און איבערגעגעבן עס זאָלן ניט אַרבעטן די אָנגעוויזענע אָרגאַניזאַציעס, דאָך זיינען זיי ניט מער, ווי אפיציעלע אָרגאַנען, וואָס געפינען זיך פון יענער זייט קלוב.

דעם רעכטן שטויס פאַרן אויפבלי פון קינאָ אין קלוב און פאַר דער צוועקמעסיקער פאַרטיפערונג פון קינאָאַרבעט האָט בעקויעך געבן נאָר די קינאָ-געזעלשאַפטלעכקייט.

פונקט ווי באַם פאַרענטפערן די פראַגן פון „קאַמף מיט קינדער-פאַרוואָרלאָזטקייט“, מיט אַנאַלפאַבעטיזם, מיט רעליגיעזע אבערגלויבענישן באַנוגענען מיר זיך ניט מיט אָפיציעלע מעלוכעאָרגאַניזאציעס און גרינדן פרייוויליקע כעווריס לויט דעם מוסטער פון „מאָפּר“, „אַוויאָכים“ א. א. וו. אַזוי דאַרפן מיר אויך שאַפן קינאָווינקלען און קינאָקרייזן.

א) די אויפגאַבן פון די קינאָקרייזן.

די אַרבעט פון די קינאָקרייזן איז, לעכאַטכילע אַן אָרגאַניזאַציאָנעלע: דאָס זיינען אַלץ מיטלען, ווי אַזוי מערער דערנעענטערן קינאָ צו דעם אַרבעטער פון דער אונטערנעמונג.

אויב דער קלוב, ווו עס האָט זיך אויסגעבילדעט אַ קינאָקעמערל, האָט ניט קיין אייגענע קינאָמאַכשירים, איז די אַוודע פון קעמערל (מיט דער הילף פון קולטקאָם): זיך צונויפריידן מיטן

נאָענטסטן קינאָ-טעאַטער, קעדיי וואָס ביליגער און לייכטער צו באַקומען דאָרט בילעטן פֿאַר דער אונטערנעמונג, פֿויעלן באַם טעאַטער—ער זאָל אַרויסלאָזן אין פֿאַרקויף מיט גאָר נידעריקע פּרייזן פֿאַר אַרבעטער אַבאָנעמענטבילעטלעך. וואָס זאָל צוציען וואָס מער אַרבעטער-באַזוכער אין טעאַטער, ווירקן דורך געזעלשאַפֿטלעכער-מיינונג אַף דער אדמיניסטראַציע פֿון טעאַטער, זי זאָל געבן אַן אינטערעסאַנטן און אידעאָלאָגיש-אויסגעהאַלטענעם מאַטעריאַל.

אויב דער קלוב האָט אייגענע קינאָמאַכשירים, באַדאַרף דער קינאָקרייז, אַכוץ די אויבנאָנגעוויזענע אָרגאַניזאַציאָנעלע מאָסמיטלען, נעמען אַף זיך: אַכטונג געבן, די טעכנישע זייט פֿון די קינאָמאַכשירים זאָלן זיין אין אָרדענונג. עס זאָל קיין סרייפֿע ניט פֿאָרקומען, קומען צו הילף דעם קלובפֿאַרוואַלטער באַם אָרגאַניזירן אַ קינאָסעאַנס. פֿאַרשפּרייטן בילעטן, העלפֿן קאָנטראָלירן, שאַפֿן, באַקומען די פֿילם.

דאָס איז אַן אָנהויב פֿון אַרבעט—עס שטייען פֿאַר דעם קינאָקרייז פֿיל גרעסערע אויפֿגאַבן:

אָרגאַניזירן באַטאָגיקע שולסעאַנסן, באַזונדערע סעאַנסן פֿאַר קינדער מיט א פּאַסיקן רעפּערטואַר, איינאָרדענען ספּעציעלע ווייסנשאַפֿטלעכע סעאַנסן און צוליב דעם איינלאַדן לעקטאָרן.

אויב עס ווערט אָרגאַניזירט דורך דעם קלוב אַ רייזע אין אַ דאָרף, אָדער אין אַ קאָלאָניע, דאַרף דער קינאָקרייז זיך פֿלייסן שאַפֿן אַ באַוועגלעכן קינאָאַפּאַראַט און פֿילמעס, וואָס טויגן פֿאַרן דאָרפֿישן צושויער, צי פֿאַר דעם קאָלאָניסט, איינפֿלאַנצן אין דאָרף דעם כיישעק צו קינאָ.

אָט די גאַנצע אַרבעט קאָן האָבן אַ מאַמאָשעס, אַ קיעם, אויב דער קינאָקרייז וועט עס טאָן אין שטענדיקן קאָנטאַקט מיט דער קולטקאָמיסיע, מיט דעם קלובפֿאַרוואַלטער, מיט דעם קינאָמעכאַניק.

נאָר מעהאַנע זיין דעם אוילעם מיט קינאָ—דערמיט אַליין באַגרענעצט זיך נאָך ניט די אַרבעט פֿון קינאָקרייז. דער קינאָקרייז דאַרף באַקומען אויך קינאָבילדונג, זיך באַקענען מיט דער עקזיסטירנדיקער קינאָליטעראַטור, אויסשרייבן די קינאָפּרעסע, איינלאַדן קינאָספּעציאַליסטן, וואָס זאָלן אַרויסטרעטן מיט פֿאָרטראָגן, דורכפֿירן שמועסן וועגן די גרונטפֿראַגן פֿון קינאָ—זיין געשיכטע, טעכניק, אינדוסטריע, זיין סאָציאַלע באַדייטונג בא אונדז און אין אויסלאַנד.

נאָך די קינאָסעאַנסן, באַזונדערס נאָך דער דעמאָנסטראַציע פֿון אינטערעסאַנטע סאָוועטנפֿילמעס, דאַרפֿן דורך דעם קינאָקרייז אָרגאַניזירט ווערן שמועסן וועגן די קינסטלערישע און טעכנישע דערגרייכונגען און כעסרוינעס פֿון דער דעמאָנסטרירטער פֿילם. אין די שטעט, ווו עס זיינען פֿאַראַן קינאָפֿאַבריקן, דאַרף דער קינאָקרייז אָרגאַניזירן עקסקורסיעס אין די פֿאַבריקן, אין די לאַבאָראַטאָריעס, אין די קינאָשולן.

ווען די מיטגלידער פֿון די קינאָקרייזן וועלן שוין האָבן באַקומען די עלעמענטאַרע יעדיעס וועגן קינעמאַטאָגראַפֿיע, קאָנען זיי איבערגיין צו אַ ברייטערער און מער פֿאַרטיפֿטער געזעלשאַפֿטלעכער אַרבעט—צו ארבקאָרישער ארבעט.

זיי דאַרפֿן זיך צולערנען—אין דער אַלגעמיינער און ספּעציעלער פּרעסע, און די וואַנטצייטונגען—געבן אָפּשאַצונגען פֿון דער קינאָאַרבעט אין די קלובן און די קינאָטעאַטערן; צונויפֿשטעלן קאָלעקטיווע רעצענזיעס וועגן דעם לויפֿנדיקן קינאָרעפּערטואַר; אָנווייזן אין דער פּרעסע די טעמעס, וואָס זיינען אין געגעבענעם מאָמענט אינטערעסאַנט פֿאַר דער מאַסע; זאַמלען די מיינונגען פֿון דער אַרבעטערמאַסע וועגן קינאָ ביכלאַל און וועגן באַזונדערע קינאָדערשיינונגען, ווי אזוי, לעמאָשל, באַציען זיך די פּויערים צו קינאָ; טרייבן די פּאַרטיישע און סאָוועטנפּרעסע, זי זאָל אָפּגעבן די געהעריקע אויפֿמערקזאַמקייט דעם קינאָ.

## ב) „פֿריינט פֿון ראַטנקינאָ“ (О Д С.К.)

אַסאַך וועט פֿאַרגרינגערן די אַרבעט פֿון די קינאָקרייזן אין די קלובן די ניט לאַנג אָרגאַניזירטע אין פֿאַרבאַנדישן מאַסשטאַב פֿרייוויליקע געזעלשאַפֿט — „פֿריינט פֿון ראַטנקינאָ“ (Общество Друзей Советского Кино—О. Д. С. К.) דער צענטער אירער איז אין מאָסקווע. אירע טאַקאָנעס זיינען באַשטעטיקט, און זי וויקלט איצט פֿאַנאַנדער איר טעטיקייט. יעדער קלוב דאַרף גרינדן אַן אָפּטיילונג פֿון О.Д.С.К. די אָרגאַניזאַציע וועט צושיקן פּלאַקאַטן אַף באַפּוצן די קינאָווינקלען, זי לאָזט אַרויס אַ ביליגע ביבליאָטעק — אַ שטיק ענציקלאָפּעדיע, וואָס דאַרף העלפֿן דעם קרייזמיטגליד זיך באַקאַנען מיט אַלע פֿראַגן פֿון קינאָ. זי גיט אויך אַלגעמיינע דירעקטיוון די אָרטיקע קרייזן, זי אינפֿאָרמירט וועגן אַלע קינאָפֿראַגן און איר ביכלאַל געהערט די אַלגעמיינע אָנפֿירונג מיט „קינאָגעזעלשאַפֿטלעכקייט.

ד״ר י. רובינטשיק.

# צו דער פֿראַגע וועגן באַגרענעצן דאָס קינדערהאָבן.

די פֿראגע וועגן קינדערהאָבן איז זייער א ברענענדיקע, ווייל דאָס היינטיקע סאָציאַלע לעבן איז געווען שווערלעך, די צאָל קינדער, וואָס די אָדער יענע פֿאַמיליע קען זיך „דערלויבן", איז שוין ניט קיין „גאָטזאַך", נאָר א פֿראגע, וועלכע איז פֿארבונדן מיט דער מאַטעריעלער לאגע. יעדע פֿארפֿאלק איז „קלאָר אין איר כעשבן" און דאיגעט באצייטנס וועגן דעם, אַז עס זאָל באַ איר ניט געבוירן ווערן צופֿיל קינדער. דערפֿאַר אינטערעסירן זיך אַלע גאַנץ שטארק מיט די מיטלען, דורך וועלכע מען קען באַגרע-נעצן דאָס קינדערהאָבן, און ס'איז קעדאי כאָטש אינקורצן אָפּ-שטעלן זיך אַף אָט דעם איניען.

אַף צווייערליי אויפֿאַנים קען מען באגרענעצן דאָס קינדער-האָבן: ערשטנס, די באַפֿרוכפּערונג זאָל ניט פֿאָרקומען, צווייטנס, מען איז קינסטלעך מאפּל, אָדער, אַפּן מאָדערנעם לאָשן—מען מאַכט אַן אַ ב אָ ר ט.

מאָראליסטן פֿון פֿארשיידענע מינים האבן אויסגעגאָסן טייכן טינט, האָבן זיך געפּילפּלט און פּילפּלען זיך נאָך אַדהאַיעם אַף צו דערוויזן, צי האָבן די עלטערן, באַזונדער די מוטער, דאָס רעכט ניט צו דערלאָזן די באַפֿרוכפּערונג און ווער רעט נאָך—צו מאַכן אַן אַבאָרט. ניט ווייניקער היציק קאָכן זיך יוריסטן און פֿאָרשטייער פֿון דער רעליגיע אין די פֿאַרשיידענע בורזשואַזע לענדער. זיי קריכן מאַמעש פֿון דער הויט צו דערוויזן, אַז אַן אַבאָרט איז אַ פֿאַרברעכן קעגן דער מעלוכע, וואָס פֿאָדערט וואָס מער בירגער (עס קען דאָך, כאָליִלע, אויספֿעלן סאָלדאַטן), אָדער, אַז אַן אַבאָרט איז אַ גרויסער כעט קעגן גאָט (קינדערהאָבן, איז דאָך, קעיאָדוע, אַן עמעסע און קאָשערע זאַך מינאַשאָמאַיִם*).

מיר האַלטן די אַלע טאַינעס פֿאַר אַ ביליגע סכוירע, ווייל דאָסראָוו דערגייט די גאַנצע געשיכטע ניט טיפֿער פֿון קנעפּל און ניט ווייטער פֿון קעשענע באַ די מאָראליסטן מיט די יוריסטן און גאָטס מעשאָרסים צוזאַמען. ס'איז ניט קיין סאָד, אַז דער פּופּיק טרייסלט זיך באַ זיי נאָר צוליב איין סיבע: די ברייטע מאַסן זאָלן כאָליִלע, ניט אָנהויבן מאַכן אַבאָרטן. פֿאַרקערט, די אויבער-שטע פֿון שטייסל, די „סמעטענע" פֿון דער געזעלשאַפֿט, ד. ה. די פֿאַרמעגלעכערע שיכטן מעגן אַבאָרטירן וויפֿל זיי ווילן. נאָך מער, ניט איינער פֿון די קעגנער און שרייער מאַכט שטילינקער-הייט אַן אַבאָרט, ווען עס „טרעפֿט זיך אַ סיבע", אָדער ווען זיי-ערע לעבנבאַדינגונגען צווינגען זיי דערצו...

דער ריכטיקסטער פֿאָרשטייער פֿון די מעלוכעאינטערעסן איז דער, וועלכער העלפֿט דער מעלוכע צו זאָרגן וועגן די לע-בעדיקע, וועלכער העלפֿט פֿאַרקלענערן די שטערבלעכקייט פֿון שוין געבאָרענע קינדער, צו פֿאַרמינדערן עפּידעמיעס, אַרבעטלאָ-זיקייט, דאַכקעס, אָרעמקייט א. א. וו. ווער פֿאַרשטייט ניט, אַז ס'איז אַסאַך גלייכער, אין אַלע הינזיכטן, צו דערשלאָגן זיך, אַז די אַלגעמיינע שטערבלעכקייט זאָל ווערן וואָס קלענער, איידער פֿאַרגיסן טרערן אַף אבאָרטן?

קוקן אַף אַ פֿרוי, ווי אַף אַ מאַשינע, וואָס פֿאַבריצירט קינדער, פֿאָדערן פֿון איר צו האָבן קינדער, וויפֿל נאָר עס „מאַכט זיך" און ניט רעכענען זיך מיט דער מעגלעכקייט צו דערציִען די קינדער, קאָנען נאָר די, וועלכע האָבן קיין ברעקל האַסאָגע ניט וועגן דער ווירקלעכקייט, וועגן דעם אומגליק פֿון אַ פֿולער שטוב מיילער מיט ווייניק ברויט, מיט אַסאַך קראנקהייטן, פֿון וועלכע קינדער שטאַרבן ווי פֿליגן...

בענויגייע רעליגיע איז שוין לאַנג צייט, אַז די באַלעדאַי-געס וועגן הימל, זאָלן זיך צוגעוויינען צו דעם קלאַל: יעדער מענטש האָט דאָס רעכט צו מושווע ווערן מיט גאָט אף אייגענער אַכראַיעס.

די מעדיצינישע וויסנשאַפֿט שרעקט ניט, נאָר דערציילט קאַלטבלוטיק, ערשטנס, ווי ווייט ס'איז מעגלעך צו באַגרענעצן דאָס קינדערהאָבן און צווייטנס—דאָס איז דער איקער—זי שעמט זיך ניט קלאָר און דייטלעך צו אָנווייזן, וועלכע שעדלעכקייט און געפֿאַרן עס שטייען אַפֿן וועג פֿון די, וואָס באַנוצן דערצו ניט קיין ריכטיקע מיטלען. און דאָס ווען מיר טאַקע גלייך טאָן.

אויבן האָבן מיר געזאָגט, אַז אַף צווייערליי אויפֿאַנים קאָן מען באַגרענעצן דאָס קינדערהאָבן: ערשטנס, ניט דערלאָזן, אַז די באַפֿרוכפּערונג זאָל פֿאָרקומען, צווייטנס, מאַכן אַן אַבאָרט.

ניט דערלאָזן קיין באַפֿרוכפּערונג איז מעגלעך דורך דעם, וואָס מען נעמט אָן מיטלען, אַז די זריע פֿונם מאַן זאָל ניט אַריינפֿאַלן אין דער געבוירמוטער פֿון דער פֿרוי, דאָס הייסט, אַז די זריעעלעמענטן (ספּערמאַטאָזאָען) זאָלן זיך ניט טרעפֿן מיט די ווייבלעכע געשלעכטאייעלעך און די באַפֿרוכפּערונג זאָל אויס-געמיטן ווערן.

ס'איז דאָ אַ גאַנצע ריי מיטלען אַף ניט צו דערלאָזן דאָס אַריינקומען פֿון דער זריע.

די פֿרוי לייגט אַריין אין איר געשלעכטשיידל פֿאַרן גע-שלעכטפֿאַרקער אַ קייקעלע, וואָס איז צוגעגרייט פֿון באַשטימטע שטאָפֿן. אַז דאָס קייקעלע צוגייט, מאַכן זיינע שטאָפֿן ניט לעבע-פֿעיִק די זריעעלעמענטן.

נאָכן געשלעכטפֿאַרקער שווענקט די פֿרוי אויס די געשלעכט-שיידל מיט אַ פֿליסיקייט, וואָס האָט אין זיך ענלעכע שטאָפֿן, ווי דאָס קייקעלע, מיטן זעלבן צוועק צו אָפּטויטן די ספּערמאַטאָזאָען.

ביידע מיטלען—אַריינלייגן אַ קייקעלע און אויסשווענקען די געשלעכטשיידל—זיינען ניט זיכער, ווייל באַם געשלעכטפֿאַ-

*) ווי גרויס ס'איז די ווייכהאַרציקייט פֿון גאָטס סטראַפּטשעס, קאָן מען זען אָט פֿון וואָס: לויט די געזעצן פֿון דער קאַטוילישער קירכע טאָר מען ניט מאַכן קיין אַבאָרט, אפֿילע ווען דאָס לעבן פֿון דער מוטער שטייט אין אַ טויטסאַקאָנע. פֿאַרוואָס? ווייל, די אויסגעטריבענע פֿרוכט פֿאַרלירט אוילעמהאַבע. און מעקאַצער זיין דאָס לעבן פֿון דער מוטער איז גאָרניש אַנטקעגן דעם אָנווערן אוילעמהאַבע...

קער קענען די זריעעלעמענטן פאַרקריכן טיף אין דער געבערמוטער, אַזוי, אַז די שטאָפּן פון דעם קייקעלע אָדער פליסיקייט וועלן שוין צו זיי ניט דערגרייכן.

מענער נוצן שוצזעקעלעך (קאָנדאָמען), וועלכע ווערן אָנגעטאָן אַפן מענלעכן געשלעכטגליד פאַרן געשלעכטפאַרקער און דאַרפן פאַרהאַלטן די זריע.

לויטן זעלבן פרינציפ ווערן אויסגעאַרבעט און פאַרקויפט ווייבלעכע שוצזעקעלעך (פעסאַרן), וועלכע טוען זיך אָן אַף דער עפענונג פון דער געבערמוטער און לאָזן ניט אַריינדרינגען די זריע אין דער געבערמוטער.

ביידע סאָרטן שוצזעקעלעך זיינען אויך ניט אַבסאָליוט זיכערע מיטלען. דאָס שוצזעקעלע אַף דעם מענלעכן גליד צורייסט זיך אָפט באַם געשלעכטפאַרקער און פאַרלירט דאַמאָלסט זיין שוצקראַפט. בלייבט דער קאָנדאָם נאָכן געשלעכטפאַרקער גאַנץ, קאָן מען זיין רויק, אַז די באַפרוכפערונג וועט ניט פאָרקומען. דער ווייבלעכער פעסאַר דאַרף פעסט זיצן אַף דער עפענונג פון דער לייבמוטער און ניט אָפגערוקט ווערן באַם געשלעכטפאַרקער. אַ פרוי, וועלכע וויל געברויכן אַ פעסאַר, מוז צוערשט ווענדן זיך צו אַ דאָקטאָר, וועלכער לערנט זי, ווי צו אָנטאָן דעם פעסאַר. כוץ דעם איז נויטיק אַכטונג צו געבן, אַז דער פעסאַר זאָל ניט צו לאַנג ליגן אין דעם געשלעכטשיידל, אַז ניט ווערט גערייצט די שליימהויט פון די אינערלעכע געשלעכטאָרגאַנען און עס בילדן זיך אָנצינדונגען מיט געשווירן. די בעסטע זאַך, ווען דער פעסאַר ווערט נאָך יעדן געשלעכטפאַרקער אַרויסגענומען (עס מאַכט ניט אויס אין אַ האַלבן אָדער גאַנצן מעסלעס אַרום) און געוואַשן. דערביי ווערן די אינערלעכע געשלעכטאָרגאַנען אויסגעשווענקט מיט ריינע און געזאָדענע וואַסער, צו וועלכער מע גיט צו אַביסל באָרנע זאַלץ אָדער אַביסל האָלצעסיק.

האַגאַם דער געברויך פון די מענלעכע און ווייבלעכע שוצזעקעלעך איז שטאַרק פאַרשפרייט, פונדעסטוועגן קאָן מען ניט זאָגן, אַז זיי זיינען דער אידעאַל פון אַ מיטל אַף צו פאַרהיטן די באַפרוכפערונג. כוץ דעם, וואָס אָפט צורייסט זיך דער קאָנדאָם און דער פעסאַר פאַרשטעלט ניט גענוג די לייבמוטער־עפענונג, פאַרשאַפט דער אייסעק מיט דיזאָזיקע מיטלען ווייניק פאַרגעניגן. דער געפיל פון דער געשלעכטטאַיווע ווערט אָפגעשוואַכט און נערוועזע מענטשן טראָגן זיי איבער גאַנץ שלעכט. מיר מוזן אָבער מודיע זיין, אַז באַ היינטיקער צייט איז ניטאָ קיין בעסערער מיטל אַף צו פאַרהיטן די באַפרוכפערונג, ווי אַ קאָנדאָם, אויב ער צורייסט זיך ניט, און אַ פעסאַר, אויב ער איז גוט צוגעפּאַסט צו דער לייבמוטער־עפענונג. מיר קענען אויך פאַרזיכערן, אַז די שוצזעקעלעך ברענגען קיין שאָדן ניט פאַרן געזונט, ווען אַפילע מען נוצט זיי יאָרנלאַנג. דער איינציקער טנאַי איז, אַז די נערוון פון די מענטשן, וואָס נוצן זיי, זאָלן געלאַסן פאַרטראָגן דעם מיטל און זאָלן געוואוינט ווערן צו אים, ווי צו אַ נאַטירלעכער זאַך.

דאָס פאַרהיטן זיך פון דער באַפרוכפערונג קאָן פאָרקומען אויך אַף דעם פאָלגנדיקן אויפן: דער מאַן רייסט איבער דעם געשלעכטפאַרקער, אַזוי, אַז די זריע גיסט זיך אויס אויסער די ווייבלעכע געשלעכטאָרגאַנען. ווי ס'איז גרינג צו פאַרשטיין, איז דאָס אַ וואָלוועלער מיטל און עס זיינען דערביי ניט נויטיק קיינע האָצאָנעס. דערפאַר טאַקע איז דער אַזויגערופענער „איבערגעריסענער געשלעכטפאַרקער“ Coitus interruptus. זייער שטאַרק פאַרשפרייט. ליידער איז דאָס זייער שעדלעך פאַרן געזונט. דאָס איבערייסן פון דעם געשלעכטפאַרקער פאַרשטערט די נאָרמאַלע געשלעכטרייצונג און די, וואָס באַגייען זיך אַזוי יאָרנלאַנג, ווערן קראַנק אַף פאַרשיידענע נערוועזישע קראַנקהייטן. דאָס ווירקט גלייך שעדלעך אַף ביידע צדדים (מאַן און ווייב) און מיר האַלטן פאַר אונדזער כויוו צו מאַסרע זיין וועגן דעם, ווייל די איינפאַכקייט פון דעמדאָזיקן מיטל טרייבט דערצו, אַז מע קלייבט אים אויס פריער פון אַלע אַנדערע מיטלען.

אַנדערע גיבן אַן אייצע צו אָפּהאַלטן זיך פון געשלעכטפאַרקער אין די ערשטע צוויי וואָכן נאָך דער מענסטרואַציע. זיי רעכענען, אַז נאָר אין דער צייט איז דאס ווייבלעכע געשלעכטאייעלע פעיק צו באַפרוכפערן זיך, שפעטער ניט. אַף אַזא אויפן קומט אויס, אז דער נאָרמאַלער געשלעכטפאַרקער אין דער דריטער און פערטער וואָך נאָך דער מענסטרואַציע איז אַ מין גאַראַנטיע קעגן דער באַפרוכטפערונג. דאָס איז אָבער זייער ניט זיכער און די׳ וואָס פאַרלאָזן זיך אַף דעם, קאָנען גרינג אַ טאָעס האָבן.

די פרוי קאָן זיך לאָזן מאַכן ניט קיין גרויסע אפעראַציע, קעדיי איין מאָל פאַר אַלע מאָל פאַרהיטן זיך פון באַפרוכפערונג, די אפעראַציע באַשטייט אין דעם, וואָס מע בינט איבער פון ביידע זייטן די טרייבלעך, וואָס ציען זיך פון די אייעלעכשטאָקן צו דער לייבמוטער. די באַגעגעניש פון די ספערמאַטאָזאָען מיט די געשלעכטאייעלעך קאָן שוין דאַן ניט פאָרקומען. די אפעראַציע איז אַ לייכטע. דער כיסאָרן איז, וואָס נאָך אַזא אפעראַציע קאָן די פרוי קיינמאָל ניט שוואַנגער ווערן.

דער צווייטער וועג אַף צו באַגרענעצן דאָס קינדערהאָבן איז דער אַבאָרט.

מאַפל זיין אָדער אַבאָרטירן הייסט, מאַכן אַזוי, אַז די שוואַנגערשאַפט ווערט איבערגעריסן ביז זיבן כאַדאָשים. אַן איבערגעריסענע שוואַנגערשאפט נאָכן זיבעטן כוידעש און פאַר דער צייט הייסט „פריצייטיקער געבורט“.

אַן אַבאָרט קאָן זיך טרעפן קעגן דעם ווילן פון דער פרוי צוליב אַ ריי סיבעס, ווי, לעמאָשל, אַראָפּפאַלן פון דער הויך, דערשרעקן זיך, שטאַרקע איבערלעבענישן, אַ קלאַפּ אין בויך, קראַנקהייטן (סיפילים!) אוכעדוימע. דאָס הייסט—א נאַטירלעכער אַבאָרט.

קינסטלעכער אַבאָרט הייסט אַ זעלכער, וועלכער ווערט אַרויסגערופן מיט אָדער אָן דער האסקאָמע פון דער פרוי דורך קינסטלעכע מיטלען.

די פעיקייט צו מאַפל זיין איז ניט באַ אַלע פרויען גלייך. פאַראַן פרויען, וואָס אַבאָרטירן זייער לייכט. זיי איז גענוג אַ שפרונג טאָן, אָפּטאָן אַ מער אָדער ווייניקער שווערע אַרבעט, דערשלינגען אַ רעפוּע, און דער אַבאָרט הויבט זיך אָן. אַנדערע פרויען העלפן אַזעלכע זאַכן קיין האָר אויך ניט. מיר מוזן אָבער

פון אנהויב אונטערשטרייכן, אז אן אבארט איז ניט קיין שפיל-כעלע. פארקערט, אבארט איז א געפערלעכע זאך און שטעלט דאס לעבן פון דער פרוי אין א מוירעדיקער סאקאנע, ווען מען שאצט אים אפ גרינג און מען פירט זיך לייכטזיניק. אפולע פרויען, וואס זיינען שטארק מעסוגעל צו אבארטירן, זאלן אויך ניט מאכן אף זיך עקספערימענטן אן דער האשגאכע פון א דאקטאר, אז ניט, קאן דאס זיי קאסטן צו טייער. דערהויפט איז וויכטיק צו וויסן, אז ס זיינען ניטא קיין רעפועס, וועלכע מע זאל קאנען שלינגען און דערמיט ארויסרופן אן אבארט. די, וואס בארימען זיך, אז זיי פארמאגן אזעלכע רעפועס, זיינען שווינדלער, אדער זיי גיבן עמעסן סאם, וואס רופט עפשער ארויס אן אבארט, אבער גלייכצייטיק ווערט פאר-גיפטעט דער ארגאניזם פון דער פרוי.

אז די ווייבלעכע געשלעכטאייעלע באפרוכטפערט זיך, נעסט זי זיך איין אין דער שליימהויט פון דער לייבמוטער, זיצט דארטן פעסט, וואקסט צונויף מיט דעם ארומיקן געוועב, ווערט ארום-גערינגלט מיט א נעץ פון בלוטאדערן און פארגרעסערט זיך פון טאג צו טאג. די וואנט פון דער לייבמוטער, אף וועלכער די פרוכט געפינט זיך, איז ווייך און קען גרינג דורכגעלעכערט ווערן. דורך א קינסטלעכן אבארט רייסט מען ארויס די אויסגעוואקסענע פרוכט פון איר באדן און מע לאזט איבער אן אפענע וווּנד, פון וועלכער עס גיסט זיך בלוט. דערפאר איז אן אבארט—מאכן אן אפעראציע, ווי אלע אפעראציעס. אזוי ווי בא יעדער אפעראציע, אפילע בא דער קלענסטער, איז אבסאליוט נויטיק צו אפהיטן אלע געזעצן, וועלכע די מעדיצינישע וויסנשאפט האט אויסגעארבעט אין מעשעך פון א סאך יארן, אזוי איז עס ניט ווייניקער וויכטיק, ווען מען קלייבט זיך מאכן אן אבארט. עס איז באוווּסט, אז אפעראציעס מאכן ניט אלע דאקטוירים, אבער נאר די, וועלכע האבן זיך ספעציעל געלערנט דערויף. עס וועט זיך ניט געפינען קיין איין קלארער מענטש, וועלכער זאל זיך לאזן אפערירן פון „גלאט אזוי א דאקטאר“. מע זוכט אויס דאווקע א בארימטן כירורג, וואס האט שוין א גרויסן שעם. ווער רעט נאך צו א גע-וויינטלעכן „באסערוועדאם“ קאן קומען מאכן אן אפעראציע סיידן א מעשוגענער.

באם אבארט פירט זיך דער אוילעם פארקערט. מען לויפט צו אבארטנמאכער אדער מאכערקעס, וואס טרייבן זייערע געשעפטן באהאלטערנערהייט, וואס האבן א פאלשע פארשטעלונג וועגן דעם אינהאלט פון דער גאנצער ארבעט, וואס „ארבעטן“ בלינד און באנוצן ווילדע מיטלען. אקושערקעס, באבעס, פעלדשערס. גלאט „געניטע“ פערזאנען, וואס האבן נאר א שמעק געטאן פון דער ווירקלעכער מעדיצינישער וויסנשאפט, האלטן זיך פאר גרויסע מומכים אין הילכעס אבארט, אינדערעמעסן זיינען זיי אבער פאשעטע פארברעכער, שווינדלער, פאר וועלכע דאס לעבן פון א פרוי איז גארניט ווערט, אבי פארדינען א פאר גראשן.

היפשע טויזנטער פרויען האבן שוין באצאלט מיט זייער לעבן נאר צוליב דעם, וואס זיי זיינען געקראכן צו אזוינע „ספעצן“. די געשיכטע פון אזעלכע אומגליקן איז קימאט אלע מאל די זעלבע. דער און דער האט געמאכט אן אבארט. אין א קורצע ארום פילט זיך די פרוי שלעכט, ס׳גיסט זיך אן א שיר בלוט. אדער די געבוירמוטער איז דורכגעלעכערט, אדער די געבוירמו-טער איז אנגעשטעקט מיט מיקראבן און עס אנטוויקלט זיך א בלוט-פארגיפטונג. אזוי צו אזוי פירט מען אפ די פרוי אין שפי-טאל, ווו זי ליגט אין יעסורים א מער אדער ווייניקער לענגערע צייט און סאפקאלסאף באווייזט זיך, אז ס׳איז שוין צו שפעט צו ראטעווען זי...

פון צייט צו צייט הערט מען וועגן אזעלכע געשיכטעס אין געריכט, דער גרעסטער טייל אבער בלייבט ניט פארעפנט-לעכט צוליב פארשיידענע סיבעס: אמאל איז ניטא ווער ס׳זאל זיך אננעמען פאר דער געליטענער פרוי, אמאל בעט זיך איין דער פארברעכער מען זאל אים מויכל זיין, אדער ער קויפט זיך אפ, אמאל טוט זיך אפ די גאנצע מאיסע בישטיקע און מיט א טנאי צו האלטן דאס מויל, טאמער אפילע עס טרעפט זיך אן אומגליק.

איצטער פרעגט זיך, אז מען מאכט אן אבארט ווי עס דארף צו זיין, צי איז דאס גארניט געפערלעך פאר דער פרוי? קאן דען א פרוי אבארטירן וויפל זי וויל און ווען זי וויל און קיין שום שאדן פאר איר געזונט?

יעדע פרוי דארף קודעמקאל געדענקען, אז די בעסטע צייט צו מאכן אן אבארט איז די ערשטע 1—2 כאדאשים פון דער שוואנגערשאפט און ניט שפעטער, ווייל וואס מער ס׳אנטוויקלט זיך די שוואנגערשאפט, אלץ שווערער און געפערלעכער ווערט צו ארויסרופן א קינסטלעכן אבארט.

ווייטער איז וויכטיק צו וויסן, אז מאכן אן אבארט א פרוי, וואס איז צום ערשטן מאל שוואנגער געווארן, איז צוליב געוויסע טאימים קאמפליצירטער, ווי בא א פרוי, וואס האט שוין גע-האט קינדער. דערפאר זאלן פרויען אפהאלטן זיך פון אן אבארט בא דער ערשטער שוואנגערשאפט, אף וויפיל דאס איז מעגלעך לויט די באדינגונגען פון זייער לעבן.

אף דער פראגע, צי איז אן אבארט איבערהויפט שעדלעך פארן געזונט פון דער פרוי, ענטפערן ניט אלע דאקטוירים גלייך. מיר קאנען זיך דא ניט אפשטעלן אף די כעלוקעדייעס צווישן די דאקטוירים. די דאקטוירים, וואס סטארען זיך מעדיצי-ניש צו דערווייזן, אז אן אבארט איז שעדלעך פארן אלגעמיינעם געזונט פון דער פרוי, שטיצן זיך אף האשארעס און ניט אף פאקטן.

לויט אונדזער מיינונג איז א קינסטלעכער אבארט איינע פון די קלענסטע און ווייניק געפערלעכע אפעראציעס. נאר ס׳איז נויטיק צו געדענקען דערביי דעם קלאל: קליין און ווייניק גע-פערלעך איז די אפעראציע פון אן אבארט אויסשליסלעך אין די הענט פון א ריכטיקן פארשטייער פון דער מעדיצינישער וויסנשאפט. דער געזונטצושטאנד פון דער פרוי ליידט גארניט, ווען אפילע איר קומט אויס צו מאכן אין מעשעך פון איר לעבן עטלעכע מאל אבארטן, אויב נאר די אפעראציעס זיינען אויסגע-פירט פינקטלעך און גוט.

ווען מען פארגלייכט דעם פראצענט פון די אומגליקן, וואס טרעפן זיך באם געוויינטלעכן קינדערהאבן און בא אבארטן,

וועלכע מען מאכט אין א געהעריקער מעדיצינישער סוויווע, וועט מען קיין באזונדערן אונטערשייד ניט געפֿינען.

ווייטער זיינען אַלע דאָקטוירים פֿון דער גאַנצער וועלט מאַסקים, אַז אַ פֿרוי, וואָס איז שוואַנגער געוואָרן און ליידט דערביי פֿון אַ באַשטימטער אַלגעמיינער קראַנקהייט, לעמאָשל, פֿון טובערקוליאָז, האַרצפֿעלער, נירנאָנצינדונג אוכעדוימע, איז מעכוייעוו צו מאַכן אַן אַבאָרט, אויב זי וויל ניט ריזיקירן מיטן לעבן, ווייל צוליב דער שוואַנגערשאַפֿט פֿאַרערגערט זיך איר קראַנקהייט. דער גרעסטער קעגנער פֿון אַבאָרטן צווישן דאָקטוירים וועט קיין איין מינוט ניט טראַכטן און וועט אַזאַ פֿרוי מאַכן אַן אַבאָרט.

פֿרעגט זיך, אויב עס איז רעכט צו מאַכן אַן אַבאָרט אַ פֿרוי מיט אַ קראַנקן אָרגאַניזם, פֿאַרוואָס זאָל דאָס שאטן אַ געזונטער פֿרוי אָן קיין שום פֿעלערן?

מיר וואָלטן געקענט ברענגען נאָך ראַיעס אַף צו דערווייזן, אַז אונדזער מיינונג וועגן דער אומשעדלעכקייט פֿון אַן אַבאָרט פֿאַר דעם אַלגעמיינעם צושטאַנד פֿון דער פֿרוי איז ריכטיק. נאָר דאָס איז איבעריק. די בעסטע ראַיע איז דאָס לעבן אַליין, ווייל ניט קוקנדיק אַף דעם, וואָס איינִיקע שרעקן די פֿרוי און וואָס אין אַ סאַך לענדער שטראָפֿט מען פֿאַר אַן אַבאָרט, וואַקסט פֿונדעסטוועגן די צאָל אַבאָרטן פֿון יאָר צו יאָר. מיר זיינען איבערצייגט, אַז אַלע שטערונגען און באַגרענעצונגען, וואָס שטייען אַפֿן וועג פֿון דער היינטיקער פֿרוי צו מאַכן אַן אַבאָרט, זיינען פֿאַלש און דורכויס שעדלעך, ווייל זיי שאַפֿן אַ גינסטיקן באָדן פֿאַר דעם, אַז די פֿרויען זאָלן אַריינפֿאַלן אין די הענט פֿון שאַרלאַטאַנעס, וואָס עקספּלואַטירן זיי אַפֿן בעסטן פֿאַל, און וואָס קאַליעטשען זיי, אָדער האַרגענען זיי אַוועק אַפֿן ערגסטן פֿאַל.

אין סאָוועטנרוסלאַנד איז די פֿראַגע וועגן אַבאָרט אַוועקגעשטעלט ריכטיקער, ווי אין וועלכער עס איז אַנדער לאַנד. עס זיינען אָפּגעשאַפֿן געוואָרן אַלע צוויִעסדיקע טאַינעס און זיסע יידעלעך וועגן מאָראַל, רעליגיע, מעלוכעאינטערעסן. די פֿרוי האָט די פֿולע פֿרייהייט אַף איר אייגענעם קערפּער און ווערט ניט באַשטראָפֿט פֿאַרן אַבאָרט, צוליב וועלכן טאָם זי זאָל אים ניט מאַכן. דערפֿאַר ווערן שטרענג באַשטראָפֿט אַלע פֿאַלשע אַבאָרטנמאַכער. דאָס געזעץ דערלויבט יעדן דאָקטאָר צו מאַכן דער פֿרוי אַן אַבאָרט, אויב נאָר ער האָט בא זיך אינדערהיים אַ ספּעציעלן פֿרויענקאַבינעט אין דער פֿאָרם פֿון אַ שפּיטאָלאָפּטיילונג. לויטן שטייגער פֿון דער אַלגעמיינער אומזיסטער מעדיצינישער הילף, וואָס אַרבעטער און אָנגעשטעלטע באַקומען אין סאָוועטנרוסלאַנד, קאָן אַ פֿרוי אַפֿילע אַן אַבאָרט אויך מאַכן אומזיסט, מיט אַ טנאַי, אַז זי שטעלט צו געוויסע סאָציאַלע מאָטיוון, לעמאָשל, ווען זי זויגט אַ קינד און איז שוואַנגער געוואָרן, ווען אַ מיידל איז שוואַנגער געוואָרן און איז געבליבן אָן אַ מאַן א. א. וו.

אַף אַזאַ אויפֿן איז דאָ אין סאָוועטנרוסלאַנד פֿאַר דער פֿרוי, וואָס וויל מאַכן אַן אַבאָרט, צוויי באַגרענעצונגען: ערשטנס, אַז די פֿרוי צושטעלן אַ געוויסן סאָציאַלן מאָטיוו, ווען זי וויל אומזיסט אַבאָרטירן און וועלכן עס איז קראַנקנהויז, צווייטנס, קאָן איר מאַכן אַן אבאָרט פֿאר געצאָלט נאָר אַזאַ דאָקטאָר, וועלכער האָט אָפּיציעל אַ קראַנקנהויז-אָפּטיילונג בא זיך אינדערהיים.

די ערשטע באַגרענעצונג איז אין אַ געוויסער מאָס פֿאַרשטענדלעך, אַף וויפֿל בא היינטיקער צייט איז נאָך שווער, אין מאַטעריעלן זין, צו געבן אַלע פֿרויען די מעגלעכקייט צו מאַכן אַן אַבאָרט אומזיסט. אַזוי ווי מיר זיינען איבערצייגט, אַז די פֿרוי איז ניט מעכוייעוו צו אָנווייזן אַ באַשטימטן מאָטיוו, צוליב וועלכן זי וויל מאַכן אַן אבאָרט, גלויבן מיר, אַז די דערמאָנטע באַגרענעצונג איז אַ צייטווייליקע און אז זי וועט מיסטאָמע געוויס אָפּגעשאַפֿן ווערן, ווען עס וועלן באַזייטיקט ווערן די מאַטעריעלע שוועריקייטן. טאָמער מיינט איך מיצער, אַז די פֿרויען, וואָס קענען ניט צושטעלן קיין סאָציאַלע מאָטיוון, האַלטן זיך אָפּ פֿון דעם אַבאָרט, האָט ער אַ ביטערן טאָעס: אזוינע פֿרויען אָדער זיי פֿארקויפֿן די לעצטע העמד און לאָזן זיך אָפּערירן בא א פּריוואטן דאָקטאָר אָדער זיי גייען צו אן „אקושערקע” און כאפּן בא איר די „עמעסע מעציע”...

בענויגייע דער צווייטער באגרענעצונג, דוכט זיך אונדז, אז זי איז ניט ריכטיק און אָפּט אפֿילע שעדלעך. דאָס ראָוו דאָקטוירים קענען ניט פֿארפֿין בא זיך אן אָפֿיציעלע שפּיטאָלאָפּטיילונג, ווייל דאָס קאָסט צו טייער. פֿונדעסטוועגן מאכן זיי אבאָרטן באהאלטענערהייט. יעדער אבאָרט, וואָס ווערט געמאכט באהאלטענערהייט, ווערט טייערער באצאָלט. א גרויסער טייל פֿרויען איז ניט בעקויעך צו לאָזן זיך קאָסטן אסאך געלט, זיי זוכן וואָלוועלע ספּעציאליסטן און פֿאלן סאָפֿקאָלסאָף אריין אין די הענט פֿון שווינדלער. פֿון דער אנדער זייט איז בליסאָפֿעק, אז אויספֿירן אן אָפּעראציע באהאלטענערהייט הייסט פֿארערגערן איר אויסגאנג ניט ווייניקער, ווי אף 50 פּראָצענט. דער צוועק פֿון דער באגרענעצונג, אז דעם אבאָרט זאָל מען מאכן אין א געזונטער מעדיצינישער סוויווע, איז געוויס ריכטיק. עס איז אָבער ניט קיין סאָד, אז ניט קוקנדיק אף דער באגרענעצונג, מאכן דאָקטוירים אבאָרטן פּריוואט זייער אָפּט.

די אָנגעוויזענע כעסרוינעס פֿון אן אָפּעראציע בישטיקע און די געפֿאר פֿון א וואָלוועלן אבאָרט בא דער אקושערקע, איבערצייגן, אז ס'איז גלייכער אָפּשאפֿן אזא באגרענעצונג, וואָס בלייבט נאָר אפֿן פּאפּיר, ווערט ניט אָפּגעהיט אין לעבן, און ברענגט ניט זעלטן א גרויסן שאָדן.

א געזונטע סוויווע בא אן אָפּעראציע איז אייגנטלעך אן עלעמענטארע פֿאָדערונג פֿון דער מעדיצינישער וויסנשאפֿט. יעדער דאָקטאָר, אף וויפֿל ער איז בעעמעס א מעדיקער, וועט שוין בעמיילע צופּאסן די נויטיקע סוויווע, ווען ער וועט קענען ארבעטן ניט באהאלטענערהייט. אז דער דאָקטער דארף ניט מוירע האָבן פֿארן געזעץ, ווערט ער „אויס פֿאָרעך” און שאצט אָפּ זיין מי וועלוועלער, וואָס איז זייער וויכטיק, קעדיי פֿארהיטן די פֿרויען פֿון די פֿאלשע אבאָרט-ספּעציאליסטן.

צום סאָף וועלן מיר פֿאַרענטפֿערן נאָך איין פֿראַגע, וואָס קען אַמאָל אַרויסשווימען באַם לעזער. וויבאַלד די פֿרויען וועלן האָבן אַבסאָליוטע פֿרייהייט צו מאַכן אַן אַבאָרט, וועט די צאָל געשטאָרבענע פֿון יאָר צו יאָר אַלץ מער און מער אריבערשטייגן די צאָל

נייגעבוירענע, ביז וואַנען עס וועט קומען א צייט, אז די מענטשהייט וועט גאָר אויסשטאַרבן.

אַזאַ טאַינע האָבן געהאַט און האָבן נאָך איצטער אַלע געשוואָרענע אַפּאָטראָפּסים איבער דער מענטשהייט פֿון דעמזעלבן כּיידער, ווי די אויבנדערמאָנטע פֿאָרשטייער פֿון רעליגיע, מעלוכע א. א. וו. ווען אַפילע די טאַינע וואָלט געווען אַ ריכטיקע, וואָלט זי אויך גאָרנישט אויפֿטאָן, ווייל דער מאָטיוו, צוליב וועלכן די פֿרוי באַשליסט מאַכן אַן אַבאָרט, איז איר טייערער פֿאַר אַלץ, און קיינע טאַינעס וועלן זי ניט אָפּהאַלטן.

זאָגן אָבער די אַפּאָטראָפּסים, אַז אויב עס העלפֿן ניט קיין טאַינעס, דאַרף מען איינפֿירן שטרענגע שטראָפֿמיטלען. מיר האָבן אָבער געזען, אַז די שטראָפֿמיטלען העלפֿן אויך ניט. עס איז אַ כּידעש, וואָס גראָד די אַפּאָטראָפּסים זיינען בלינד און זעען ניט, אַז די שטראָפֿמיטלען פֿאַרפֿירן די פֿרוי אין נעץ פֿון די פֿאַלשע אַבאָרטן-ספּעציאַליסטן און אז די מענטשהייט ליידט דערפֿון אין צווייען: קיין קינד ווערט ניט געבוירן און דערצו שטאַרבט אַוועק אויך די מוטער...

דידאָזיקע טאַינע איז אָבער בעעצעם אַ צוויעסדיקע. ס'איז דאָ אַ היפּשער פּעקל סאָציאַלע סיבעס, צוליב וועלכע די אַלגעמיינע שטערבלעכקייט—באַזונדערס פֿון קליינע קינדער—איז טאָמיד זייער גרויס. מילכאָמעס אַליין רייסן ארויס פֿון צייט צו צייט אָן אַ שיר קאָרבאָנעס, דאַווקע פֿון די געזונטסטע און אַרבעטפֿעיִקסטע מענטשן. עס טרעפֿט זיך זעלטן, אַז א הייסער אָנהענגער פֿון שטראָפֿמיטלען פֿאַר אַבאָרטן, זאָל כאָטש אַ פּיפּס טאָן קעגן מילכאָמעס... דעריקער איז דאָך ניט די צאָל מענטשן אַף דער וועלט, נאָר ווי אזוי מענטשן לעבן. אַז די מענטשהייט וואָלט, לעמאָשל, זיין באַ היינטיקער צייט אין צווייען קלענער און יעדער מענטש וואָלט לעבן אין צווייען בעסער, וואָלט דאָס קיין גרויסער אומגליק ניט געווען...

דער אינסטינקט פֿון קינדערהאָבן איז נאָך גענוג שטאַרק און וויפֿל אַבאָרטן די פֿרוי זאָל ניט מאַכן, וועט זי פֿונדעסטוועגן האָבן אַזויפֿיל קינדער, וויפֿל זי וויל און איז בעקויעך צו האָדעווען. אַ פֿולע שטוב קינדער, וואָס האָבן ניט וואָס צו פּיקן, איז מער ניט ווי א מאַטאָנע פֿאַרן מאַלעכהאַמאָוועס. קיינער איז ניט מעכויעוו צו האָבן קינדער אַף איינפֿאַל.

אז די מענטשהייט גייט ניט אונטער צוליב מילכאָמעס, אָרעמקייט, קראַנקהייטן, קאַטאַסטראָפֿעס אוכעדוימע, וועט זי צוליב אַבאָרטן אַוואַדע ניט אויסשטאַרבן...

---

מ. ראַפּעס.

# פֿאַרברייטערטער פּלענום פֿון אויספּירקאָם פֿון קאָמינטערן.

## ערשטע סאַכאַקלען.

די אַרבעט פֿון פֿאַרברייטערטן פּלענום האָט זיך נאָך ניט פֿאַרענדיקט, די פֿאָרטראַגן אָבער און די דעבאַטן איבער די צוויי גרונטפֿראַגן פֿון טאָגסיידער—דער פּאָליטישער באַריכט פֿון פּרעזידיום פֿון אויספּירקאָם פֿון קאָמינטערן און די פֿראַגן פֿון פּראָפֿעסיאָנעלער באַוועגונג, ווי אויך די אַרבעט פֿון א גאַנצער ריי קאָמיסיעס, וואָס זיינען געשאַפֿן געוואָרן אַפֿן פּלענום, קעדיי גענוי באַטראַכטן די לאַגע אין די איינצלנע סעקציעס—דאָס אַלץ גיט שוין דעם גרונט אונטערצופֿירן די ערשטע סאַכאַקלען פֿון דער אַרבעט פֿונם איצטיקן פּלענום.

דער פּלענום האָט זיך צונויפֿגעקליבן קימאַט נאָך א יאָריקער האַפּסאָקע זינט דעם פֿאָריקן פּלענום, וועלכער האָט פֿאַרענדיקט זיין ארבעט אין אָנהויב אפּרעל 1925 י. אים איז פֿאָרגעשטאַנען צו קאָנטראָלירן אַף וויפֿל ס'זיינען ריכטיק יענע באַשלוסן, וואָס זיינען אנגענומען געוואָרן דורכן פֿאָריקן פּלענום. קאָנטראָלירן די אַרבעט פֿונם פּרעזידיום פֿון אויספּירקאם פֿון קאָמינטערן און פֿון אלע סעקציעס פֿון קאָמינטערן פֿארן פֿאַרגאַנגענעם יאָר, נאָך אַמאָל אָפּשאַצן די נאָענטע פּערספּעקטיוון פֿאַר דער אנטוויקלונג פֿון דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָמוניסטישער באַוועגונג.

פֿאַר מאַרקסיסטן-לענינצעס, וועלכע בויען זייער טאַקטיק אַפֿן סמאך פֿון אנאַליזירן די אָביעקטיווע באַדינגונגען פֿאַר דער אַנטוויקלונג פֿון אלע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע באַציִונגען, איז קוידעמקאָל נאַטירלעך, אַז מען דאַרף אַנאַליזירן די אַלגעמיינע סוויווע, אין וועלכער עס אנטוויקלט זיך די אינטערנאַציאָנאַלע קאָמוניסטישע באַוועגונג.

דאָ איז די ערשטע פֿראַגע געשטאַנען—צו קאָנקרעטיזירן אַפֿן גרונט פֿונם נייעם מאַטעריאַל, דעם אינהאַלט פֿונם באַגריף: „טיילווייזע סטאַביליזאַציע פֿון קאַפּיטאַליזם“, וועלכער איז געווען פֿאָרמולירט נאָך אַפֿן פֿריערדיקן פּלענום פֿון קאָמינטערן.

דער קאָמינטערן האָט ניט באַשטרייט דעם פֿאַקט, אז די בורזשואַזעווירטשאַפֿט איז אין פֿאַרלויף פֿון די לעצטע יאָרן באַדייטנדיק געקומען צו זיך נאָך יענעם טיפֿן ווירטשאַפֿטלעכן קריזיס, וועלכן זי האָט איבערגעלעבט אין די יאָרן 1919—1918, וואָס זיינען געקומען טייקעף נאָך דער וועלטמילכאָמע. אַנערקענענדיק אָבער די „סטאַביליזאַציע“ האָט ער—דער קאָמינטערן—פֿריער פֿאַר אַלץ דורכגעפֿירט אַ גרענעץ צווישן זיך און דעם אַלוועטלעכן מענשעוויזם, וועלכער האָט אין דער „סטאַביליזאַציע“ געזען אַ נייע אויפֿלעבונג פֿונם קאַפּיטאַליזם, אַן אנהויב פֿון א נייער אָרגאַנישער עפּאָכע פֿאַר זיין אנטוויקלונג. דער מענשעוויזם האָט פֿון זיין זייט אַף אלערליי אויפֿאַנים געשטרעבט העלפֿן דעם קאַפּיטאַליזם אפּדאָסניי צו באַהערשן די לאַגע. אָבער אין די רייען פֿון קאָמינטערן גופֿע, אַף זיין רעכטן פֿליגל, האָבן געקאָנט אנטשטיין אין צוזאַמענהאַנג מיט אָט אָ דערזעלבער „סטאַביליזאַציע“. פֿאַלשע

פּירושים און שטרעבונגען אָפּצוזאָגן זיך פון די רעוואָלוציאָנערע קאָמפּמיטלען.

דעריבער האָט דער פלענום פון קאָמינטערן נאָך פאַראַיאָרן אונטערגעשטראָכן דעם טיילווייזן און צייטווייליקן כאַראַקטער פון אָט אָ דער סטאַביליזאַציע. די סטאַביליזאַציע אָבער, ניט נאָר וואָס זי לייקנט ניט אָפּ די ריכטיקייט פון דער אַלגעמיינער אָפּשאַצונג, וועלכע דער קאָמינטערן האָט אַלע מאָל געגעבן דער איצטיקער עפּאָכע, נאָר, פאַרקערט, זי טראָגט אַליין אין זיך נייע קריזיסן און פאַרטיפט די סטירעס צווישן די אימפּעריאַליסטן גופא און די סטירעס צווישן די האָרעפּאַשנע מאַסן און די קאַפּיטאַליסטן.

די לעצטע כאַדאָשים פון פאָריקן יאָר האָבן געבראַכט מיט זיך אַ טיפן אינדוסטריעלן קריזיס אין דייטשלאַנד און אין פּוילן. ס'ווערט ווייטער פאַרשאַרפט דער פינאַנציעלער קריזיס אין פראַנקרייך און עס וואַקסט אָן אויפהער די אַרבעטלאָזיקייט אין ענגלאַנד. קריזיסן און אַרבעטלאָזיקייט זיינען געוואָרן די כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון ווירטשאַפטלעכן לעבן אין גאַנץ אייראָפּע.

אַזעלכע דערשיינונגען פאַרפעסטיקן ניט, פאַרשטייט זיך, אַף קיין פאַל די פּאָזיציעס פון דער בורזשואַזער מאַכט. זיי העלפן ניט מיט אַף קיין פאַל צו פאַרברייטערן די ווירקונג פון די רעפאָרמיסטן — אַף דעם גרונט פון הונגער און אַרבעטלאָזיקייט מוזן אומפאַרמיידלעך וואַקסן רעוואָלוציאָנערע שטימונגען אין די מאַסן פון אַרבעטערקלאַס.

צי באַדייטן אָבער אָט אָ די נייע דערשיינונגען פון קריזיסן און אַרבעטלאָזיקייט, אַז מיר קאָנען אינגאַנצן אָפּזאָגן זיך פון יענער כאַראַקטעריסטיק פון דער אַלגעמיינער ווירטשאַפטלעכער לאַגע, וועלכע ווערט אויסגעדריקט אינם באַגריף „טיילווייזע און צייטווייליקע סטאַביליזאַציע"?

צי באַטייט עס, אַז מיר שטייען שוין איצט פאַר אַן אומיטלבארן מעכטיקן אויפבריז פון רעוואָלוציאָנערער כוואַליע, פאַרן אָנגריף פון די קאָמוניסטישע מאַסן אַף די פעסטונגען פון קאַפּיטאַליזם?

דער איצטיקער פלענום פון קאָמינטערן האָט אַף דערדאָזיקער פראַגע געגעבן שוין זיין ענטפער, ווידער אַמאָל אונטערשטרייכנדיק די ריכטיקייט פון די באַשלוסן פון V קאָנגרעס.

דער V קאָנגרעס האָט געבויט זיין טאַקטיק, דיסקאַנטירנדיק צוויי מעגלעכע פּערספּעקטיוון: 1) אַ שנעלער אָנוווקס פון רעוואָלוציאָנערע קאָנפליקטן, ווען דער זיג פון דער פּראָלעטארישער רעוואָלוציע קאָן אָפּגעהאַלטן ווערן אין 3-4-5 יאָר. און 2) אַ לאַנגזאַמער אָנוווקס, בא דער פּאַמעלעכדיקער אַנטוויקלונג פון אַלוועלטלעכער רעוואָלוציע. ניט איבערטרייבנדיק די מעגלעכקייטן, אַז ס'קאָן יאָ אָנקומען אַ רעוואָלוציאָנערע סיטואַציע, מוז דער קאָמינטערן בויען זיין טאַקטיק אַף דעם מאַקסימאַלן צונויפבונד מיט די מאַסן — דעראָבערן די מערהייט אין אַרבעטערקלאַס — דערנענטערן זיך מיט די מאַסן פון אַרבעטער־סאָציאַלדעמאָקראַטן. נאָר מיט אַזא וועג וועט דער קאָמינטערן קאָנען צוגרייטן זיך צום אַנטשיידנעם קאַמף און זיג, דאַן ווען די רעוואָלוציאָנערע סיטואַציע וועט ווערן אַ פאַקט. אָט דאָס איז אָבער דיזעלבע טאַקטיק פון קאָמינטערן, וועלכע איז נאָך געווען אָנגעמערקט אַפן 3-טן קאָנגרעס בא דעם אומיטלבארן אָנטייל פון כ' לענין.

אַלס גרונטמאָטיוו פאַר דער גאַנצער טעטיקייט פון קאָמינטערן אַף דער נאָענטסטער צייט בלייבט, אַף אַזא אויפן, דער קאמף פאַר אַ רעוואָלוציאָנערער איינהייטלעכקייט פון אַרבעטערקלאַס, די טאַקטיק פונם איינהייטלעכן פראָנט, וועלכער גרייט צו, אַז די קאָמוניסטן זאָלן דעראָבערן די מערהייט אין אַרבעטערקלאַס. אָט די טאַקטיק פאַרזיכערט בעפּיירעש דעם קאָמינטערן אַדערפאָלג ניט נאָר אין ענגלאַנד, נאָר אויך אין דייטשלאַנד, וואָס קאָן ווידער פאַרוואַנדלט ווערן אין אַן אַרענע פון גרויסע קלאַסנשלאַכטן צווישן פּראָלעטאַריאַט און דער בורזשואַזיע.

דער איצטיקער פלענום פון קאָמינטערן איז נאָענט צוגעטראָטן נאָך צו איין פּראָבלעם. דידאָזיקע פּראָבלעם איז אַרויסגערוקט געוואָרן דורך דער קאָלאָסאַל אויסגעוואַקסענער מאַכט פון אַמעריקאַנישן קאַפּיטאַל, וועלכער הויבט אָן צו באַהערשן עקאָנאָמיש און פּאָליטיש דעם אייראָפּעישן קאָנטינענט, אַרויסשטויסנדיק די ווירקונג פון ענגלאַנד.

די פינאַנציעלע און אינדוסטריעלע קריזיסן אין די אייראָפּעישע לענדער, וועלכע אַנטוויקלען זיך פּאַראַלעל מיט דעם וווּקס פונם מעכטיקן אַמעריקאַנישן קאַפּיטאַל, שטרייכן אונטער דעם „אונטערגאַנג פון אייראָפּע" דעם אונטערגאַנג פון דער בורזשואַזער ווירטשאַפט אין אייראָפּע, איר אומפעיקייט אַרויסצוקריכן פון דעם טיפן קריזיס, צו וועלכן עס האָט איר געבראַכט דער אימפּעריאַליזם. די בורזשואַזע פּאָליטיקער זיינען אומבאַהאָלפן צו געפינען אַ וועלכן ניט איז אויסוועג פון דעם קריזיס. ער ווערט אַלץ מער און מער פאַרשאַרפט, אַדאַנק דער באַפּרייונגבאַוועגונג אין די פאַרשקלאַפטע קאָלאָניעס, וועלכע שטרעבן צו פולער זעלבסטשטענדיקייט.

די לאָקאַרנער קאָנפערענץ איז אַף אַ געוויסן אויפן געווען אַ פּרוּוו צו שאַפן אַ „פאַראייניקטע אייראָפּע" קעגן אַמעריקע, קעגן די קאָלאָניאַלע פעלקער און קעגן פ. ס. ס. ר.

ס'ווערט אָנגעמערקט אַף דער נאָענטסטער צייט אַ ספּעציעלע צווישנפעלקערלעכע עקאָנאָמישע קאָנפערענץ, וועמענס אויפגאַבע וועט זיין צוגרייטן אַן עקאָנאָמישע דערנעענטערונג צווישן די פעלקער פון אייראָפּע. דער אָביעקטיווער אויספיר פון אָט די אַלע פּלענער איז, פאַרשטייט זיך דער. אַז ענגלאַנד וויל פאַרפעסטיקן איר הערשאַפט איבער אייראָפּע אַפן כעשבן פון אַרבעטערקלאַס. קעגן דידאָזיקע פּלענער האָט דער איצטיקער פלענום פון קאָמינטערן אַרויסגערוקט דעם לאָזונג פון „פאַראייניקטע שטאַטן פון א סאָציאַליסטישער אייראָפּע". אַפן יעסאָד פון דער עקספּראָפּריאַציע פון עקספּראָפּריאַטאָרן וועט די נייע פאַראייניקטע סאָציאַליסטישע אייראָפּע אויפלעבן איר עקאָנאָמישע מאַכט. אין בונד מיט פ. ס. ס. ר. און מיט די באַפרייטע קאָלאָניאַלע פעלקער פון מיזרעך וועט די פאַראייניקטע סאָציאַליסטישע אייראָפּע זיין בעקויעך איינצוהאַלטן איר פרייע ווירטשאַפטלעכע אַנטוויקלונג פון דעם אָנגריף פון אַמעריקאַנישן אימפּעריאַליזם. פאָרמולירנדיק נאָך אַמאָל דעמדאָזיקן לאָזונג, וועלכער איז אַרויסגערוקט געוואָרן צום 1-טן מאָל דורכן אויספּירקאָם פון קאָמינטערן אין אקטיאַבר 1923 יאָר,

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם אנוווקס פֿון דער רעוואָלוציאָנערער כוואַליע אין דייטשלאַנד האָט דער איצטיקער פּלענום פֿון קאָמינטערן געפֿונען פֿאַר נויטיק נאָך אַמאָל פֿעסטשטעלן, אַז דער קאַמף פֿאַר די „פֿאַראייניקטע שטאַטן פֿון סאָציאַליסטישער אייראָפּע" באַטייט נאָך ניט, אַז דער פּראָלעטאַריאַט פֿון די באַזונדערע אייראָפּעישע פֿעלקער דאַרף אָפּלייגן זיין אַנטשיידענע אַרויסטרעטונג, וואַרטנדיק אַף אַן אַלגעמיינעם פּראָלעטאַרישן אויפֿשטאַנד אין גאַנץ אייראָפּע. פֿאַרקערט, די פֿאַרווירקלעכונג פֿון אָט אָ דעם לאָזונג פֿאָדערט אַן אַנטשיידענעם קאַמף פֿאַר דער מאַכט מיצאַד די באַזונדערע פּראָלעטאַרישע מאכנעס דאָרטן, ווו די באַדינגונגען זיינען פֿאַר דעם מער גינסטיק, קעדיי מיט דעם זיג אין איין לאַנד צוגרייטן און פֿאַנאַנדערוויקלען די רעוואָלוציע אין די איבעריקע לענדער פֿון אייראָפּע.

ווי מיר האָבן שוין אויבן אָנגעוויזן, בלייבט אין גרונט פֿון דער טאַקטיק פֿונם קאָמינטערן אַף דער נאָענטסטער צייט דער לאָזונג פֿון קאַמף פֿאַר דער איינהייטלעכקייט פֿון אַרבעטערקלאַס.

בא איצטיקן מאָמענט, אין די באַדינגונגען פֿון קריזיסן און אַרבעטלאָזיקייט, קאָן דערדאָזיקער לאָזונג גרינג פֿאַרווירקלעכט ווערן אַפֿן יעסאָד פֿון דער רעוואָלוציאָנערער פּלאַטפֿאָרם. די אַרבעטערבאַוועגונג פֿון פֿאָריקן יאָר גיט אונדז אַ גאַנצע ריי באַווייזן, וועלכע קאָנסטאַטירן דעם אנוווקס פֿון אַ נייער רעוואָלוציאָנערער כוואַליע אין די רייען פֿון אַרבעטערקלאַס. אַף דעם באָדן האָבן מיר געהאַט אַ פעסטגעשטעלטן וווקס פֿון דער ווירקונג פֿונם קאָמוניזם.

די אַרבעטערדעלעגאַציעס, וואָס האָבן זיך געלאָזן קיין פֿ. ס. ס. ר. פֿון די פֿאַרשיידענע אייראָפּעישע לענדער, דער קאָלאָסאַלער דערפֿאָלג פֿון זייערע געדרוקטע און מינדלעכע פֿאָרטראַגן אין די ברייטע שיכטן פֿון די אומפּאַרטייִשע אַרבעטער און סאָציאַלדעמאָקראַטן, דער זיג פֿון דער טשעכאָסלאָוואַקישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אַף די וואַלן, ווו זי האָט באַקומען דעם ערשטן אָרט צווישן די איבעריקע פּאַרטייען פֿון אַרבעטערקלאַס; דער דערפֿאָלג פֿון דער דייטשישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין דער לעצטער קאַמפּאַניע, ווו די פּאַרטיי איז אַרויסגעטראָטן מיט דעם לאָזונג פֿון אַן אומזיסטער קאָנפֿיסקאַציע פֿון אַלע גיטער פֿון די געוועזענע קייזערלעכע און פֿירשטלעכע מישפּאָכעס, דערביי זיינען די סאָציאַלדעמאָקראַטן אונטערן דרוק פֿון די ברייטע אַרבעטערמאַסן געווען געצוווּנגען אַף אַ געמיינזאַמער אַרויסטרעטונג מיט די קאָמוניסטן; דער וווקס פֿון דער ווירקונג פֿון לינקן פֿליגל אין דער ענגלישער פּראָפֿעסיאָנעלער באַוועגונג; די פֿאַרפֿעסטיקונג פֿון דער ווירקונג פֿון דער פֿראַנצויזישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אַדאַנק דער ברייטער קאַמפּאַניע, וואָס זי האָט דורכגעפֿירט קעגן דער מילכאָמע אין מאַראָקאָ; דער דראַנג פֿון דער נאָרוועגישער אַרבעטערשאַפֿט צו שאַפֿן אַ ברייטע אַרבעטערפּאַרטיי, וועלכע זאָל אַריינעמען אין אירע רייען אויך די קאָמוניסטן — דאָס אַלץ זיינען די מער כאַראַקטעריסטישע און באַדייטנדיקע פֿאַקטן פֿון פֿאַרגאַנגענעם יאָר. ווידער אַמאָל קומט אויס די מענשעוויקס-צענטריסטן פֿון 2-טן אינטערנאַציאָנאַל, די געוועזענע העלדן פֿון 2 אַ האַלבן אינטערנאַציאָנאַל, אומקערן זיך מיטן פּאָנים צו די אַרבעטערמאַסן, איבערפֿאַרבן זיך אַף לינק, קעדיי אויסמיידן די געפֿאַר, פֿאַר וועלכער זיי שטייען. די געפֿאַר — צו פֿאַרלירן די ווירקונג אַף דעם אַרבעטערקלאַס. מיט דידאָזיקע שטרעבונגען איבערצופֿאַרבן זיך איז געווען דורכגעדרונגען די אַרבעט פֿון מאַרסעלער קאָנגרעס פֿון 2-טן אינטערנאַציאָנאַל, ווו דער עסטרייכישער „לינקער" מענשעוויק אָטאָ באַוער האָט זיך ברייט צושמועסט אַף דער טעמע וועגן זיין ליבע צו פֿ. ס. ס. ר. און צו די פֿעלקער פֿון מיזרעך, קעדיי נאָך אַמאָל אין אַ נייער פֿאָרם העלפֿן די קאַפּיטאַליסטן אין זייער קאַמף קעגן פֿ. ס. ס. ר. און קעגן די מיזרעכפֿעלקער.

אָטאָ באַוער און די רעזאָלוציעס פֿון מאַרסעלער קאָנגרעס ריידן וועגן פֿ. ס. ס. ר., ווי וועגן אַ קוואַל פֿון קריגגעפֿאַרן און די מיזרעכפֿעלקער ווערן גערופֿן דורך אָטאָ באַוער ניט פֿאַרשאַרפֿן זייער קאַמף פֿאַר דער פֿרייהייט. צו דערזעלבער קאַטעגאָריע פֿון דערשיינונגען געהערן אויך די לעצטע אַרויסטרעטונגען פֿון דער אַזוי גערופֿענער „אומאָפּהענגיקער אַרבעטערפּאַרטיי" אין ענגלאַנד (די פּאַרטיי פֿון מאַקדאָנאַלדן) וועגן צונויפֿרופֿן אַ נייע קאָנפֿערענץ פֿון 2-טן און 3-טן אינטערנאַציאָנאַלן. אין דערזעלבער צייט אָבער אַנטזאָגט זיך די „אַרבעטערפּאַרטיי" פֿון אַ געמיינזאַמען קאַמף מיט די ענגלישע קאָמוניסטן. דאָ באַגעגענען מיר זיך מיט די פּרוּוון פֿון אונדזערע אַלטע באַקאַנטע — אייראָפּעישע צענטריסטן איבערצוקליגן די מאַסן פֿון אַרבעטערקלאַס, וועלכע ווערן געשטויסן דורך דעם גאַנצן אַנטוויקלונגגאַנג פֿון זייער קאַמף אַף געמיינזאַמע רעוואָלוציאָנערע אַרויסטרעטונגען מיט די קאָמוניסטן. אנשטאָט אַזאַ איינהייטלעכן פֿראָנט, וועלכער ווערט די גאַנצע צייט אַרויסגעריסן דורך די לידערס פֿון דער אייראָפּעישער סאָציאַלדעמאָקראַטיע, רוקן זיי איצט אַרויס אַ שעדלעכע און אוטאָפּישע אידייע וועגן צונויפֿגיסןביידע אינטערנאַציאָנאַלן. ס'איז קלאָר, אַז זיי ווילן מיט דעם אַריינטראָגן אַ צוטומלעניש אין די רייען פֿון פּראָלעטאַריאַט. דערדאָזיקער מאַנעוור דערמאָנט אַף אַ גלענצדיקן אויפֿן די באַוווּסטע מאַיסע מיט דעם גאַנעוו, וועלכער, וועלנדיק זיך ראַטעווען פֿון פּאָליצײ, לויפֿט איבער די גאַסן מיט אַ געשריי „כאַפּט דעם גאַנעוו". מיט אַזאַ מין טאַקטיק אָבער וועט זיי זיך ניט איינגעבן צו פֿאַרהאַלטן די ווירקלעכע דערנענטערונג צווישן די מאַסן סאָציאַלדעמאָקראַטישע און קאָמוניסטישע אַרבעטער.

ס'ווערן אָבער ניט גענוגנדיק אויסגענוצט דורך אונדזערע מאַירעוודיקע ברידערפּאַרטייען די גינסטיקע מעגלעכקייטן, וועלכע קאָנען מיטהעלפֿן דער דערנענטערונג. דער איצטיקער פּלענום פֿון קאָמינטערן האָט נאָך אַמאָל באַשטעטיקט, אַז די טאַקטיק פֿון איינהייטלעכן פֿראָנט, אַז די טאַקטיק פֿון אריינדרינגען אין די מאַסן פֿון פּראָלעטאַריאַט איז נאָך ניט גענוג באַנומען געוואָרן אין דער פּראַקטיק. דאָ קומט אויס דעם קאָמינטערן פֿריער פֿאַר אַלץ צו באַגעגענען זיך מיט דעם אַזוי גערופֿענעם „אולטראַ-לינקן אָפּנייג" אין אַ גאַנצער ריי פּאַרטייען (דייטשישע, פּוילישע, נאָרוועגישע, טיילווייז פֿראַנצויזישע). אין דייטשלאַנד, קאָן מען זאָגן, האָט דער פֿריערדיקער צענטראַלקאָמיטעט אונטער דער אָנפֿירונג פֿון דער

גרופּע מאַסלאָוו—רוט פּישער, געטאָן אַלץ קעדיי צו פאַרטיפערן דעם איינרייס צווישן די סאָציאַלדעמאָקראַטישע און קאָמוניסטישע אַרבעטער. ס׳איז גענוג אָנווייזן, אַז די פאַרטיי האָט פאַר אַ קורצער צייט קימאַט אין גאַנצן פאַרלאָרן איר ווירקונג אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען.

דעם קאָמינטערן איז אויסגעקומען אַנטשיידן אַריינצומישן זיך אין דעם. עס איז געענדערט געוואָרן די פאַרטייאָנפירונג, דער לעצטער האַלביאָר האָט שוין געגעבן גאַנץ ערנסטע רעזולטאַטן.

דער נייער צענטראַלקאָמיטעט אונטער דער אָנפירונג פון כ׳ טעלמאַן באַשטייט אין זיין מערהייט פון אַרבעטער, וועלכע האָבן זיך אַרויסגערוקט אין דער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט פון די לעצטע יאָרן. ער האָט שוין פאַר זיך אַזעלכע גרויסע פאַרדינסטן, ווי, לעמאָשל, די אויבנאָנגעוויזענע דערפאָלגרייכע אַרויסטרעטונג אונטער דעם לאָזונג פון קאָנפיסקירן די גיטער באַ די פירשטלעכע הויפן, ווי אויך דער דערפאָלגרייכער וווּקס פון דער קאָמוניסטישער ווירקונג אין די אָרטיקע אָפּטיילונגען פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. דידאָזיקע פאָלגן האָבן אַרונטערגעריסן די ווירקונג פון די עקסט לינקע גרופּן אין דער דייטשישער פאַרטיי. (אַזעלכע גרופּן האָבן מיר אין דייטשלאַנד צוויי: איינע אונטער דער אָנפירונג פון רוט פישער, די צווייטע—אונטער דער אָנפירונג פון שאָלעמען און ראָזענבערגן), און אַף דעם פּלענום האָבן מיר שוין געהערט פון זייער זייט נאָר מעלדונגען וועגן זייער לאָיאַליטעט בענויגייע דעם נייעם צענטראַלקאָמיטעט.

דער צענטראַלקאָמיטעט פון דער דייטשישער קאָמפּאַרטיי דאַרף אין אָט די מעלדונגען דערפילן די סימפּטאָמען פון אַן אַלגעמיינעם איבערבראָך אין די שטימונגען פון דער פאַרטיי, סימפּטאָמען, וועלכע שטרייכן אונטער דעם זיג פון דער נייער טאַקטיק, און אָננעמען אַ גאַנצע ריי שריט, קעדיי פאַרניכטן די אַלטע רייבונגען אין דעם אינערלעכן פראַקציאָנעלן קאַמף. דאָס צונויפשליסן פון דער פאַרטיי אַרום איר איצטיקן צענטראַלקאָמיטעט אַף דעם גרונט פונם בריוו פון דעם אויספּירקאָם פון קאָמינטערן בלייבט די הויפּטאויפגאַבע פון דער דייטשישער קאָמפּאַרטיי, ווייל נאָר אַף דעם יעסאָד איז מעגלעך די ווייטערדיקע דערנענטערונג מיט די סאָציאַלדעמאָקראַטישע אַרבעטער. דער קאַמף מיטן אולטראַ-לינק אָפּנייג דאַרף זיך פאָרזעצן אויך אַף ווייטער, ווייל די אָנוועזנהייט פון אַ גרויסער צאָל אַרבעטלאָזע וועט אומפאַרמיידלעך אַרויסרופן פאַרשיידענע אַנאַרכיסטישע און סינדיקאַליסטישע שטימונגען אין די אַרבעטערמאַסן. די געפאַר פון דער „אולטראַ-לינקער" אידעאָלאָגיע איז גלענצנדיק דעמאָנסטרירט געוואָרן אַפן פּלענום דורכן באַוווּסטן לינקן פּלאָנטערקאָפּ—דעם כ׳ באָרדיגאַ, וועלכער האָט אין זיינע פאָרטראַגן אַנטוויקלט אַן אָריגינעלע טעאָריע (אַגעוו ניט אינגאַנצן אָריגינעל, נאָר אַנטליען באַ די מענשעוויקעס) וועגן די באַזונדערע אַנטוויקלונגוועגן פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע אַף מאַירעוו אין קעגנזאַץ צו דער אָקטיאַבררעוואָלוציע; וועגן דער קליינער ראָל פונם אָרגאַניזאַציאָנעלן מאָמענט אינם פּראָצעס פון צוגרייטן דעם זיג פון פּראָלעטאַריאַט; וועגן דעם, אַז עס איז שעדלעך צו רעאָרגאַניזירן די פאַרטיי אַף דעם יעסאָד פון פאַבריק-זאַוואָדישע קעמערלעך און א. וו. דאָס הייסט, אַז דער כ׳ באָרדיגאַ האָט דעמאָנסטרירט דאָס אַלגעמיינע אין דער אידעאָלאָגיע פון די מענשעוויקעס און די „אולטראַ-לינקע" פּלאָנטערקעפּ.

דער קאַמף פון קאָמינטערן דאַרף זיך אַנטוויקלען אין אַנטשיידן אָפּגרענעצן זיך פון די „אולטראַ לינקע" און רעכטע אָפּנייגן. אַזוי איז אַלע מאָל געווען די טאַקטישע ליניע פון קאָמינטערן.

די דייטשישע לינקע האָבן פאַרן פּלענום און אין דער צייט פון פּלענום געשטרעבט אָפּוועגדן די אויפמערקזאַמקייט פון קאָמינטערן פון דעם „אולטראַ-לינקן" אָפּנייג אין דייטשלאַנד, פאַנאַנדערבלאָזנדיק די געפאַר פון רעכטן פליגל אין פאַרטיי. אָט די פּרוּוון צו ענדערן די ריכטונג פונם „אַרטילעריע-פייער" פאַר דייטשלאַנד האָט דער קאָמינטערן אַנטשיידן אָפּגעוואָרפן. נאָר דאָס הייסט ניט, אַז דער פּלענום האָט ניט געזען פאַר זיך די רעאַלע געפאַר מיצאַד די רעכטע אין אַן אַנדער לאַנד, ד. ה. אין פראַנקרייך. דאָרט איז די לאַגע אין גרונט ענלעך צו דער, וועלכע איז געווען פאַראַיאָרן אין טשעכאָסלאָוואַקיע, ווען קעגן דער פאַרטיי איז אַרויסגעטראָטן דער באַוווּסטער בובניקאָוו. סוּוואַרין, וועלכער איז אויסגעשלאָסן געוואָרן פון פאַרטיי דורכן 5-טן קאָנגרעס פון קאָמינטערן, האָט צונויפגעקליבן אַרום זיין געדרוקטן אָרגאַן אַ גאַנץ באַדייטנדיקע, נאָר אַן אָפּגעריסענע פון די אַרבעטערמאַסן גרופּע רעכטע, וועלכע זיינען אַרויסגעטראָטן אַנטשיידן קעגן די צוויי מאָמענטן אין דער טעטיקייט פון דער פראַנצויזישער פאַרטיי: קעגן דעם לאָזונג פון ברודערן זיך אַפן פראָנט פון די פראַנצויזישע און מאַראָקאַנישע סאָלדאַטן און קעגן רעאָרגאַניזירן די פאַרטיי אַפן יעסאָד פון פאַבריק-זאַוואָדישע קעמערלעך.

דאָ איז פאַר אונדז אינגאַנצן אַ באַשטימטער אָפּנייג לעטויוועס דער אַלטער סאָציאַלדעמאָקראַטיע. דער אָפּנייג ווערט נאָך מער פאַרשאַרפט דורך דעם, וואָס מע איז אָפן אויווער די פאַרטיי-דיסציפּלין; מע נעמט אַן אָנטייל אין דעם אָרגאַן פון סוּוואַרין, וועלכער פירט אַ קאַמף קעגן דער קאָמוניסטישער פאַרטיי.

ס׳איז אָבער נויטיק אָנמערקן, אַז אויך דאָ איז דער אינערלעכער קריזיס פון דער פאַרטיי פאַרשאַרפט געוואָרן אַדאַנק די טאָעסן מיצאַד דער אָנפירונג פון דער פראַנצויזישער פאַרטיי וועלכע האָט ניט ריכטיק (מיט אַ לינקן אָפּנייג) אָנגעווענדעט די טאַקטיק פון אייניהייטלעכן פראָנט און האָט איינגעשטעלט אין דער פאַרטיי אַ רעזשים, וועלכער האָט קיין שום אַלגעמיינעס ניט מיט די פּרינציפּן פון אינערלעכער פאַרטעישער דעמאָקראַטיע. מיר ווילן איצטער גענוי ניט ריידן וועגן די פראַגן פון פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, אונדזער אַרטיקל האָט זיך שוין אַזוי אויך פאַרצויגן. די פאָרטראַגן פון כ״כ לאָזאָווסקי און טאָמסקי האָבן אין אַלע דעטאַלן פאַנאַנדערגעקליבן די אויפגאַבן פון דער פאַרטייאַרבעט אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און די טאָעסן, וועלכע ווערן דערלאָזן פון אייניקע קאָמוניסטן אין אָט דעם געביט. מיר ווילן בלויז נאָך אָנמערקן, אַז דער כ׳ טאָמסקי האָט אין זיין באַריכט קאָנסטאַטירט, אַז די אונטערהאַנדלונגען מיט דעם אַמסטערדאַמער אינטערנאַציאָנאַל האָבן זיך איצט אָנגעשטויסן אין אַ העק, אַדאַנק דער איינגעשפּאַרטקייט פון אַמסטערדאַם און

זיין פּאָליטיק פֿון סאבאָטירן די איינהייט, און אז דעריבער קען מען זיך ניט ריכטן אַף וועלכער ניט איז ערנסטע פּראקטישע רעזולטאטן אין געביט פֿון ווידעראופֿשטעלן די אינטערנאַציאָנאַלע איינהייט פֿון פראפֿבאַוועגונג אין דער נאָענטסטער צייט, ווען דער אַרבעטערקלאס וועט זיין פֿארטאָן אין שארפֿע קאָנפֿליקטן באַ זיך אין לאנד.

דער קאמף פֿאר איינהייט—דאָס איז אן אופֿגאַבע פֿאַר א גאנצן פעריאָד און מע קאָן ניט פֿאָרויסזען, ווי לאנג ער וועט דויערן.

אַלנפֿאלס קאָן מען זיך זיך ניט פֿארשטעלן, אז די סאָוועטישע פראפֿארייִנען זאָלן זעלבסטשטענדיק אריינטרעטן אין אמסטערדאַם, ווי דאס מאָלן זיך אויס די טוער פֿון אמסטערדאַמער אינטערנאַציאנאל.

מיר וועלן זיך ניט איינמאל נאָך אומקערן צו באַלייכטן געננוי אַלע באַרירטע פֿראגן, ווען מיר וועלן שוין האָבן פֿאר זיך די ענדגילטיקע באַשלוסן און רעזאָלוציעס פֿונם פלענום.

מאָסקווע, 4-טן מארט 1926.

י. בראָנשטײן.

# די „גרויסע איבערוואַנדערונג“ פֿון ליריקער.

(ע. פֿינינבערג—גאַלאָפּ. קאָאָפּעראַטיווער פֿאַרלאַג „קולטורליגע“—פּאָפּולערע ביבליאָטעק. קיעוו, 1926 זייטלעך 70, פּרייז 40 ק.)

מע קאָן ניט זאָגן אַז אונדזער יונגע סאָוועטיש-ייִדישע פּראָזע זאָל אונדז שטאַרק באַלעווען מיט ליטעראַרישער פּראָדוקציע, סאַי אין אייכוס און סאַי אין קאַמוס. וואָס איז שאַיעך קאַמוס (צאָל), איז דאָך אַלעמען גאַנץ גוט באַוווּסט, אַז אונדזערע געציילטע 2 ייִדישע כוידעשלעכע זשורנאַלן ליידן זייער פֿיל פֿון דויכעק אין קינסטלערישער פּראָזע. און גראָד אַף קינסטלערישע פּראָזע, אַף בריטע לייוונטן. איז איצט זייער שטאַרק דער נאָכפֿרעג באַ אונדזער אויסגעוואַקסענעם מאַסנלייענער. וועלכער וויל זיך שוין ניט באַנוגענען מיט די סקאַרבאָווע, געציילטע פּאָעזיע-שורעס. ווער רעט נאָך אייכוס (קוואַליטעט),—מיט דעם האַלט עס איצט נאָך שמאָלער. אויב די רוסישע ליטעראַטורקריטיק האָט זיך שוין פֿאַרגונען דאָ ניט לאַנג וואַרפֿן אין דער רוסישער שרייבערסוויווע דעם לאָזונג—געננוג „געשטייגערט“, גיט אונדז סינטעזירטן *) לעבנשטאָף פֿון גרויסן ראָמאַנפֿאַרנעם—אויב די נייע רוסישע ליטעראַטור קאָן שוין באַ היינטיקן טאָג אָנווייזן אַף אַ גאַנצע ריי אָזעלכע ראָמאַנען, - איז באַ אונדז, האַלט מען נאָך ערשט באַם סאַמען אָנהויב פֿון אונדזער סאָוועטיש-ליטעראַרישער „קאַפּיטאַל-אָנזאַמלונג“, ווען שטייגער-מאַטעריאַל, ווי דריבנע סקיצעאַרטיק ער זאָל ניט זיין, איז נייטיק אַלס בוימאַטעריאַל פֿאַר דער קינפֿטיקערברייטלייוונטיקער ליטעראַטור. מען מוז אָבער זיין אָפּגעהערציק און מוידע זיין, אַז אַפֿילע דעראָזיקער שטייגער אָנוווּקס גייט צו אין אונדזער ליטעראַטור גאַנץ עטומפּיק. פֿונם גאַנצן סקיצעאַרטיקן שטייגערמאַטעריאַל, וואָס אונדזער ליטעראַטור האָט אָנגעזאַמלט פֿאַרן לעצטן יאָר, וועט אונדז קוים עפּעס פֿאַרבלייבן אַף ווייטערדיקן בויען און שטייגן.

דעראָזיקער שטייגער-מאַטעריאַל איז אָדער קאָרעספּאָנדענטיש-טרוקן, ניט קינסטלעריש-קאָנדענסירט, אָדער מיט קליינשטעטלדיקע פּרעטענזיעס אַף „פּסיכאָלאָגיזם“ און „פּראָבלעמען“ פֿון אַמאָליקן דורכשניטלעכן סקיצע-שניט. אויב מיר וועלן דערצו נאָך צוגעבן דאָס מאַסקילישע צאַצקלען זיך באַ פֿיל שרייבער מיט דער מאָדערנער בילדער-מעליצע, וואָס איז באַרופֿן צו פֿאַרדעקן די סוזשעטלאָזיקייט און אַרכיטעקטורלאָזיקייט, (אינדערעמעסן אָנטבלויזט זי עס, און טרייבט אָפּ פֿון זיך דעם בעסטן, דעם געדולדיקסטן לייענער),—וועט קלאָר ווערן, אַז מיט אונדזער קינסטלערישער פּראָזע האַלט עס גאַנץ שמאָל.

דערפֿאַר טאַקע ציטערן מיר אַזוי איבער יעדער נייער פּראָזע-דערשיינונג. דערפֿאַר טאַקע שפּירן מיר נאָך מיט האַרצקלאַפּעניש יעדן נייעם טראָט פֿון אונדזערע פּראָזאַיקער.

דאָ איז וויכטיק זיך אָפּצושטעלן אַף איינעם פֿון די אינטערעסאַנטסטע פּראָצעסן, וואָס קומען פֿאָר לעצטנס אין אונדזער יונגער סאָוועטיש-ייִדישער ליטעראַטור. די פּראָזע אונדזערע וואַקסט ניט נאָר און ניט אַזוי פֿון אונדזערע גרונטפּראָזאַיקער, לעמאָשל, פֿון גאָדינערן, מייעראָוויטשן, יודל יאַפֿע, נאָר גאַנץ היפּש פֿון ניי־אופֿגעקומענע פּראָזאַיקער. געוועזענע פּאָעטן-ליריקער, ווי לעמאָשל, קושנירעוו, פֿינינבערג, ראָסין, גילדין, וואָס האָבן איבערגעוואַנדערט פֿון ליריק צו פּראָזע. די דאָזיקע „גרויסע איבערוואַנדערונג“ פֿון פּאָעטן-ליריקער שאַפֿט דעם גרונטטאָן פֿון אונדזער מאָדערנעם ליטעראַטורוווּקס.

אין אייגנאַרטיקע געזעלשאַפֿטלעך-ליטעראַרישע באַדינגונגען איז די דאָזיקע „פּאָעטן-איבערוואַנדערונג“ פֿאָרגעקומען. די פּראָלעטאַריש-געזעלשאַפֿטלעכע ליטעראַרישע מיינונג פֿון איין זייט, און פֿון דער אַנדער זייט דער עצעם פֿאַרמאַליסטיש-עסטעטישער טאָן פֿון אונדזער נאָכאָקטיאַבערדיקע ליריק (די קיעווער טקופֿע) האָבן געשטעלט מיט אַ פּאָר יאָר צוריק די נייע ייִדישע פּאָעזיע פֿאַר אַ דילעם: אָדער אַריבערשפּרייזן איבער אַלע „קאַיאָרן“ און „טראַפֿנס אייביקייט“ און אַריינרייסן זיך אין געדיכטעניש פֿון אונדזער סאָוועטישן קאָנקרעט, אָדער פֿאַרשטיקט ווערן, זאָל זיין אין „זונענשלייפֿן“, מיט דער „ליד פֿון גלייכגילט“ אַף אויסגעטריקנטע דיכטערישע ליפּן. העיויס ווי די דאָזיקע דילעם איז געזעלשאַפֿטלעך דערצו נאָך באַגלייט געוואָרן מיט גאַנץ ליידנשאַפֿטלעכע ליטעראַרישע וויקוכים, איז אין די רייען פֿון אונדזערע פּאָעטן אויסגעבראָכן אַ שטיקל בעהאָלע. אָט דענסטמאָל האָט זיך עס אָנגעהויבן דער „גרויסער ריקצוג פֿון ליריקער“—אַ ריקצוג און אומאָרדענונג אַף פּאָזיציעס, אָפּט איינגאַנצן ניט צוגעגרייטע.

די דאָזיקע ליריקער (אונדזער גאַנצע יונגע ליטעראַטור איז דענסטמאָל באַשטאַנען פֿון ליריקער) האָבן ניט געקענט פֿאַרשטיין, אַפּאַנים, אַז די פּראָלעטאַרישע געזעלשאַפֿטלעכקייט איז אַרויסגעטראָטן ניט קעגן ליריק בכלל, נאָר קעגן אינטעליגענטיש-עסטעטיזירטער, קליינשטעטלדיק-כאַקראָנישער ליריק. האָבן זיי זיך אַ לאָז געטאָן, אַ טייל ליריקער, לויטן געזעץ פֿון עקסטרעמען רעאַגירן, שרייבן לויט „סאָציאַלער באַשטעלונג“ קאָמסאָמאָלישע אַגיטקעס אַף דער טעמע באָלשעוויק-זיג א. א. וו. ביישפּילן דערפֿון קאָן מען ברענגען אַ סאַך. פֿונם דאָזיקן דיכטערישן „סאַלטאָ-מאָרטאַלע“ איז אונדזער ליטעראַטור ווייניק וואָס צוגעקומען.

קושניראָוו איז געגאַנגען נאָך ווייטער. ער, וועמען אין דער ליריק נאָך איז דער קאָנקרעטער, טעמאַטיש-שטייפֿער בילד געווען אַזוי נאָענט—ער איז מיט אַמאָל איבערגעגאַנגען פֿון ליריק צו פּראָזע, צו ברייטערן קאָנקרעטן סיוזשעט. אים איז עס לייכטער געווען.

איז אָבער אינטערעסאַנט, אַז אויך קושנירעוון איז דעראָזיקער פֿלוצלונגדיקער איבערגאַנג ניט אָפּגעגאַנגען אַזוי גלאַט.

נעמט זיינע „קינדער פֿון איין פֿאָלק“ און פֿאַרגלייכט זיי. אַ שטייגער מיט די יאַטן פֿון נעווערעוס „טאַשקענט די ברויטשטאָט“ אָדער מיט סייפֿולינעס כעוורע „רעכטברעכער“—וועט איר טייקעף זען דעם אונטערשייד. אין קושניראָווס „קינדער פֿון איין פֿאָלק“ זעט איר גאַנץ ווייניק „לעבעדיקע קינדער“ און נאָך ווייניקער לעבעדיקן פֿאָלק. איר הערט אַ וווּנדערבאַר-צאַרטע רעוואָלוציאָנערע „שירע“. איר אָטעמט איין אין זיך אַן אומפּאַנעמדיקע ליריש װאַרעמקייט און ניט מער. אין טאָך איז „קינדער פֿון איין פֿאָלק“ ניט קיין דער-

*) קורסיוו—אומעטום אונדזערער.

צײלונג, נאָר א מין לירישע פּאָעמע. דאָס וויכטיקסטע, וואָס איז נויטיק דעם פּראזאיקער (נויטיקער ווי דעם ליריקער) אַרכיטעקטור—פעלט דאָ אינגאַנצן אויס. בא קושנירעוון זײַנען די סוזשעטמאָטיוון קוים-קוים פאַרבונדן צווישן זיך. דאָ הערשט פאַקטיש יענע אַרכיטעקטורלאָזיקייט, מיט וועלכער ליריקער בכלל, ווי אויך לירישע פּראזאיקער (פּילניאַק, לעמאָשל) צייכענען זיך באַזונדער אויס. ווייטער פּרוכטבאַר אַרבעטן אָפן געביט פון אונדזער מאָדערנער רעוואָלוציאָנערער פּראָזע מיט אַזא בוילעטן לירישן אַקצענט, ווי קושנירעוו פאַרמאָגט, איז גאַנץ שווערלעך, און דעריבער איז אַזוי נאַטירלעך, עפּשער, וואָס קושנירעוו האָט לעצטנס זיך ווידער אומגעקערט צו ליריק-לידער.

קימאַט דעמזעלבן עטאַפּ מאַכט איצט דורך פאַר אונדזערע אויגן איינער פון די טאַלאַנטפולסטע ייִדישע ליריקער ע. פינינבערג. אַ געבוירענער טעמפּעראַמענטפולער ליריקער, האָט ער אין די „בעהאָלע-טעג" עוואַקוירט (אַף ווי לאַנג?) זײַן לירישע מוזע און אָנגעהויבן שרײַבן אַגיטקעס, זעלטן געלונגענע. איצט דעביוטירט ער פאַר אונדז מיט אַ דערציילונג פון בירגערקריג אין אַן אוקראַינישער שטאָט. די דערציילונג הייסט „גאַלאָפּ".

לאָמיר זען ווי אַזוי פינינבערג איז בײַגעקומען דעמדאָזיקן שפּרונג.

אין פלאַמיקע טעג פון בירגערקריג און פּאַרטיזאַנשטשינע אַף אוקראַינע פלעגן שטעט און שטעטלעך און דערפער איבערגיין פון האַנט צו האַנט אין בלוטיקע געשלעגן. היינט רויטע, מאָרגן פּעטליוראָווצעס, איבערמאָרגן מאַכנאָווצעס, דערנאָך באַנדיטן גלאַט אַזוי, און ווידער אַמאָל רויטע און אַזוי—אָן אומענדלעכער בלוטיקער קנויל. די דערציילונג „גאַלאָפּ", האָט געזאָלט פאַנאַנדערוויקלען פאַר אונדזערע אויגן איינעם פון אַזעלכע פילצאָליקע בלוטיקע קנוילן. פריער ווערט די שטאָט פאַרכאַפּט פון רויטע. דערנאָך, ווען די רויטע טרעטן אָפּ, רײַסן זיך אַרײַן אין שטאָט פּעטליוראָווצעס — „טשיפּעקעס". בלײַבן אָבער די „טשיפּעקעס" אויך ניט לאַנג,—קומען ווידער אַמאָל אָן די רויטע. נאָר גאָר אינגיכן ברעכט אויס בא די רויטע גופא אַ לינק-עסערישער אופשטאַנד. ווערט ליקווידירט דערדאָזיקער אופשטאַנד, קומען ווידער אַרײַן די רויטע. אָרגאַניזירט זיך אָבער שוין אַן אופשטאַנד אין פאַרשטאָט, און די כאַזירניקעס פאַרכאַפּן די שטאָט. צום סאָף ווערן די כאַזירניקעס אַרויסגעיאָגט און ס'קומען ווידעראַמאָל די רויטע. אויב מיר וועלן נאָך צוגעבן צום דאָזיקן גאַנצן בלוטיקן רומל אַ ייִדישן פּאָגראָם, וואָס די כאַזירניקעס מאַכן בעאײַס זיי פאַרכאַפּן די מאַכט, און אַטענטאַט אָפן באָלשעוויסטישן קאָמיסאַר, אַ צעבושעוועטן רויטן מאַטראָס א. אַז. וו., וועט קלאָר ווערן, אַז מיט סוזשעט איז די דערציילונג פאַרזאָרגט ביז איבערגענוג. פאַרקערט, עס מוז טײַקעף זיך אופהויבן אַ פראַגע בא יעדן איינעם געניטן לייענער: ווי אַ שטײַגער וועט אַרײַנגעשטופּט ווערן דערדאָזיקער קאָלאָסאַלער סוזשעט אין אַ דערציילונג פון דריטהאַלבן דרוקבויגן? ווי אַזוי וועלן פאַרבונדן און אופגעבונדן ווערן אָטאָ די דאָזיקע אַלע גראַנדיעזע קאָנפליקטן סײַ יעכידישע, סײַ מאַסאָווע? ווי אַזוי וועט דער שרײַבער זיך אײַן אײַצע געבן מיט אַזא קאָלאָסאַלער טיפּן-גאַלעריי—באָלשעוויקעס, פּעטליוראָווצעס כאַזירניקעס, ייִדישע באַלעבעסלעך, אינטעליגענטע באַרישניעס א. א. וו.?

דידאָזיקע אַלע פראַגן פונם נײַגעריקן לייענער מוזן אָבער טײַקעף באָטל ווערן, ווען ער, דער לייענער, באַקאָנט זיך מיטן „גרונטמעטאָד", מיט וועלכן דערדאָזיקער בלוטיקער קנויל ווערט פאַנאַנדערגעוויקלט. אַנשטאָט פאַנאַנדערוויקלען די דאָזיקע אַלע קאָנפליקטן פאַר די אויגן פון לייענער, און אַזוי אַרום אויסבויען דעם סיוזשעט פון דער דערציילונג, גיט אונדז פינינבערג בלויז אַן א נ צ ו ה ע ר ע נ י ש פון דידאָזיקע קאָנפליקטן, וואָס אַנטוויקלען זיך ערגעץ ווײַט. פון יענער זײַט פאַרהאַקטע טיר און לאָדן. „אַ כאַסענע פאַרקאָכט זיך. ייִדן, ניט אַף קאַטאָוועסן, נאָר ניט אַף קאַטאָוועסן"! זאָגט רעב בעריש מאַכלין, איינער פון די שטעטלדיקע באַלעבאַטים. ווען אין שטאָט „רודערט זיך", אָבער, וואָס קאָן אַ בעריש מאַכלין פאַרשטיין אין אָטאָ דעם „רודערן זיך". אַז בראָש דערוויסט ער זיך וועגן דידאָזיקע אַלע בלוטיקע געשעענישן ערשט באַגינען, צוזאַמען מיט דער גאַנצער באַלעבאַטישער שטאָט, ווען ער כאַפּט אַ קוק אַף דער גאַס דורך דער שפּאַרונג אין פאַרהאַקטן לאָדן. פאַר אים, ווי פאַר דער גאַנצער באַלעבאַטישער שטאָט, עקזיסטירן ניט קיינע ק אָ נ פ ל י ק ט ן, נאָר ג ע ש ע ע נ י ש ן, וואָס פאַלן ווי פון הימל אַראָפּ יעדן באַגינען.

„אין אַ פאַרהאַקטער דירע האָט ווײַבל מיט קאָפּטל צעשפּילעטס בא טיש, אין ראָד פון שכיינעס וואַכנדיקע געציילט: וויפל האָבן זי דאָ אַף די טראָטואַרן אַוועקגעלייגט?"... (זײַטל 4).

קאָנפליקטן ווערן דאָ ניט פ אַ נ אַ נ ד ע ר ג ע וו י ק ל ט, נאָ- ס ט אַ ט י ס ט י ש ר ע ג י ס ט ר י ר ט.

די רויטע טרעטן אָפּ. און שטאָט—

„שטאָט האָט פון גאָרניט ניט געוווּסט. ערשט אינדערפרי האָבן זיך פורן צעטראַכקעט, רײַטער צעטופּעט"... (זײַטל 24).

„און אַרום האַלבע נאַכט האָבן פאַרשפּאַרטע דירעס דערהערט: עס קוויטשעט אַ גאַס"... (זײַטל 25).

די רויטע רײַסן זיך אַרײַן אין שטאָט, נאָר דערפון דערוויסט מען זיך מיט אַ „געוויסער פאַרשפּעטיקונג".

„א ו ן א ז ס'א י ז ל י כ ט י ק ג ע וו אָ ר ן, ה אָ ט מ ע ן ג ע ז ע ן: פורן פאָרן, רײַטער אײַלן זיך און אַף ברעגן טראָטואַרן ליגן שלאָפן, כראָפּן מיט קעפּ אין בלאָטע, נאָך צעגאַנגענעם שניי, יונגען, פּויערישע יונגען מיט רויטע בענדלעך"... (זײַטל 30).

אַזא קאָנפליקטנרײַכער סוזשעט — און קימאַט אַלע קאָנפליקטן אַנטוויקלען זיך און ווערן געלייזט אַף י ע נ ע ר ז ײַ ט פ אַ ר ה אַ ק ט ע ר ד י ר ע אונטער די קוליסן. אַן אויסנאַם שטעלט מיט זיך פאָר בלויז דער פּויערימצוזאַמענפאָר, ווען די צעבונטעוועטע פּויערים זינגען „זאַפּאָוויט", און דער באָלשעוויק ראַליק פירט די פאַרזאַמלונג מיט רעוואָלווער בא דער זײַט לעדערעקל. דאָ פילט זיך יאָ, אין אַ געוויסער מאָס, דער זודיקער הויך פון בירגערקריג, מער אָבער ערגעץ ניט. האַגאַם יעדער ווינקל מאַמעש פון דערדאָזיקער דערציילונג בעט זיך מע זאָל אופרעקן זײַן קאָנפליקטפולן אינגעווייד. וועגן אופשטאַנד פון די קאָמאַנדיר-קורסן ווערט געשריבן, אַז קורסאַנטן „זײַנען אין קופּקעלעך געשטאַנען, ג ע ט אַ י נ ע ט וועגן דעם, אַז ס'קומט זיי סכירעס פאַר דרײַ כאָדאָשים צײַט". וועגן סטאַגס אופשטאַנד ווערט געגעבן אַ פאַרשלאָפענע סצענקע פון אַ נאַכט-אַרעסט און דערנאָך ווערט דערציילט: „פאַרנאַכט זײַנען זיי אַרײַן. בא אונדז אַלע די ביקסן צוגענומען און פאַרשלעפּט אַהער"... (זײַטל 42—38). ווי איר זעט, גייט אַלץ צו גאַנץ אידיליש: די קורסאַנטן „טאַי-ען" וועגן סכירעס, דערנאָך „נעמען זיי צו" בא די באָלשעוויקעס די ביקסן א. א. וו.

דערדאָזיקער אַנטיקינסטלערישער מעטאָד פון ר ע ג י ס ט ר י ר ן קאָנפליקטן, אָבער ניט פ אַ נ אַ נ ד ע ר וו י ק ל ע ן זיי איז נאַטירלעך, געוויינטלעך, פאַר דיכטער פון יענע סאָציאַלע גרופּן, וואָס שטייען באַם זײַט פון מאַסאָווע לעבנסקאָנפליקטן. דאָס האָט אָבער געמוזט גלײַכצײַטיק אינגאַנצן סכעמאַטיזירן דעם לעבעדיקן אינווענטאַר פון דער דערציילונג. דאָרטן, וווּ קאָנפליקטן ווערן ניט פאַנאַנדערגעוויקלט, זײַנען אויך ניט פאַראַן קיין ל ע ב ע ד י ק ע מענטשן, וואָס פאַרקערפּערן אין זיך דידאָזיקע קאָנפליקטן. די טיפּן-גאַלעריי בא פינינבערגן איז אויסערגעוויינלעך סכעמאַטיש, פלײשלאָז, האַגאַם אַ גאַנץ רײַכע אין צאָל און אַ גאַנץ פאַרשיידענע לויט איר אָרט אין דער דערציילונג.

אַז מיר דערמאָנען זיך אָן דער טיפּן-גאַלעריי פון ליבעדינסקיס „וואָך" וווּ ס'ווערט קינסטלעריש באַאַרבעט דיזעלבע טעמע, אַז מיר דערמאָנען זיך אָן זײַנע קלימינס, ראַבײַקאָס, די לערערין, סימקאָוואַ און אַנדערע, ווערט אַזוי אומעטיק אָפן האַרצן, ווען מע קערט זיך אום צו פינינבערגס „העלדן" פון „גאַלאָפּ". בא פינינבערגן זײַנען אויך פאַראַן באָלשעוויקעס, סאיז אויך פאַראַן אַ לערערן פּאָפּאָוואַ, ס'איז אַפילע פאַראַן אַ שיקערער, צושויבערטער בראַטישקעלע—אַ מאַטראָס—מיט איין וואָרט אַ פולער אַנסאַמבל פאַר אַ לײַטישער דערציילונג וועגן בירגערקריג. קיין איינער פון זיי איז אָבער ניט אויסגעוואַקסן אין אַ לעבעדיקן מענטשן, אויב ניט רעכענען דעם מאַטראָס, וועלכער קויפט אויס זײַן באַנאַלן אופטריט מיט זײַן גאַנץ אָריגינעל-פאַרטראַכטן סאָף: דער רויטער רעוואָקאָם שיסט אים—דעם רויטן מאַטראָס—פאַר כוליגאַניזם, און ער—דער מאַטראָס—זינגט פײַערלעך פאַר זײַן טויט: ..."Вставай проклятьем заклеймевный"„.

יעדער פון די פּערסאָנאַזשן אין „גאַלאָפּ" טרעט אַרויף אַף דער סצענע מיט אַ קורצער סקאָרבאָווער אופשריפט, וואָס דאַרף אים פאַרשטעלן פאַרן לייענער. דידאָזיקע אופשריפט איז אַ פאַרטיקע לעכאַטכילע, און סטאַרטשעט ווי אַן אומגעלומפּערטע לאַטע אין דער אַלגעמיינער קאָמפּאָזיציע פון דער דערציילונג. זי איז באַרופן צו פאַרבײַטן איינעם פון די וויכטיקסטע עלעמענטן אין סוזשעט—די סוזשעטיש-פאַנאַנדערגעוויקלטע „ביאָגראַפיע" פונם „העלד" (זע אַסײַעווס אַרטיקל—„דער שליסל פון סוזשעט", „פּעטשאַט אי רעוואָלוציאַ", בוך 7.). פאַרשטייט זיך אָבער, אַז מיט אַזא לאַטע קאָן מען די לאָך ניט פאַררעקן.

אָט איז אַ ביישפּיל:

„רעדאַקטאָר שטיין—אַמאָל אין וואָלאָגדע פאַרשיקט געווען, פאַר 5-טן יאָר און פאַר נאָך 5-טן יאָר. רעדאַקטאָר שטיין פאַר מילכאָמע זיך אומגעקערט, און רוסישע צייטונגען אין שטאָט גענומען אַרויסגעבן, מיטן איספּראַווניק און מיט „דוואָריאַנסקאָיע סאָבראַניע“ אַ שטיקל מעקורעוו ווערן, רעדאַקטאָר שטיין—איז 17 יאָר הויך, זייער הויך „מאַרסעליעזע“ געזונגען, אין ס.-ר.—אַן אַנפירער„ (זייטל 6).

מיט אַן ענלעכער „לאַטע“, אַנשטאָט אַ סוזשעטיש-פּאַנאַנדערגעוויקלטער „ביאָגראַפיע“, וואָס איז די באַזע פאַר סוזשעטנגעבוי, קומען אַרויס קימאַט אַלע איבעריקע לעבעדיקע מענטשן פון דער דערציילונג.

„מענים, וואָס האָט אין 5-טן יאָר געפלאַמט, געפייערט און איז ביז 12 מאַרט 1917 אַף פּריוואַטע שטונדן בא לאַטיין-„אוראָקן“ געשלאָפן, וואָס ביז מאַרט 1918, ביז דייטש, האָט ער אין פראַק, אין מאַנזשעטן, מיט זיצונגען פון שטאָטדומע אָנגעפירט“... (זייטל 8).

„רעפאָעל, וואָס איז בין 17 יאָר אַף קאַטאָרגע געווען פאַר אנטיילנעמען אין שיסן דעם מיניסטער“... (זייטל 17).

„ראַליק, טאַקע דערזעלבער, ווי ער איז אין זומער פונם זיבעצנטן פון ניויאָרק אַראָפּ. טאַקע דערזעלבער, ווי ער איז אין סאָף ווינטער יענעם“... א. א. וו. (זייטל 33).

איך האָב געבראַכט דידאָזיקע אַלע ציטאַטן, קעדיי ס'זאָל קלאָר ווערן, ווי אַזוי אַנשטאָט סוזשעטיש פאַנאַנדערוויקלען מענטשן און מענטשלעכע קאָנפליקטן, זיינען געגעבן געוואָרן אַרויסגעריסענע פונם סוזשעטישן געבוי קורצע אַ'קעטעיעריעס, וועלכע דאַרפן שאַרפן די ס כ ע מ ע פון אַמאָ די אַלע לעבעדיקע מענטשן, זייער אַ נ ע ק ד אָ ט י ש ע ב י אָ ג ר אַ פ י ע, אויב מע קאָן זיך אַזוי אויסדריקן.

באַזונדערס איז נויטיק זיך אָפּשטעלן אַף מאַרוסיע אין טשערנאָסאָגען. אָטאָ דידאָזיקע מאַרוסיע וויקלט פאַנאַנדער אירע לעבנסקאָנפליקטן ווי אַלע פינינבערגס פערסאָנאַזשן, ערגעץ הינטער די קוליסן. זי אינטריגירט אונדז אָבער פונם סאַמען אָנהויב אַן מיט די צעטעלעך—קורצע, פילצוזאָגנדיקע, וואָס זי שיקט צו טשערנאָסאָגען. אַ ידיש מיידל, אַ באָלשעוויטשקע, אָפן פראָנט—דאָס אַלץ רייצט, אָבער בא דעם בלייבט עס. מאַרוסיע בלייבט הינטער די קוליסן די גאַנצע צייט. אירע צעטעלעך, וואָס זי שיקט צו טשערנאָסאָגען ווערן סאַמקאָלסאַף לאַנגוויילים, און פינינבערגן בלייבט ניט קיין אַנדער אויסוועג, ווי לאָזן טויטן (סוזשעטיש ניט מאָטיווירט) מאַרייוסען אָפן פראָנט, ווידעראַמאָל הינטער די קוליסן.

און מאַרוסיע האָט דאָך פון די ערשטע שורעס פּרעטענדירט—און מיט רעכט—אָפן צענטראַלסטן אָרט אין דער דערציילונג!

ניט בעסער איז מיטן „באָכער טשערנאָסאָן“, וועלכער איז, שוין באַשטימט, אָוועקגעשטעלט אינם צענטער פון די געשעענישן.

אַ מאָדנער פאַרשוין—דערדאָזיקער טשערנאָסאָן!

ער איז סעקרעטאַר אין פאַריין פון די מעטאַליסטן. אינם סאַמען ברען פון דער רעוואָלוציע, אַזוי צוזאָגן. און געשילדערט איז ער אַזוי, אַז ער דערמאָנט מאַמעש אַף אַלע הונדערט פּראָצענט בערגעלסאָנס אַן אימפּרעסיאָניסטיש-פאַרנעפּלטן מיילעך אָדער כאַים מוישע.

„און מיט פּאָנים אין גראָז הויכן, אַף בערגל אונטער גאָרטן איז באָכער טשערנאָסאָן געלעגן, ב אָ כ ע ר ט ש ע ר נ אָ ס אָ ן, וו אָ ס פ ל אָ נ ט ע ר ט ז י ך א י ן ש ט אָ ט ה י א ון נ י ט ה י א ון מ י ט א ו י ג ן צ ו ג ע ל אָ פ ע נ ע“... (זייטל 50).

דערדאָזיקער „סעקרעטאַר פון מעטאַליסטן-פאַריין“, אין שטורמישע טעג פון בירגערקריג און אופשטאַנד, דער באָכער מיט „צעלאָפענע אויגן“ כאַלעשט, ווען ער זעט הענגען אָפן מאַרק צוויי פּעטלוראָוועס. א קליינשטעטלדיקע „פּאָלטעסע“ מינטערט אים און שלעפּט אים אין אַפּטייק.

ווי עפּעס אַ שטילער, שטומער גייסט טראָגט זיך טשערנאָסאָן איבער די אופּגעברויזטע גאַסן פון שטאָט. רעט מיט קורצע, אימפּרעסיאָניסטיש-פאַרנעפּלטע ווערטער, און פּלוצלונג וואַרפט אים אַריין פינינבערג אין רעדאַקציע פון אַ סאָוועטישער צייטונג און צווינגט אים שרייבן „פערזן פריילעכע און בייסיקע אין סטיל פון לידער פאָלקישע“.

אין איינס פון דיביידע: אָדער אַ פריילעכער סאָוועטישער סאַטיריקער—אַ מין דעמיאַן בעדני, אָדער אַ „באָכער טשערנאָסאָן, וואָס פּלאָנטערט זיך אין שטאָט מיט צוגעלאָפענע אויגן“...

פינינבערג האָט, מאַשמאָעס, וועגן דעם ניט אַ טראַכט געטאָן. דער לירישער אימפּרעסיאָניזם זיינער האָט אים דעם כויש—דעם דיכטערישן, פאַרלייגט, לאָמיר האָפן, בלויז אַף אַ ווײַלע.

איך לייען איבער די אָנגעשריבענע שורעס און כ'זע: די רעצענזיע מיינע איז אויסגעוואַקסן קימאַט אין אַן אַרטיקל. שטרייכן אָבער ווילט זיך ניט.

מיר זיינען לעצטנס שוין אָפּגעוואוינט פון זאַכלעכע רעצענזיעס מיט קאָנקרעטע אָנווייזונגען און מע קומט אָפּ געוויינטלעך מיט דער אויסגעדראָשענער פראַזע, אַז „אין אַלגעמיין מאַכט די דערציילונג אַ גוטן איינדרוק“.

די ליטעראַרישע קריטיק וויל איבערוואַקסן די ראַמען פון „איינדרוקן“.

זי וויל צוזאַמען מיט דער ליטעראַטור זיך לאָזן אַף די שווערע וועגן פון דיכטונג, צוזאַמען זוכן און געמיינזאַם כיטן שרייבער באַקעמפן כאַוועריש אַלע שטרויכלונגען, וואָס ליגן אַף וועג.

כ. פינינבערג איז איינער פון די טאַלאַנטפולסטע זוכער—דעריבער, א יאָשערקייט אים פאַרן „גאַלאָפּ“ מיט אַלע זיינע כעסרוינעס *).

*) איך האָב זיך ניט אָפּגעשטעלט אַף דער צופיל געקינצלטער שפּראַך פון דער דערציילונג, מאַכמעס וועגן דעם איז שוין גאַנץ גענוג גערעט געוואָרן בא אונדז. עס איז אָן שום סאָפעק אַ קלאָלע, וואָס הענגט איבער אונדזער ליטעראַטור. שרייבן פּראָסט ידיש איז, זאָגט מען, טאַקע שווער. נאָר עס לוינט זיך צומאַטערן.

# ביבליאָגראַפיע.

## א וויכטיק בוך.

### ש. אַגורסקי — „דער ייִדישער אַרבעטער אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג“. ווייסרוסישער מעלוכע פאַרלאַג, מינסק, 1925, פרייז 1 ר. 20 ק.

„ס'ווערט אריינגעטראָגן אַ זייטל פון דער פּאַרטייהיסטאָריע, וועלכע ס'איז ווייניקער פון אַנדערע באַליכטן געוואָרן, און פאַר אונדז איז וויכטיק, אַז עס זאָל גאָרנישט פאַרפאַלן ווערן פון דער געשיכטע פון דער פּאַרטיי“.

מיט דעמדאָזיקן זאַץ פאַרענדיקט כ' דימענשטיין זיין פּאָרערע צו דעם ווייער וויכטיקן בוך, וואָס מיר רעצענזירן איצט. דידאָזיקע אויפגאַבע האָט דער כ' אַגורסקי אויסגעפירט זייער גוט.

דאָס בוך איז ניט קיין געשיכטע, דאָס איז זעלטן זאָרגזאַם צונויפגעקליבענער מאַטעריאַל פאַר דעם קומענדיקן היסטאָריקער. דאָס זיינען מעמוארן, איבערגעפלאָכטן מיט זעלטן אינטערעסאַנטע דאָקומענטן. דער כ' אַגורסקי איז ניט קיין היסטאָריקער, ער פרעטענדירט ניט אף דעם. ער האָט אָבער אַ כוש פאַר געשיכטע און אים האָט זיך איינגעגעבן איינצוהאַלטן אין אין אַ באַשטימטן סיידער איינצושטעלן און איבערגעבן מאַטעריאַלן, וואָס זיינען איצט אַ יעקאָרהאַמציעס.

און אַף וויפל דאָס בוך שטעלט פון זיך פאָר זייער אינטערעסאַנטע מ ע מ ו אַ ר ן איז פאַרשטענדלעך און באַרעכטיקט די ערטערווייז, אופגערעגטקייט, מיט וועלכער דער כ' אַגורסקי דערציילט וועגן אַ גאַנצע ריי מאָמענטן און פּערזאָנען פון יענער צייט. נאָר דער, ווער ס'האָט איבערגעלעבט אַף זיינע אייגענע פּלייצעס דעם שוידערלעכן פּעריאָד פון סאָבאָטאַזש און כוצפּעדיקע אַרויס־רעטונגען פון דער אינטעליגענץ, נאָר דער קאָן פאַרשטיין און באַרעכטיקן אַזאַ אופגערעגטקייט.

אונדז דוכט, אַז דער כ' אַגורסקי איז „צו באַשיידן“, ווען ער שרייבט, „אַז די בראָשור וועט אין אַ געוויסן גראַד זיין נוצלעך פאַר אונדזערע יונגע כאַווייריִם, וועלכע זיינען אומבאַקאַנט מיט דעם אָנהייב פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג צווישן די ייִדישע אַרבעטער“. ניט נאָר פאַר די יונגע כאַווייריִם וועט אָט דאָס בוך נוצלעך זיין, ער וועט זייער פיל נוצן ברענגען אויך פאַר זייער פיל עלטערע כאַווייריִם, דערהויפּט בא אונדז אין ווייסרוסלאַנד, וועלכע איז אין יענער צייט געווען אָקופּירט און האָט דעריבער גאָרנישט געוווסט פון דעם העראָישן פּעריאָד פון די ערשטע יאָרן.

און דער פּעריאָד איז ווירקלעך געווען אַ העראָישער.

עס זיינען דאָ נאָך ניט אַלע גיפטיקע מענשעוויסטיש־בונדיסטישע מיילער דורך דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור פאַרמאַכט געוואָרן, אַף דער ייִדישער גאַס האָבן קימאַט אומגעשטערט געהערשט דער „בונד“, „עס־עס“ און „יע.עס“. דאָרט איז געווען די סמעטענע פון דער אינטעליגענץ, בא זיי אין די הענט איז געווען אַ גענייטער און גוט אָרגאַניזירטער פּאַרטיישער אַפּאַראַט. מ י ר האָבן געדאַרפט אָנהייבן פון אָנהייב. אַ צייטונג האָבן מיר נעדאַרפט אָנהייבן קימאַט אָן ליטעראַטן. אָן אַרבעט צווישן אַ צוואָרפענער און צעשטויבטער ייִדישער מאַסע האָבן מיר געדאַרפט פירן מיט 2—3 כאַווייריִם. און געדאַרפט האָבן מיר קומען צו אַ מאַסע, וואָס האָט זיך געהאָדעוועט צענדליקער יאָרן אונטער דער האַשפּאָע פון אָט דידאָזיקע קליינבירגערלעכע פּאַרטייען. און נאָר דער גרויסער קייעך פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי האָט געקאָנט באַזיגן אָט די איינגעגעסענע ווינקלדיקייט פון בונדיסטישן געדאַנק.

און מ'מוז זאָגן, אַז ניט געקוקט אַף זייער פּאַרטיישער יוסטבאַלעבאַטישקייט, האָט זיך אונדז דאַן איינגעגעבן פאַרהעלטנישמעסיק גרינג גיכער זיין די פירער און איבערציען די מאַסן אַפן צאַד פון קאָמוניזם. אונדז געדענקט זיך די ערשטע טעג אין מינסק, אין דער פעסטונג פון „בונד“. דאָ איז דער צ. ק., דאָ זיינען אַלע קאָרפנקעס פון „בונד“ און מיר—מיר זיינען „יונגע שנעקעס“ אָן רעדנערטאַלאַנטן, אָן דער קונציקייט פון פּאָלעמיזירן. די רעוואָלוציע האָט אונדז געהייסן ווערן ליטעראַטן, זשורנאַליסטן... און פונדעסטוועגן האָבן מיר שוין אין די ערשטע טעג גענומען די פעסטונג פון „בונד“—דעם שניידערפאַריין. מיר האָבן דאַן אין פאַרוואַלטונג געקראָגן אַ מערהייט (אויב איך האָב קיין טאָעס ניט, 11 אַנטקעגן 4).

דער כ' אַגורסקי דערציילט וועגן אונדזער ערשטער אַרבעט אין מינסק (זייטן 56—75). ער דערציילט אויספירלעך וועגן אונדזער ערשטער צייטונג „דער שטערן“, מיט איר איבערגעגעבענעם רעדאַקטאָר, וואָס פלעגט אין רעדאַקציע און דרוקעריי טאָגן און נעכטיקן, וועגן דעם ערשטן צוזאַמענפאָר פון די ייִדישע קאָמוניסטן אין מינסק, ווו דער „בונד“, דער „אַלטער בונד“ האָט געהערשט אף אים מיט אַלע פּיטשעווקעס... עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז דעם כ' דימאַנשטיין, דעם פאַקטישן אָנפירער מיט דער פאַרטייאַרבעט צווישן די ייִדישע אַרבעטער, האָט מען שיר ניט דורכגעוואָרפן אין היופּטביוראָ מער ניט דערפאַר, וואָס ער האָט געהאַט אַ גוואַלדיקן „פגאם“ אין זיין פאַרגאַנגענהייט... ער איז קיינמאָל ניט געווען קיין בונדאָוועץ... ווען מ'פלעגט געבן אַ כאַראַקטעריסטיק פון אַ קאַנדידאַט פלעגט מען די ערשטע זאַך דאַרפן דערקלערן. צי איז ער אַ בונדאָוועץ, צי ניט.

מ'האָט געדאַרפט האָבן דאַן גענוג טאַקט און קאָמוניסטישע אויסגעהאַלטנקייט, מ'זאָל דאָס אַלץ אַבסאָלוטיק קאָנען אַראָפּשלינגען, מ'זאָל פאַרשטיין, אַז דאָס איז אַן איבערגאַנג, וואָס אַלע „געוועזענע“ דאַרפן זי דורכקרענקען. די אָנפירונג פון דער פאַרטיי צווישן די ייִדישע אַרבעטער האָט געהערט אַ קליינע גרופּע, גראַד ניט קיין אַלטע קאָמוניסטן, קימאַט דורכויס „געוועזענע“, און נאָר איין כ' דימאַנשטיין האָט געהאַט הינטער זיך אַ שטיק עמעסע באָלשעוויסטישע פאַרגאַנגענהייט, און אים טאַקע האָט זיך איינגעגעבן אָפּצושלייפן די שפּיצן, דורכמאַכן די פאַראייניקונג און דורכדעם צו באַשאַפן אַ פעסטע גרופּע, וואָס האָט זיך שפּעטער אַנטוויקלט און האָט געשטורעמט די פעסטונג פון „בונד“.

דעם כ' אַגורסקיס בוך — איז די געשיכטע פון דער אַרבעט פון אונדזער פּאַרטיי אין דער ייִדישער סוויווע, די געשיכטע פון קרענקלעכע וואַקלענישן, נאַציאָנאַליסטישע שטימונגען, וואָס מ'האָט ניט ווייניקער קרענקלעך געדאַרפט אויסלעבן, ביז ענדלעך, ס'איז פאַ שווינדן געוואָרן די רעשטלעך פון די קליינבירגערלעכע אָרגאַניזאַציעס, און דער ייִדישער אַרבעטער איז אינגאַנצן אַוועק נאָך דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

אַזאַ בוך איז שוין לאַנג נייטיק געווען. אונדזערע אַרבעטערקרייזן, דערלערנענדיק די געשיכטע פון דער פּאַרטיי, וועלן זיך אויך דאַרפן באַקאָנען מיט דעדאָזיקער זייטל פון אונדזער פּאַרטייגעשיכטע. זי איז טיף אינטערעסאַנט, זי איז זייער באַלערנד. צום גרויס באַדויערן, איז דידאָזיקע געשיכטע, ניט פול. עס פעלן דאָ זייער פיל דאָקומענטן, ס'פעלן זייער פיל מאָמענטן. אָבער דאָס איז שוין ניט די שולד פון כ' אַגורסקי. ער רעדט וועגן דעם אין סאָף פון זיין איינלייטונג.

דאָס איז דער ערשטער פּרווו, ווי עס זאָגט וועגן דעם דער כ' אַגורסקי. און אַלס ערשטער פּרווו איז ער, נאָך אונדזער מיינונג, א ג ע ל ו נ ג ע נ ע ר פּרווו.

מיר וואָלטן דעמדאָזיקן בוך רעקאָמענדירט יעדן ייִדישן אַרבעטער, ווייל דאָס איז זיינע אַן אייגענע שטיק געשיכטע.

מיר וואָלטן דאָס בעפּיירעש רעקאָמענדירט אין אַלע ייִדישע אָוונטשולן, אַף קרייזלעך, אומעטום, ווו עס ווערט געלערנט די געשיכטע פון דער פּאַרטיי.

ב. אָרשאַנסקי.

---

## „אַף די וועגן צו דער נייער שול“ — פּעדאַגאָגישער כוידעשזשורנאַל — אָרגאַן פון די צענטראַלע ייִדישע ביוראָען בא די פאָלקקאָמיסאַריאַטן פאַר בילדונג פון ר.ס.פ.ר., או.ס.ר.ר. און וו.ס.ר.ר. — מאָסקווע. צענטראַלער פאַרלאַג פאַר די פעלקער פון פ.ס.ר.ר.

(№№ 1—8, 1924, 1—2 1925)

---

ס'איז געווען אַ צייט און זי איז ניט גאָר ווייט — אַז סאַי דער לעזער און סאַי דער לערער, דער פּראַקטיקער, האָבן באַטראַכט אַ ייִדישן זשורנאַל, ווי אַן אָרגאַן, וועלכער באַהאַנדלט אויסשליסלעך די אַזוי גערופענע „ספּעציפישע“... אַנגעווייטאָקטע“ פּראָבלעמען פון ייִדישן שוללעבן און שולבויען, און אַלס אַזעלכער איז ער געווען אַ מין צוגאָב צו אַן אַלגעמיינעם פּעדאַגאָגישן זשורנאַל: פאַר דעם

יִדִישן לערער פֿלעגט דינען דער יִדִישער זשורנאַל מערסטנטיילס נאָר צוליִב אינ־פֿאָרמאַציעצילן, קעדיי צו וויסן, וואָס טוט זיך „בא אונדז“, אין אונדזער ווינקל, און ניט פֿאַר טאָגטעגלעכער אַרבעט.

די באַדינגונגען, בא וועלכע ס׳אַנטוויקלט זיך די יִדִישע שול אין ראַטנ־פֿאַרבאַנד און די הויך, אַף וועלכער ס׳געפֿינט זיך דער פעדאַגאָגישער געדאַנק אין זייַנע באַזונדערע פּראָבלעמען, וועלכע שטעלן מיט זיך פֿאָר אַן אָרגאַנישן טייל אין דער גאַנצער סיסטעם פֿון מעלוכעבויִונג—האָבן גרינטלעך געענדערט און געשאַפֿן אַ נייַע פֿאָדערונג צו אַ יִדישן פעדאַגאָגישן זשורנאַל.

די יִדישע שול איז געוואָרן אַ מאַסנשול, דער יִדישער לערער אַ מאַסנ־לערער און אין דערזעלבער צייט אַ געזעלשאַפֿטלעכער טוער אין שטעטל און אין דאָרף; דער פעדאַגאָגישער זשורנאַל האָט דעריִבער געמוזט ווערן אַ שטענדיקער אינסטרומענט, וועלכן דער לערער זאָל קאָנען אויסניצן אין זיין טאָגטעגלעכער אַרבעט און, ניצנדיק אים, גיין פֿאָרויס. און די יִדישע לערערשאַפֿט האָט די לעצטע יאָרן, ניט קענענדיק מער באַנוגענען זיך מיט פֿאַרשיידענע „בלעטלעך“, „ביולע־טענס“ און אַנדערע אָפֿיציעלע און האַלבאָפֿיציעלע אויסגאַבן, געוואַרט מיט אומ־געדולד אַף אַ פעדאַגאָגישן זשורנאַל, וועלכער זאָל אַנטשפּרעכן דעם וווּקס—סאַי אין קאַמוס, סאַי אין אייכוס פֿון לערער. איבערהויפּט האָט זיך דאָס אָנגעהויבן פֿילן די לעצטע צוויי יאָר, ווען די נייַע מעטאָדן פֿון שולאַרבעט האָבן אָנגעהויבן פֿון די פּרווושולן אַרייַנדרינגען אין דער מאַסנשול, און דער יִדישער לערער, אָננעמענדיק זיי אין פּרינציפּ, האָט ניט געהאַט אַף וואָס צו שטיצן זיך אין זיין פּראַקטיק.

דאָס האָט פֿאַרשטאַנען דער „אַף די וועגן צו דער נייַער שול“. אָנהויבנדיק צו דערשיינען נאָך אין יאַנוואַר פֿון 1924-טן יאָר, האָט ער שוין ניט געדאַרפֿט פֿאַרנעמען זיך מיט אַגיטאַציע פֿאַר דער נייַער שול, מיט דערווייַזן די מאַילעס פֿון די נייַע פעדאַגאָגישע מעטאָדן און די כעסרוינעס פֿון די אַלטע — מיט איין וואָרט, אים איז געווען פֿאַרשפּאָרט דורכמאַכן דעם וועג פֿון זיין רוסישן ברודער מיטן זעלבן נאָמען („На путях к новой школе“). דער לערער פֿון דער יִדישער שול איז געווען פריי—אָדער אַלנפֿאַלס גיך באַפֿרייט זיך פֿון די קאָנסער־וואַטיווע טראַדיציעס און האָט זיך שוין אין דעם ניט גענויטיקט. דער זשורנאַל האָט דעריִבער גלייך „גענומען דעם אָקס פֿאַר די הערנער“ און אַוועקגעשטעלט דעם לערער אַף דעם נייַעם וועג.

דעם וויכטיקסטן אָרט אין זשורנאַל פֿאַרנעמען די „אַלגעמיינע אָפּטיילונג“ און „פעדאַגאָגישע דערפֿאַרונג“, די ערשטע אַ טעאָרעטישע, די צווייטע—אַ פּראַק־טישע און דערגאַנצן איינע די צווייטע. די פֿראַגן פֿון דער איצטיקער פעדאַגאָגיק זייַנען באַהאַנדלט געוואָרן מיט דער געהעריקער ערנסקייט און טיפֿקייט (די אַרטיקלען פֿון כ׳ שולמאַן, די זייער אינטערעסאַנטע פֿאָרשונג פֿון כ״כ בערנשטיין און העלמאַנד—„סאָציאַלע פֿאָרשטעלונגען בא הייַנטיקע יִדישע קינדער“, די דיסקוסיע איבער די פֿראַגן פֿון געזעלשאַפֿטקענטעניש און שולאַרטיקלען פֿון כ״כ גאָרדען, ריווקעס יאַכינסאָן א. א.). די „פעדאַגאָגישע דערפֿאַרונג“ ווערט רייַכער אין יעדן נומער אַף וויפֿל עס וואַקסט די פּראַקטיק פֿון דער שולאַרבעט אַף די ערטער. כאָטש די איבערגערמאָנטע אָפּטיילונגען ווערט פֿון צייט צו צייט געווידמעט אַ „גאַנג“ אַר־טיקלען פֿאַר ספּעציעלע פֿראַגן.

דער נומ. 8 איז אינגאַנצן פֿאַרנומען מיט אַ גענויעם באַריכט וועגן ערשטן אַלפֿאַרבאַנדיש, יִדישן קולטורצוזאַמענפֿאָר.

אין נומ. 1 פֿון 1925-טן יאָר געפֿינען מיר אַ ריי אַרטיקלען וועגן פּאָליט־אויפֿקלערונגאַרבעט, „פּיאָנערעלטסטער“; מע דאַרף רעכענען, אַז די לעצטע וועט ווערן אַ שטענדיקע אָפּטיילונג אין זשורנאַל, נעמענדיק אין אַכט, אַז די פּיאָנער־באַוועגונג ווערט אַלץ ענגער פֿאַרבונדן מיט דעם לערער און דער שולאַרבעט.

אַף וויפֿל דער זשורנאַל האָט אין אַלגעמיין אָנגענומען אַ ריכטיקע ליניע און שטרעבט אין איינער און דערזעלבער צייט צו פֿאַרענטפֿערן אי די אַלגעמיינע פעדאַגאָגישע פּראָבלעמען, אי די פּראָבלעמען פֿון טאָגטעגלעכער פּראַקטיק, מוזן אָנ־געמערקט ווערן איניקע כעסרוינעס, וועלכע דאַרפֿן און קאָנען באַזייטיקט ווערן.

ס׳פֿילט זיך נאָך ניט די געהעריקע פֿאַרבינדונג צווישן זשורנאַל און די ערטער. איניקע ראַיאָנען פֿון אונדזער פֿאַרבאַנד זייַנען פֿאַרבונדן שטאַרקער, די אַנדערע שוואַכער. די „פעדאַגאָגישע דערפֿאַרונג“ שטיצט זיך פֿאַרלויפֿיק אַף איניקע אַנ־שטאַלטן (מאַלאַכאָווקע, איניקע בעסער אַוועקגעשטעלטע קינדערהיימען אַף אוק־ראַינע א. א.), וועלכע זייַנען ניט אַלע מאָל כאַראַקטעריסטיש פֿאַר אונדזער שול־וועזן אין שטאָט און איבערהויפּט אין שטעטל.

ס׳האָט נאָך אינגאַנצן ניט געפֿונען קיין שום אָפּקלאַנג אין זשורנאַל די אַרבעט פֿון די פּערטעכניקומס. די לעצטע פֿאַרנעמען שוין איצט אַ גרויסן אָרט אין אונדזער שולסיסטעם, גרייטן צו דעם נייַעם לערער—און וועגן זיי, אַ כוץ אַ פּאָר נאָטיצן, איז ניטאָ קיין איין וואָרט, קיין איין אַרטיקל. דאָסזעלבע איז אויך בע־נוגייע צו אונדזערע העכערע לעראַנשטאַלטן (די יידסעקציעס אין פֿאַרשיידענע הויכשולן), וועלכע דאַרפֿן ענגער פֿאַרבונדן ווערן מיטן מאַסנלערער.

אין אָפּטייל „ביבליאָגראַפֿיע“ מוז אָפּגעגעבן ווערן אַ גרעסערער אָרט דער רוסישער פעדאַגאָגישער ליטעראַטור און אויך דער אויסלענדישער. אונדזער יִדישער לערער, איבערהויפּט דער שטעטלדיקער, האָט ניט די מעגלעכקייט גלייך צו באַ־קאָנען זיך מיט דער פעדאַגאָגישער ליטעראַטור, מיט וועלכער עס צייכנט זיך אויס אונדזער פֿאַרבאַנד, און ס׳איז דעריִבער נייטיק צו געבן ניט נאָר ביבליאָגראַפֿישע נאָטיצן, נאָר אויך פֿון צייט צו צייט גענויע אָנווייזונגען וועגן ביכער אַף פֿאַר־שיידענע געביטן ווי אַזוי אויסניצן זיי פֿאַר זיך און פֿאַר דער שול.

צום סאָף מוז אָנגעמערקט געוואָרן. דער זשורנאַל גייט אַרויס ניט רעגל־מעסיק. אין משך פֿון 1924-טן יאָר — 8 נומערן (פֿון זיי צוויי—צווייענדיקע), אין 1925-טן יאָר — צוויי נומערן. דאָס איז געוויס איינע פֿון די סיבעס, צוליב וועלכער דער לערער ווערט אָפּגעוואָינט פֿון זיין זשורנאַל און דער לעצטער הערט אויף צו ווערן בא אים אַ „בענבאַיִס“. בא דעם שנעלן אַנטוויקלונגטעמפּ פֿון אונדזער פעדאַגאָגישן געדאַנק ברענגט דאָס צו דעם, אַז פֿיל פּראָבלעמען ווערן אָדער אינ־גאַנצן פֿאַרשוויגן, אָדער באַהאַנדלען זיך מיט אַ פֿאַרשפּעטיקונג. אַזוי, לעמאָשל, די פּראָבלעם פֿון „אָפּנייג“ אין אונדזער מאַסנשול, איבערהויפּט די שטעטלדיקע, וועלכע איז בא איצטיקן מאָמענט איינע פֿון די סאַמע שאַרפֿסטע און האַרבסטע צווישן די פּראָבלעמען פֿון פעדאַגאָגישער פּאָליטיק, האָט זיך נאָך אַף די שפּאַלטן פֿון זשורנאַל קימאַט ניט באַהאַנדלט. (טיילווייז אין די אַרטיקלען פֿון כ״כ שאַצקי און שולמאַן). דער זשורנאַל מוז דערשייַנען רעגולער. און נאָר דאַן וועט ער אויספֿילן די ראָל, וועלכע ער איז באַרופֿן צו שפּילן פֿאַר דעם יִדישן לערער אין מאָמענט פֿון איבער־בויען די שול.

אל. ה—און.

# — כראָניק. —

## קולטור.

— אף דער לעצטער זיצונג פֿון ווייסרוסלענדישן ראטפֿאָלקאָם איז באַשלאָסן געוואָרן: אנערקענענדיק די וויכטיקייט פֿון דער אַרבעט פֿון „אינווייסקולט“, אריסטיילן אים פֿון פֿאָלקאָמבילד אין אַן אומאָפּהענגיקן זעלבסטשטענדיקן אנשטאלט באם ווייסרוסישן ראָטפֿאָלקאָם.

— די ייִדאָפּטיילונג באם ווייסרוסלענדישן מוזיי האָט צונויפֿגעזאמלט אַ אינטערעסאנטע קאָלעקציע פֿון בילדער, צייכענונגען פֿון פֿארבליבענע ביז איצט אין ווייסרוסלאנד דענקמאָלן פֿון דער ייִדישער קונסט.

— אין „אינווייסקולט“ זיינען דערהאלטן געוואָרן פֿון בערדיטשעווער זיכרוינעס וועגן שאָלעמאָליינכעמען פֿון זיין ברודער וואלף ראַבינאָוויטש. כוצדעם זיינען דערהאלטן געווארן בריוו פֿון שאָלעמאָלייכעמען צו זיין ברודער.

— פֿון 9—11 פֿעווראל איז אין מינסק פֿאָרגעקומען אַ בארעטונג פֿון די יידבילדאינספעקטאָרן פֿון ווייסרוסלאנד. עס זיינען געהאלטן געוואָרן פֿאָרטראָגן פֿון פֿארוו. פֿון יידביוראָ באם פֿאָלקאָמבילד כ׳ מאָק. אַ ריי באריכטן פֿון די ערטער. אין נאָמען פֿון „אינווייסקולט“ איז ארויסגעטראָטן דער כ׳ אלעקסאנדראָוו מיט אַ פֿאָרטראג „קאנטקענטעניש און די ייִדישע שול“. אינפֿאָרמאַציע וועגן דער אַרבעט פֿון „אינווייסקולט“ האָט געגעבן כ׳ אָרשאנסקי.

— די צ.י.ב.ב. באם פֿאָלקאָמבילד פֿון אוקראינע איז צוגעטראטן צו דער אַרבעט פֿון דעם אקאדעמישן ווערטערבוך אָף פובליציסטיק. אין דער ערשטער ריי טרעט מען צו צו אַרבעטן אָף אָריגינעלע ווערק (ניגער, באלמאכשאָוועץ, זשיטלאָווסקי און אנד.) די אַרבעט ווערט געפֿירט אין קאָנטאקט מיטן ייִדאָפּטייל באם „אינווייסקולט“.

— דעם 7-טן פֿעוראל האט זיך באם „אינווייסקולט“ געעפֿנט דער 2-טער צוזאמענפֿאָר פֿון קאָנטקענטעניש. עס זיינען זיך צונויפֿגעפֿאָרן 200 דעלעגאטן.

— עס האָבן זיך געעפֿנט ייִדישע גערינכטקא ערן: אין ניקאָלאַיעוו, כערסאָן, מערושיבאָוו (פּראָסקוראָווער קרייז), מאָזיר, און אין נעוועל (פּסקאָווער גוב.)

— אין בערדיטשעוו האָט זיך געעפֿנט דער ערשטער ייִדישער מיליציי-צירקל.

— אף דער לעצטער זיצונג פֿון פּרעזידיום פֿון צ.א.ק. (אוקראינע) איז באטראכט און באַשטעטיקט געוואָרן די רעשימע פֿון נייע 71 שטאָטישע אין 202 יישעווידיקע ראטן, וואס די א״מ. טעריטאָריעלע קאָמיסיע האָט אויסגעאַרבעט. צווישן די נייע ראטן געפֿינען זיך אויך 49 ייִדישע ראטן.

— אין ווייסרוסלאנד האט זיך געענדיקט די אָרגאַניזירונג פֿון נייע 30 נאַציאָנאַלע ראָטן. מיט זיי וועט אין ווייסרוסלאנד זיין סאַכאַקל 51 נאציאָנאלע ראטן, וועלכע וועלן באדינען העכער 150 טויזנט מאן פֿון די נאציאָנאלע מינדערהייטן.

— דער ייִדאָפּטייל באם „אינווייסקולט“ האָט באקומען די קארעספּאָנדענץ פֿון שאָלעמאָלייכעמען צו זיין ערשטער פרוי. די בריוו האָבן אַ גרויסן ווערט אף צו דערלערנען די ביאָגראַפֿיע פֿון שאָלעמאָלייכעמען.

— דער „אינווייסקולט“ האָט קאָמאַנדירט קיין מאָסקווע דעם פּראָפ. דאָווגנאר-זאַפּאָלסקי און דעם כ׳ מעלעשקאָ אָף פֿירן אונטערהאנדלונגען, וועגן אומקער די ווייסרוסלענדישע ארכיוופֿאָנדן.

— אין לענינגראדער פֿאָלקהויז איז פֿאָרגעקומען אַן אַלשטאָטישער זיצונג-מיטינג, געווידמעט דעם הונדערטסטן יאָרטאָג, זינט עס איז געבוירן געוואָרן סאַלטיקאָוו-שטשעדרין.

— האַיאָר האָבן זיך געעפֿנט אף אוקראינע העכער הונדערט שולן פֿון סאָציאַלער דערציִונג פֿאַר ייִדישע קינדער, איבערהויפּט אין די געווענע קיעווער און אָדעסער גובערניעס.

— האַיאָר וועלן אָנגענומען ווערן אין די אינדערפֿריאיקע און אָוונטיקע אַרבפֿאַקן 12 טויזנט מאַן.

— אין מאַרט עפֿנט זיך אין מאָסקווע אַן אַלווייסרוסלענדישע אויסשטעלונג פֿון קינדערשער שאפונג, וועלכע ס׳אָרגאַניזירט דער ראט פֿון קינסטלערישער דערציִונג באָם פֿאָלקאָמבילד. אף דער אויסשטעלונג וועלן זיך געפֿינען עקספּאָנאַטן פֿון קינדער אין עלטער פֿון 4—16 יאָר פֿון פֿאַרשיידענע גובערניעס פֿון רספֿסר.

— אין קיעוו איז פֿאָרגעקומען די פייערלעכע עפֿענונג פֿונם ייִדישן פֿאַקולטעט באם אינסטיטוט פֿון פֿאָלקבילדונג.

— כ׳ ל. ד. טראָצקי האָט מאָסקים געווען אַרבעטן אין דעם מעלוכישן אינסטיטוט פֿון זשורנאליסטיק אלס לעקטאָר איבער ספּעציעלע זשורנאליסטישע דיסציפּלינען.

— די קאָמוניסטישע אקאדעמיע איז צוגעטראָטן צו ארויסלאָזן די „גרויסע סאָוועטישע ענציקלאָפּעדיע“. דער ערשטער באַנד פֿון דער ענציקלאָפּעדיע איז שוין דערשינען. דאָס ארויסלאָזן פֿון דער ענציקלאָפּעדיע איז אַ געשעעניש פֿון אַן אומגעהויערער געזעלשאַפֿטלעכער און פּאָליטישער באַדייטונג.

— דער באוווסטער גרוזינישער קינסטלער שעמאַרנאַדזע האָט אויסגעאַרבעט אַ נייעם פֿאריינפאכטן גרוזינישן שריפֿט. דער ראַטפֿאָלקאָם פֿון גרוזיע האָט באַשלאָסן טייקעף אָנצוהייבן דורכפֿירן דעם שריפֿט אין לעבן. אַלע הויצאָעס, וואָס דידאָזיקע רעפֿאָרם וועט פֿאָדערן, זיינען איינגעשלאָסן געוואָרן אין מעלוכעבודזשעט. דער נייער שריפֿט גיט אין פארגלייך מיטן אלטן אַן עקאָנאָמיע אָף די דרוקרייהויצאָעס ניט ווייניקער פֿון 20 פּראָצ.

— דעם 20-טן מארט ווערט צונויפֿגערופֿן אין מאָסקווע אַ קאָנפערענץ פֿון ייִדישע טוער פֿון סאָציאַלער דערציִונג, מיטן ציל צו באַקאָנען זיי מיט נייע פּראָגן פֿון פּראָגראם-מעטאָדישן כאראַקטער.

— די פֿאַרוואַלטונג פֿון ווייסרוסישן מעלוכאַוניווערסיטעט האָט באַשלאָסן איבערפֿירן אָף ייִדיש די מעטאָדיק פֿון נאַטורוויסנשאַפֿט און מעטאָדיק פֿון פֿיזיק. אַזוי אַרום וועלן אַלע אָפּטיילונגען פֿון פעדפֿאַק — די היסטאָריש-עקאָנאָמישע, ליטעראַריש-לינגוויסטישע, פֿיזיש-מאַטעמאַטישע און נאַטורוויסנשאַפֿטלעכע — אין אַ גרעסערער אָדער קלענערער מאָס איבערגיין אָף ייִדיש.

— דעם 12-טן מארט וועט אין פּאָלטאַווע געעפֿנט ווערן אַ דענקמאָל דעם אוקראַינישן פּאָעט שעווטשענקען.

— אין לענינגראָדער מוזיי פֿון דער רעוואָלוציע איז אַנטדעקט געוואָרן אַ סקולפּטור, וועלכע געהערט צו דער צייט פֿון דער גרויסער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע. אַ גרויסן אינטערעס שטעלן מיט זיך פֿאָר די סטאַטועטקעס און פֿיגורן פֿון די וואָלאָנטיאָרן און סאָלדאָטן, וועלכע זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן אין 1792-טן יאָר.

— אין בערשאָר (טולטשינער קרייז) איז פֿאָרגעקומען די פייערלעכע דערעפֿענונג פֿונם ערשטן ייִדישן שטאָטראָט אָף אוקראינע.

— דער מאָסקווער קינסטלער פּטשעלין האָט פֿאַרענדיקט אַ גרויס בילד (אַרום 15 קוואַדראַטאַרשין) „דער אַטענטאַט אָף לענינען“. דאָס בילד איז געשריבן געוואָרן אויפֿן סמך פֿון דאָקומענטאַלע ידיעות נאָכן אויספֿרעגן די אידעס פֿונם אַטענטאַט. די כ״כ לונאַטשאַרסקי און סעמאַשקאָ האָבן זיך גוט אָפּגערופֿן וועגן דעמדאָזיקן בילד.

— באָם ווייסרוסלענדישן מוזיקאַלישן טעכניקום ווערט אָרגאַניזירט אַן אָפּערע אָף דער ווייסרוסישער שפּראַך. אין דער אָפּערע נעמען אָנטייל די לעקטאָרן און צוהערער פֿון מוזיקאַלישן טעכניקום. מע רעכנט, אַז צו מאַי כוידעש זאָל די אָפּערע אופֿירן אירע ערשטע פֿאָרשטעלונגען.

— צום 50 יאָריקן יובילײ פֿון ייִדישן טעאַטער גרייט דער ייִדישער מעלוכעטעאַטער אין כאַרקאָוו אַ פּיעסע צונויפֿגעשטעלט פֿון גאָלדפֿאַדנס פֿאַרשיידענע אָפּערעטעס. אין גרונט ווערט געלייגט די אָפּערעטע „צווײ קונילעמלס“.

— אין מעשעך פֿונם 1926 וועט די וויסנשאַפֿטאַקאַדעמיע שיקן אין פֿאַרשיידענע ראַיאָנען פֿון ר.ס.פֿ.ס.ר. 40 עקספּעדיציעס, אין וועלכע עס וועלן זיין פֿאַרנומען 550 וויסנשאַפֿטטוער.

— די אוקראַינישע „הויפּטוויסן“ (ГЛАВНАУК) האָט אָנערקענט פֿאַר נויטיק צו אָרגאַניזירן אין אָנהויב פֿון קומענדיקן לערניאָר באַ דער אוקראַינישער אַקאַדעמיע פֿון וויסנשאַפֿט אַ וויסנשאַפֿטלעך-אויספֿאָרשערישע קאַטעדרע פֿון דער ייִדישער קולטור. עס איז באַשלאָסן צו שטעלן פֿאַרן פֿאָלקאָמינערן די פּראַגע וועגן דערלויבן דאָס אַריינפֿאָרן אָף אוקראינע אויסלענדישע ייִדישע געלערנטע אָף דורכפֿירן די וויסנש.-אויספֿאָרשערישע אַרבעט.

— דער פֿאַרלאַג „קולטורליגע“ גרייט צום דרוק פֿאָלגנדיקע ביכער: סלוצקי. קאָזאַקעוויטש — פּאָליטישער הערטערבוך; איוואַנאָוו — געאָ-גראַפֿיע 2-טער טייל; טשעכאָוו — קאַשטאַנקע; קופּרין — ווייסער פּודעל; רייסנער — זיכרוינעס פֿון בירגערקריג; יאַכינסאָן, בורטיאַנסקי א. א. — אַרבעט-בוך אַף נאַטורוויסנשאַפֿט 2-טער טייל.

## ס'זיינען באַשטעלט:

שפּראַך, מישקאָווסקי, יודיצקי — פּאָליטאיזורע 2-טער טייל; ה. פּאָליאַק — פּעדאַגאָגישע כרעסטאָמאַטיע; ענגעלס — אָפּשטאַם פֿון פֿאַמיליע; קאַוטסקי: פֿאַר-מערונג אין דער נאַטור און אין דער געזעלשאַפֿט; ק. מאַרקס—18-טער ברומער: יאַכינסאָן — געשיכטע פֿון וואַינונגען; א. ספּיוואַק — א״ב 1-טער און 2-טער טיילן (נייע געענדערטע אויפֿלאַגע); א. כפּיוואַק—כרעסטאָמאַטיע פֿאַרן 2-טן לערניאָר (נייע געענדערטע אויפֿלאַגע); א. ספּיוואַק — כרעסטאָמאַטיע פֿאַרן 3-טן לערניאָר (נייע געענדערטע אויפֿלאַגע); א. ספּיוואַק — גראַמאַטיק 2-טער טייל; לוריע, רעזניק נוסינאָוו — ליטעראַרישע כרעסטאָמאַטיע.

רעזניק — קאָמפּלעקסן;

גאָרקי — טונעל.

אַרעשין — אַ מענטש אַף דער קריע.

וואָלקנשטיין — דערציילונגען.

קוויטקאָ — קינדערמאַיסעלעך.

קוויטקאָ — דערציילונגען.

אויסער דעם איז דורכן פֿאַרלאַג „קולטורליגע“ אָנגעמערקט צום דרוקן אַ גאַנצע ריי אַנדערע ביכער—פּאָליטיש-געזעלשאַפֿטלעכע, לערנביכער, פּעדאַגאָגישע, פּאָפּולער-וויסנשאַפֿטלעכע, פּיאָנערישע ליטעראַטור, ליטעראַטור פֿאַר קאָמיוג, בעלעטריסטיק א. א. — סאַכאַקל באַטרעפֿט דער פֿאַרלעגערישער פּלאַן פֿון „קולטורליגע“ אַפֿן 1925-26 יאָר אַריבער 800 דרוקבויגן.

## ליטעראַטור.

— די מינסקער ליט. גרופּע „יונגער אַרבעטער“ האָט לעצטנס פֿאַרשטאַרקט איר פֿאַרבינדונג מיט דער פּראָווינץ (באָריסאָוו, מאָזיר, וויטעבסק א. א. וו.). אַ גאַנצע ריי ליטגרופּן האָבן זיך דערקלערט אַלס אָפּטיילונגען פֿון דער מינסקער ליטגרופּע. אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם איז אויפֿגעשטעלט געוואָרן די פֿראַגע וועגן אָרגאַניזירן אַן אַלווייסרוסלענדישע אַסאָציאַציע פֿון פּראָלעטאַרישע שרייבער און דיכטער.

— די יידישע „פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור פֿונם סאָוועטנפֿאַרבאַנד (ייד-סעקציע פֿון „וואָפּפּ“) האָט באַקומען אַ פֿאַרשטייערשאַפֿט אין אינטערנאַציאָנאַלן ביוראָ פֿון פּראָלעטאַרישע שרייבער (מאָסקווע).

— עס איז דערשינען נומער 1—2 „רויטע וועלט“ מיט פֿאָלגנדיקן אינהאַלט: ה. לייוויק—גירער. ע. פֿינינבערג—גאַלאָפּ. ל. קוויטקאָ — פֿון בוך „יונגע לייעס“. ש. גאָדינער — פֿון „מענטש מיט דער ביקס“, א. קושנירעָוו — לידער. נ. לוריע — דער „כוטאָרמענטש“. מ. כאַשטשעוואַצקי — „היים“. נ. לוצקער ** ש. פּערסאָוו — אָהין, א. קאַהאַן — באַם שוואַרצן שליאַך. ש. קראַמער — אַפֿן 6-טן יאָר פֿון נעפּ. ראַוויטש-טשערקאַסקי — פֿון כאַלוימעס צו ווירקלעכקייט. א. יודיצקי — די יידישע אַרבעטערבאַוועגונג אַף אוקראַינע. פּ. שפּראַך — דער 14-טער פּאַרטייצוזאַמענפֿאָר. י. קאַנטאָר — די ראַטנבויונג אין דער יידישער סוויווע. ב. קאַהאַן — זיכרוינעס פֿונם 5-טן יאָר. א. זאַרעצקי — רעפֿאָרם פֿונם יידישן אויסלייג. י. נוסינאָוו — בריוו וועגן ליטעראַטור. נ. אויסלענדער—מ. כאַשטשעוואַצקי. י. ב. ריבאַק — רעפּראָדוקציעס. ל. ע. — י. ב. ריבאַק. ביבליאָגראַפֿיע.

— אין מאָסקווע איז פֿאָרגעקומען אַן אַלגעמיינע פֿאַרזאַמלונג פֿונם אַל-רוסלענדישן שרייבערפֿאַריין. אַלס פֿאָרזיצער פֿון דער פֿאַרזאַמלונג פֿונם שרייבער-פֿאַריין איז אויסגעוויילט געוואָרן וו. ווערעסאַיעוו. עס איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ פֿאַרוואַלטונג פֿונם פֿאַריין אין באַשטאַנד פֿון וו. ווערעסאַיעוו. ע. זאַזוליאַ, מ. געראַסימאָוו, וו. קירילאָוו, וו. לוואָוו-ראָגאַטשעווסקי, וו. לידין, א. נאָוויקאָוו-פּריבאָי, אי. נאָוויקאָוו, א. סווירסקי, א. סאָבאָל, א. סאָבאָלעוו, און א. עפֿראָס.

# טעאַטער און קינאָ.

— דער רעזשיסאָר און קינסטלערישער אָנפֿירער פֿון מעלוכישן יידישן טעאַטער כ׳ א. מ. גראַנאָווסקי און דער באַרימטער אַרטיסט פֿון מלוכישן יידישן טעאַטער כ׳ ס. מ. מיכאָעלס (וואָפּסי), האָבן באַקומען דעם טיטל פֿון פֿאַרדינסט-פֿולע אַרטיסטן פֿון מעלוכישע אַקאַדעמישע טעאַטערן.

— פּראָלעטקינאָ לאָזט אַרויס אַ נייע פֿילם „דער בלוטיקער מאַבל“ לויט שאָלעמאַלייכעמס ראָמאַן „דער מאַבל“, וועלכער שילדערט דעם גוירל פֿון די יידן אין פּעריאָד פֿון צאַריזם און די געשעענישן פֿון דער רעוואָלוציע אין 1905 יאָר.

— דער קאָמפּאָזיטאָר מילנער האָט אָנגעשריבן ספּעציעלע מוזיק פֿאַר דער פֿילם „מאַבל“. די קאָמפּאָזיציע איז צונויפֿגעשטעלט פֿון קליינשטעטלדיקע מאָטיוון. די אויפֿשריפֿטן האָט צונויפֿגעשטעלט אַנדריי סאָבאָל.

— די ערשטע קינאָפֿאַבריק „וווּקפֿו“ איז צוגעטראָטן צו שטעלן פֿאָלגנדיקע בילדער: „האַמבורג“ (די רויטע ברידעראייניקונג). עס איז פֿאַרענדיקט „אין די נעגל פֿון דער סאָוועטנמאַכט“ — שילדערט אַ רוסישן פֿאַבריקאַנט, וואָס איז פּלוצים פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿון דער אָקטיאַבררעוואָלוציע.

מעזשראַבפּאָם-רוס האָט פֿאַרענדיקט אַ בילד. „וואָס גיט דער פּראָפֿאַריין דעם אַרבעטער“ און אַ פֿילם — „כימיקער“.

— די ערשטע מעלוכע-קינאָ-פֿאַבריק האָט אַרויסגעלאָזט אַ ניי בילד „דער פּאַנצערשיף פּאָטיאָמקין“. וואָס האָט געמאַכט אַ גרויסן רוישעם.

— די אַלאוקראַינישע קינאָפֿאַרוואַלטונג האָט געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיטן רעזשיסאָר פֿון מאָסקווער ייד. מעלוכעטעאַטער אַל. גראַנאָווסקי און מיטן יידישן קינסטלער נ. אַלטמאַן וועגן שאַפֿן אַ יידיש קינאָבילד. דעם סצענאַריע וועט אָנשרייבן דער באַוווסטער שרייבער באַבעל.

— אַף דער ערשטער קינאָפֿאַבריק פֿון „וווּפֿקו“ ווערט פֿאַרענדיקט אַ היסטאָריש בילד אין צוויי סעריעס „טאַראַס שעווטשענקאָ“ לויטן סצענאַרי פֿון פּאַנטשענקאָ.

אין לענינגראַד גרייט מען איצט אַ ריי קינאָבילדער, געווידמעט די געשעענישן פֿון 1905 יאָר. אין איין בילד, וואָס רעפּראָדוצירט די געשעענישן פֿונם 9-טן יאַנואַר, באַווייזט זיך ניקאָלאַי II. זיין ראָלע שפּילט יעוודאָקימאָוו, וועלכער איז אויגאַנצן ענלעך אַף ניקאָלאַיען. יעוודאָקימאָוו איז אַ פֿאַרוואַלטער פֿון אַ לענינגראַדער ברויטבעקעריי, אין קיינמאָל קיין אַקטיאָר ניט געווען און שפּילט לאַכלוטן אָן גרים, און טאַקע שלעכט. נאָך פֿאַרן אָלטן רעזשים האָט מען באַמערקט זיין גוואַלדיקע ענלעכקייט אַפֿן קייסער און פּאָליציי האָט אים פֿאַרווערט טראָגן אַ באָרד. נאָך בעסער שפּילן די מיניסטאָרן, גענעראַלן א. א. וו. וועלכע זיינען דורך דער קינאָפֿאַבריק ווערבירט געוואָרן פֿון געוועזענע הויכגעשטעלטע באַאַמטע אין מעשעך פֿון אַ כווירעס צייט. איינגלעך, דאַרפֿן זיי ניט שפּילן. גענוג, אַז זיי גייען אום, ריידן און האַלטן זיך, ווי ביז דער רעוואָלוציע. פּלעווע ראָלע שפּילט אַ מענטש, וואָס איז אַ מאָל געווען מיט פּלעווען נאָענט באַקאַנט. פֿאַר דער מערהייט פֿון די אַלע „בעקאָוועדיקע“ סטאַטיסטן איז דאָס דער ערשטער פֿאַרדינסט פֿאַר די 8 יאָר רעוואָלוציע.

— אין לעמבערג האָט זיך צוליב שווערן עקאָנאָמישן קריזיס פֿאַרמאַכט גימפּלס יידיש טעאַטער, וואָס האָט עקזיסטירט איבער פֿערציק יאָר. דאָס איז געווען דער עלטסטער יידישער טעאַטער אין פּוילן.

— דער מאָסקווער מעלוכישער יידישער טעאַטער גרייט 2 נייע זאַכן: 1) „כאַווער שינדל“—פּיעסע פֿון א. וועוויאָרקע שטעלונג פֿון גראַנאָווסקי. מוזיק פֿון פּולווער, קינסטלער-אַלטמאַן. די פּיעסע וועט גיין צום ערשטן מאָל אין מאַרט. ה. י. 2) „דער בורזשואַ אַלס אדלמאַן“ — פֿון מאָליער, באַאַרבעט דורך גראַנאָווסקי. מוזיק פֿון אַל. קריין. קינסטלער ראַבינאָוויטש. דער טעאַטער לאָזט אַרויס אַף יידיש און רוסיש אַ בוך: „די פּרעסע וועגן דעם מאָסקווער מעלוכישן יידישן טעאַטער“. צום 50 יאָריקן יובליי פֿונם יידישן טעאַטער אין רו לאַנד גרייט דער טעאַטער צו אַ פֿייערלעכן ספּעקטאַקל.

— אַף דער לעצטער זיצונג פֿון דער טעאַטער-קאָמיסיע באַם יידאָפּטייל פֿון „אינוויסקולט“ איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז אַלע צענטראַלע אַנשטאַלטן זאָלן נעמען אַן אָנטייל אין דער פֿייערונג פֿון 50 יאָריקן יובליי פֿון יידישן טעאַטער. אין

דער צייט, ווען די פֿייערונג וועט פֿאָרקומען אין מינסק, וועט גלייכצייטיק געפֿייערט ווערן דער יובילײ אין דער פּראָווינץ.

— צאָפּנמאַירעווו-קינאָ האָט באַקומען אַ פֿאָרשלאָג פֿון דער אַמעריקאַנישער קינאָפֿירמע „אַטלאַנטיק“ צו פֿאַרקויפֿן אַמעריקע די פֿילמע „פּאַלאַץ און פֿעסטונג“ פֿאַר 50 טויזנט דאָלאַר.

— די באַוווּסטע יידישע אַרטיסטן קלאַרע יאַנג קומט ווידער צופֿאָרן אינגיכן פֿון אַמעריקע אין ראַטנפֿאַרבאַנד. פֿונם 15-טן אַפּרעל וועט זי אָנהויבן אירע גאַסטראָלן אינעם לאָקאַל פֿון דעם ווינטער-טעאַטער „אַקוואַריום“. קלאַרע יאַנג וועט ברענגען מיט זיך אַ נייעם רעפּערטואַר, מיט וועלכן זי וועט צום ערשטן מאָל אַרויסטרעטן אין פֿ.ס.ס.ר.

— פֿון מיטן פּעטוראַל האָט זיך אָנגעהויבן אויף דעם געוו. סענאַטספּלאַץ אין לענינגראַד אַ גראַנדיעזע פֿאָטאָגראַפֿירונג פֿון דער קינאָפֿילם „דעקאַבריסטן“. דער פּלאַץ פֿאַרמאָגט איצטער דעמזעלבן אויסזען, ווי ער האָט געהאַט דעם 14-טן דעקאַבר 1825-טן יאָר. אין דער פֿאָטאָגראַפֿירונג נעמען אָנטייל העכער 4000 מענטשן.

— די יידסעקציע פֿון קרייזפּאָליטבילד איז צוגעטראָטן צו אַ צוגרייטאַרבעט אויף עפֿענען אין קיעוו אַ יידישן מעלוכעטעאַטער. אַלס קינסטלערישער אָנפֿירער איז איינגעלאַדן געוואָרן דער כ. נאָרוויד.

— ד״ר שיפּער (וואַרשע) האָט פֿאַרענדיקט דעם דריטן באַנד פֿון זיין „געשיכטע פֿון יידישער טעאַטערקונסט און דראַמע“. דער דאָזיקער באַנד באַהאַנדלט די יידישע פֿאָלקמינהאָגים, אין מיטלאַלטער און זייערע סצעניש עלעמענטן, פּורים און כאַסענע מינהאָגים א. אַ. וו. אינעם ווערק ווערט אויך געגעבן די געשיכטע פֿון יידישע פֿאָלקטענץ און זייער סצענישער מאָמענט.

— אין לענינגראַד איז אָנגעקומען די דייטשישע קינאָאַרטיסטקע אַנעקאָוו, אַן אָריגינעל פֿון דער דעקאַבריסטקע פּאָלינע העבעל, אָנטייל צונעמען אין דער פֿילם „דעקאַבריסטן“ אין וועלכער זי וועט שפּילן די ראָלע פֿון איר עלטער-באָבען.

— דער קליינער פֿאָלקאָמראַט האָט באַשלאָסן צו געבן דעם פֿאַרדינטן אַרטיסט פֿון מאָסקווער קינסטלערישן אַקאַדעמישן טעאַטער דעם כ. א. מ. מאָסקווין דעם טיטל—פֿאָלק-אַרטיסט.

— אין וואַרשע האָט זיך געעפֿנט אַ יידישער טעאַטער פֿון הומאָר און סאַטירע—„אַזאָזעל“. דער רעפּערטואַר פֿון „אַזאָזעל“ באַשטייט פֿון קורצע אינסצענירונגען, (פּערעץ, שאָלעמאַליכעם א. אַ. וו.) און נומערן פֿון לייכטער מוזיק.

## פארשיידענע.

— אויפֿן ברעג פֿונם פֿינישן אויסגוס, אויפֿן אינדזל גאָלאָדאַי, ווערט אויפֿגעשטעלט אַ דענקמאָל — אָבעליסק די געקעפּטע דעקאַבריסטן. דער דענקמאָל איז פֿון רויטן גראַניט. אונטערן דענקמאָל ווערט איינגעאָרדנט אַ פּאַנטעאָן-מוזיי, וווּהין עס וועלן אַריבערגעטראָגן ווערן די ביינער פֿון די דעקאַבריסטן. אויפֿן שפּיץ פֿונם אָבעליסק, 23 מעטער די הויך, ווערט געשטעלט אַ לייכטטורעם אין דער פֿאָרם פֿון אַ רויטן שטערן, וועלכער ווערט באַלויכטן אין דער פֿינצטער דורך אַ שטאַרקן עלעקטרישן לאַמטערן. אויפֿן פּיעדעסטאַל געפֿינען זיך באַרעליעפֿן פֿון אַלע פֿינף געהאָנגענע דעקאַבריסטן. דער אָבעליסק איז דערזעלבער, וועלכער איז אין 1873-טן געשטעלט געוואָרן אַלעקסאַנדער דעם 1-טן.

— דעם 16-טן מאַרט האָט די אַלפֿאַרבאַנדישע געזעלשאַפֿט פֿאַר קולטורעלער פֿאַרבינדונג מיט אויסלאַנד איינגעאָרדנט אַן אָוונט געווידמעט דער קולטורעלער דערנעענטערונג מיט מעקסיקע. דעם אָוונט האָבן באַזוכט דער מעקסיקאַנער געזעלשאַפֿט אין פֿססר., כ׳ קאָמענעוו און אַנד

— דעם 19-טן מאַרט האָט זיך אין מאָסקווע אין קאָלאָנעזאַל פֿונם פֿאַריינען הויז געעפֿנט די 4-טע מאָסקווער גובערניאַלע קאָנפֿערענץ פֿון דער פּראָלעטאַרישער סטודענטנשאַפֿט. אין דער קאָנפֿערענץ נעמען אָנטייל 500 דעלעגאַטן, וועלכע שטעלן מיט זיך פֿאַר 45 טויזנט סטודענטן.

— אין מאָסקווע איז פֿאָרגעקומען די עפֿענונג פֿון דער 1-טער יידישער מעטאָדישער קאָנפֿערענץ, אויף וועלכער עס זיינען געקומען 40 דעלעגאַטן, ס׳ראָוו פֿון פֿאַרשיידענע פּונקטן פֿון פֿסס״ר. צווישן זיי פֿאָרשטייער פֿון אוקראַינע און ווייסרוסלאַנד.

— דעם 18-טן מאַרט האָט זיך אין מאָסקווע אין קלוב פֿון „פּראַוודע“ געעפֿנט דער פּלענום פֿון דער אינטערנאַציאָנאַלער ביוראָ פֿון פּראָלעטאַרישע שרייבער. אויפֿן פּלענום זיינען בייגעווען העכער הונדערט כאַווירים, בעסויכאָם אויך פֿאָרשטייער פֿון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור פֿון מאַירעוו און מיזרעך. די פֿאַרזאַמלטע האָבן באַערט דעם אָנדענק פֿונם אָקאָ׳שט פֿאַרשטאָרבענעם פּראָלעטאַרישן שרייבער כאַווער פֿורמאַנאָוו. אין נאָמען פֿון דער אַלפֿאַרבאַנדישער אַסאָציאַציע פֿון פּראָלעטאַרישע שרייבער (מאַפּפּ) און פֿון מאָסקווער אַסאָציאַציעס פֿון פּראָלעטאַרישע שרייבער (מאַפּפּ), האָט באַגריסט דעם פּלענום דעם כאַווער בערעזאָווסקי. אין נאָמען פֿון קאָמינטערן און פֿון פּראָלעטאַרישע שרייבער פֿון יאַפּאָניע האָט באַגריסט דער כ׳ קאַטאַיאַמאַ. די כ-טע קלאַרא צעטקין האָט צוליב איר שוואַכן געזונטשטאַנד ניט געקענט קומען און האָט צוגעשיקט אַ באַגריסונג-בריוו, אין וועלכן זי שטרייכט אונטער די קאָלאָסאַלע באַדייטונג פֿון קינסטלערישער ליטעראַטור אויפֿן געביט פֿון דערציִען און רעוואָלוציאָניזירן די ברייטע אַרבעטערמאַסן. פֿון די אונגאַרישע שרייבער האָט דעם פּלענום באַגריסט דער כאַווער באַרטאַ, פֿון די אַרמענישע — כאַווער וואַשטוני. פֿון דער יידישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור — כאַווער אָרשאַנסקי.

— אין מאָסקווע האָט זיך געעפֿנט די ערשטע קאָנפֿערענץ איבער פֿראַגן פֿון מוזיקאַלער פּאָליטאויפֿקלערערישער אַרבעט, די קאָנפֿערענץ איז דורכגעגאַנגען זייער לעבהאַפֿט. אויף דער טאָגאָרדענונג איז געשטאַנען אַ ריי טעמען, אין וועלכע עס זיינען שטאַרק פֿאַרינטערעסירט אַלע מוזיקאַנטן-געזעלשאַפֿטלער. דאָס זיינען טעמען וועגן שאַפֿן מאַסנמוזיק, באַזונדערס לידער, וועגן מוזיקאַלע אַרבעט אין די שטאָטישע און דאָרפֿישע קלובן, וועגן מוזיקאַלער דערציִונג פֿון קינדער, וועגן ראַדיאָקאָנצערטן א. אַ. וו.

— די אַקאַדעמיע פֿאַר וויסנשאַפֿט האָט באַקומען פֿון פֿראַנקרייך אַן איינלאַדונג צו נעמען אַן אָנטייל אין דער פֿייערונג פֿון 50-טן יאָרצייט פֿון זשאָרזש זאַנד. די פֿראַנצויזישע געזעלשאַפֿט פֿון ליטעראַטן האָט זיך געווענדעט אין דער אַקאַדעמיע פֿאַר וויסנשאַפֿט מיט אַ באַקאָשע צוצושטעלן די מאַטעריאַלן וועגן זשאָרזש זאַנד, וועלכע געפֿינען זיך אין די אַרכיוון פֿון דער אַקאַדעמיע פֿאַר וויסנשאַפֿט.

— די אַלפֿאַרבאַנדישע געזעלשאַפֿט פֿאַר קולטורעלע פֿאַרבינדונג מיט אויסלאַנד“, האָט פֿאַרן פֿאַרגאַנגענעם יאָר באַקומען פֿון אויסלאַנד 47.000 ביכער, וועלכע זיינען פֿאַרטיילט געוואָרן צווישן קולטורעלע אַנשטאַלטן און געלערנטע. קיין אויסלאַנד זיינען אַוועקגעשיקט געוואָרן 20.000 בענדער פֿון אונדזערע וויסנשאַפֿטלעכע אַנשטאַלטן.

## פֿון רעדאַקציע

מאַנוסקריפּטן ווערן צוריקגעשיקט נאָר דאַן, ווען דער אַוטאָר פֿאָדערט זיי אַרויס און שיקט צו די נויטיקע צאָל מאַרקעס.

די רעדאַקציע לאָזט זיך איבער דאָס רעכט צו פֿאַרקירצן און אויסבעסערן די מאַנוסקריפּטן, וואָס זי גיט אין זשורנאַל.

מאַנוסקריפּטן מוזן געשריבן ווערן קלאָר, דייטלעך און נאָר אויף איין זייט פֿון פּאַפּיר.

# דמ. א. פֿורמאַנאָוו.

צום שלוש פֿון נומער איז אָנגעקומען די טרויעריקע ידיעה, אַז ס'איז געשטאָרבן דמ. א. פֿורמאַנאָוו.

פֿון אונדזערע רייען איז אַרויסגעריסן געוואָרן אַ נאָענטער כאַווער, אַ האַרטער באָלשעוויק, אַ פֿלאַמיקער קעמפֿער און אַ טאַלענטפֿולער, פילצוזאָגנדיקער פּראָלעטאַרישער שרייבער.

ער איז געקומען אין דער ליטעראַטור גלייך פֿונם פֿראָנט און אין די פֿאַלדן פֿון זיין גרינער רויטאַרמעישער שינעל האָט ער געבראַכט מיט זיך יענעם זאַפֿטיר-פֿאַרשיקערנדיקן רייעך פֿון פּולווער, פֿון אָנגעגליטן שטאָל, פֿון אָרענבורגער און טורקעסטאַנער סטעפּישער ברייט, וואָס איז געוואָרן זיין צווייטער, זיין דיכטערישער אָרגאַנישער רייעך.

זיינע דערציילונגען פֿונם בירגערקריג—זיין „טשאַפּאַיעוו“, זיין „מיאַטעזש“ ווערן געלייענט פֿון הונדערטער טויזנטער אַרבעטער און פּויערים מיט דער גרעסטער שפּאַנונג. און סכאָלאַסטן-עסטעטיקער האָבן זיך געאַמפּערט און מעדאַקדעקט געווען: צי איז ער ראָע צו ווערן פֿאַררעכנט צווישן די 100 פּראָצ.-טיקע דיכטער, אָדער ער איז סטאַם אַ „קינסטלערישער כראָניקער“. בלינדע! זיי האָבן פֿאַרזעען דאָס וויכטיקסטע אין זיין דיכטערישקייט—זיין פלאַמיקן פּאַטאָס פֿון קאַמף, פֿון אָנגעגליטער, ביזן זידפּונקט רעוואָלוציע.

ער האָט פֿאַרמאָגט דאָס, וואָס פֿיל טאַלענטפֿולע דיכטער פֿעלט, וואָס פֿיל טאַלענטפֿולע דיכטער זוכן, מאַטערן זיך צו שאַפֿן דורך פֿאַרשיידענע קונצן—ער האָט געהאַט וואָס צו זאָגן און וועגן וואָס צו דערציילן.

ער—דער נאָענטסטער כאַווער און מיטקעמפֿער פֿון פֿרונזע, פֿון טשאַפּאַיעוון, ער—דער העלד פֿונם בירגערקריג, דער באָלשעוויק. דער מאַסנאָרגאַניזאַטאָר—האָט דאָך ניט באַדאַרפֿט אָנקומען צו יענעם אינטעליגענטיש-אַוואַנטוריסטישן אַקסעסואַר פֿון די פֿאַרשיידענע „ראָמאַנען פֿון בירגערקריג“, מיט וועלכע מיטלויפֿער האָבן אונדז ניט ווייניק געשטאָפּט פֿאַר די לעצטע יאָרן.

פֿורמאַנאָוו האָט ערשט דאָ ניט לאַנג אָנגעהויבן פֿאַנאַנדערוויקלען זיך אַלס דיכטער, ער פֿלעגט וואַקסן פֿון טאָג צו טאָג, ער וואָלט אָן שום ספֿק אויסגעוואַקסן אַלס איינער פֿון אונדזערע גרעסטע פּראָלעטאַרישע דיכטער, ער—דער העלדישער באָלשעוויק—האָט אָבער ניט געקענט באַקעמפֿן זיינע 40 גראַד היץ און—געפֿאַלן.

ער האָט דעם טויט ניט געזוכט. ער האָט געוואָלט לעבן, לעבן, לעבן, ווייל ער האָט געהאַט צו וואָס צו לעבן, און דעריבער זיינען אַזוי בעעמעס טיף-טראַגיש—בעעמעס אַלמענטשלעך, בעעמעס אייביק זיינע לעצטע ווערטער פֿאַרן טויט:

— „אומזיסט שטייט די וויסנשאַפֿט אָפּ פֿון דער נאַטור“...

ערע זיין אָנדענק!

